ש. ראָזענפעלד

# אידישע געשיכטע

(אין מאָנאָגראַפיעס)

ערשטער טייל

ארויסגעגעבן פון
„טאָג", ניו יאָרק
1927

# אינהאַלט:

# הקדמה

דאָס איז ניט די אידישע געשיכטע, אויסגענומען און אויסגעשעפּט אינגאַנצן. נאָר אידישע געשיכטע איז דאָס. איינציגע, באַזונדערע קאַפּיטלאַך פון דער אידישער געשיכטע. יעדער קאַפּיטל אַן אָבגעשלאָסענע זאַך — הגם בלויז אין אַלגעמיינע שטריכן. אָן דער שווערער משא פון בפרטות'דיגע פאַקטן און אָן בפרטות'דיגע דאַטן. קאַפּיטל צו קאַפּיטל איז ניט אייננ צוגעבונדן; פאַראַן צווישן זיי פּלאַץ פאַר גאַנצע קאַפּיטלאַך, וואָס זענען ניט געשריבן געוואָרן. נאָר געאָרדנט זענען זיי אַזוי, אַז פריער און שפּעטער זאָל ניט פאַרביטן ווערן.

דאָס אייגענע איז מיט די כאַראַקטעריסטיקעס פון די היסטאָרישע פּערזענלאַכקייטן, וואָס קומען דאָ. ווייט ניט אַלע אַזוינע פּערזענלאַכקייטן זענען דאָ כאַראַקטעריזירט. ניט אַלע, וואָס פון זיי איז דאָ די רייד, זענען תמיד געניגענד און אַלזייטיג געשילדערט. דער פּלאַץ — די טאָג-צייטונג, וואו זיי זיינען צוערשט געדרוקט געווען — און די פאָרם — א צייטונגס-אַרטיקל, ווי זיי זענען לכתחילה געשריבן געוואָרן — האָבן אָפּט געבראַכט דערצו.

און בנוגע דער אָרדנונג: נאָך יעדער אַרטיקל, וואָס באַהאַנדלט די געשיכטע פון אידן אין אַ באַשטימטן לאַנד, קומט די כאַראַקטעריסטיק פון אַ באַרימטער פּערזענלאַכקייט, — אָדער באַרימטע פּערזענלאַכקייטן, — וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין די דאָזיקע לענדער. אַזוי, למשל, נאָך דער געשיכטע פון די אידן אין דער געוועזענער רוימישער מלוכה, קומט די

כאַראַקטעריסטיק פונ׳ם באַרימטן אידישן דיכטער: „עמנואל הרומי“, הגם ער איז ניט פאַרבונדן מיט דער אַלטער רוימי־שער מ ל ו כ ה, נאָר מיט דער שטאָט רוים אין מיטל־אַלטער; נאָך דער געשיכטע פון די אידן אין ענגלאַנד — די כאַראַקטעריסטיק פון משה מאָנטיפיאָרע א. ד. ג. דערפאַר קומט עס, אַז נאָך אַזאַ אַרטיקל, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטן לאַנד, קומט אַן אַרטיקל וועגן אַ צווייטער פּערזאָן, וואָס האָט אין אַן אַנדער לאַנד געלעבט און געווירקט פאַרן ערשטן.

# דער אָנהויב

קיין פֿאָלק איז ניט אימשטאַנד אָנצוגעבן קיין גענויע פֿאַקטן און דאַטן בנוגע זיין אויפֿקומען און זיינע ערשטע טריט. דער אָ נ ה ו י ב פֿון פֿעלקער געהערט צו יענעם אוראַלטן „גרויען פֿאַר־באַגינען" פֿון דער געשיכטע, ווען מען קאָן נאָך ניט אונטער־שיידן קיין ווירקלאַכקייט פֿון פֿאַנטאַזיע־בילדער. צו יענע צייטן געהערט אויך דער אָנהויב און דאָס ערשטע אויפֿקומען פֿון אידישן פֿאָלק.

אין יענעם נעבעלדיגן, פֿאַר־היסטאָרישן מאָרגן, איז פֿון די טיפֿענישן פֿון די ווייטע אַראַבישע סטעפּעס אַרויסגעטראָטן אַ גרופּע אײנהייטלאַכע סעמעטישע שבטים. אַלע זיינען זיי געווען ענלאַך צו אַנאַנדער. אַלע האָבן זיי געהאַט איין און דעמזעלבן קערפּער־געשטאַלט, איין און דיזעלבע שפּראַך, איינע און דיזעלבע זיטן און שטייגער לעבן. נאָר די נעמען זייערע: עמון, מואב, אדום, י ש ר א ל — האָבן זיי אָפּגעשיידט איינע פֿון די אַנדערע.

און אַרויסגעקומען זיינען זיי מיט זייערע הערדן, שאָף און ציגן, און האָבן זיך באַזעצט אויף דער סיני האַלב־אינזל, אין דרום־ווינקל פֿון דער מזרח־זייט פֿון טייך ירדן — אַ געגנד, וואָס איז ווילד און גאָר ווייניג פֿרוכטבאַר. און דאָ האָבן זיי אומגעוואַנדערט צו זוכן גינסטיגע פּאַשע־פּלעצער פֿאַר זייער פֿיך. האָבן זיי אַזאַ פּונקט געפֿונען, האָבן זיי דאָ אויפֿגעשטעלט זייערע פּאַלאַטקעס, ס'רוב אונטער אַ פּאַלמען־בוים, ביים ברעג פֿון אַ לויפֿענדיגן וואַסער, און אויף דעם פּלאַץ געבליבן לעבן אַ לענגערע צייט. אַמאָל אויך לאַנגע יאָרן — ווי־לאַנג ס'האָט געקלעקט גראָז און וואַסער פֿאַר די הערדן. איז דער פּונקט געווען שוין אַרומגעגעסן, און האָט שוין מער קיין פּיטער ניט געגעבן, אָדער דאָס וואַסער איז אויסגע־טריקנט — האָט מען זיך אויפֿגעהויבן מיט ווייבער און קינדער, מיט שאָף און רינדער און געגאַנגען זוכן אַן אַנדער פּלאַץ.

זענען אָבער אין דער געגנט ניט געווען גענוג פּרוכטבאַרע פּלעצער (אַ אַזן היסן זיי), וואָס זאָלן קלעקן פאַר אַלעמען. האָט עס אָפט געמוזט קומען צו סכסוכים צווישן די דאָזיגע וואַנדער־שבטים, פאַר אַ שטיקל פּאַשע באָדן, פאַר אַ זיכערן וואַסער־קוואַל. דערפאַר האָט זיך דער שבטים־קנויל ביסלאַכווייז אָנגעהויבן פאַנאַנ־דערצוואַוויקלען — טיילן האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשיידן פון דער גרופּע און אַוועקוואַנדערן אין פאַרשיידענע זייטן, וואו זיי האָבן געהאָפט ניט צו באַגעגענען קיין שטאַרקע פּרעטענדענטן אויף גראָז און וואַסער. דערפאַר האָבן עס אַנדערע געפּרואווט אַריבערצו־וואַנדערן פון דרום קיין צפון פון דער געגנט אָדער פון מזרח זייט פון ירדן אויף זיין מערב־זייט, קיין פּאַלעסטינע — וואו דער באָדן איז געווען רייכער, פעטער. די, וואָס האָבן געלעבט אין מערב־זייט פון ירדן, פלעגן רופן יענע, פון מזרח־זייט מיט'ן נאָמען עברים, וואָס איז דער טייטש „יענזייטיגע". דער דאָזיגער נאָמען איז חל געווען אויף אַלע שבטים פון דער גרופּע, און אויך אויף זייערע פאַרוואַנדעטע: די ישמעאלים, מדינים, עמלקים — וואָס האָבן אויך דורות אויף דורות אומגעוואַנדערט אין דער געגנט צווישן אַראַביע און פּאַלעסטינע.

און אַן ערך אַנדערהאַלבן טויזנט יאָר, פאַר דער קריסטלאַכער צייט־רעכנונג, אין אַ צייט פון טרוקעניש, הונגער און אַ געדראַנג פון אַנדערע וואַנדערנדיגע שבטים, האָבן גרויסע טיילן פון די עברים, דערהויפּט פון שטאַם ישראל, אַוועקגעוואָרפן זייערע איינגעזעסענע פּלעצער, און אין מזרח פון ירדן געוואַנדערט פון פּלאַץ צו פּלאַץ, ביז זיי זיינען געקומען קיין גושן — עכט־מצרימשער באָדן. ער הייסט עכט־מצרימשער — ווייל דעמאָלט האָבן די מצרים געהאַט די אויבערהערשאַפט אויך איבער די לענדער, וואָס אַרום ירדן. דאָס, וואָס סעמיטישע וואַנדער־שטאַמען („נאָ־מאַדן" הייסן אַזוינע), זענען אַריינגעקומען אין זייער פּרוכטבאַרן לאַנד, האָט די מצריים ניט איבעראַשט. ניט איינמאָל האָט שוין אַזוינס געטראָפן. די מצרימשע רעגירונג איז אפילו צופרידן געווען דערמיט, וואָס גרויסע סעמיטישע שטאַמען ווענדן זיך צו איר, צום

„מוטערלאַנד“, ווען עס ווערט זיי ענג באַ זיך אין דער היים. און בפרט ווען זיי קומען מיט פֿרידלאַכע כּוונות — זיך צו פֿאַרנעמען מיט פּרוכטבאַרע אַרבעט.

די ע ב ר י ם, פֿון וועלכע ס׳האָט זיך נאָכדעם אויסגעבילדעט דאָס פֿאָלק ישׂראל, זענען געבליבן אין גשן דאָס, וואָס זיי זענען געווען: הירטן פֿון שאָף און רינדער. און אַ גוטע צייט האָבן זיי דאָ פֿאַרבראַכט. מיט פֿיטער פֿאַר הערדן זענען זיי געווען פֿאַרזאָרגט — דאָס לאַנד איז זייער פּרוכטבאַר געווען. פֿון די מצריים, וואָס זענען שוין דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ הויכער קולטורשטופֿע, האָבן זיי פֿיל געלערנט. עס האָבן זיך צווישן זיי גופֿא, דערהויפּט אין גרויסן שטאַם ישׂראל, אויסגעבילדעט געלערנטע, וואָס האָבן זייער וויסן פֿאַרשפּרייט צווישן די עברים בכלל און צווישן דעם שטאַם ישׂראל בפֿרט. אָבער דער גליקלאַכער צושטאַנד דויערט נאָר אַזוי לאַנג, ווילאַנג די מצרים זענען געווען פֿאַרנומען מיט מלחמות אין סיריע און פּאַלעסטינע. דערהויפּט — מיט די חתּים. אָבער נאָכדעם ווי די גרויסע מלחמה מיט די חתּים האָט זיך אויסגעלאָזט בלויז מיט אַ פֿרידנס־אָפּמאַך, אָבער ניט מיט קיין פֿולשטענדיגן נצחון איבער׳ן שונא, און מ׳האָט געדאַרפֿט מורא האָבן פֿאַר נייע מלחמות; נאָכדעם ווי אין די מלחמות איז די מצרים אויסגעקומען צו טרעפֿן צווישן די שונאים אויך פֿריינט און פֿאַרוואַנדטע פֿון די עברים, וואָס אין גושן, — איז קומענדיג צוריק, האָבן די מצרים אָנגעהויבן צו „רעגולירן די פֿרעמדען־פֿראַגן“. מ׳איז פֿאַראינטערעסירט דאָרין, אויסצוראָטן די אייגנאַרטיקייט פֿון די עברים, זיי מאַכן פֿאַרגעסן זייערע טראַדיציעס, שפּראַך און אָפּגעזונדערטקייט פֿון דער איבעריגער באַפֿעלקערונג. דאָס גלויבט מען צו קאָנען דערגרייכן דורכדעם, וואָס מ׳וועט אויף זיי אַרויפֿלייגן שווערן דינסט־שטייער. און אַזוי געשעט עס. זענען אָבער די עברים — די פֿרייע קינדער פֿון דער מדבר, וואָס קאָנען ניט קיין יאָך און טראָגן ניט אַריבער קיין שקלאַפֿעריי. אומצופֿרידן זענען זיי מיט די שווערע לאַסטן, וואָס מ׳לייגט אויף זיי אַרויף. זיי האַלטן עס פֿאַר אַ באַליידיגונג און פֿאַר אומדערטרעגלאַך צו קנעטן ליים, מאַכן ציגל און בויען פּאַלאַצן

פּאַר וועלכע עס איז בעלי־בתים. עס ווערט באַ זיי געבוירן דער דראַנג צו באַפרייאונג. אין גרעסטן שבט, אין ישראל — אַם שטאַרקסטן. ווען „דער נייער רעזשים", די מיאוס'ע קנעכט־שאַפט איז פאַרהאַסט, דער שטייט־צו צו דער „פרייהייטס־באַוועגונג", פאַרבינדט זיך מיט אירע אָנפירער, מיט ישראל, ווי מיר וואָלטן איצט זאָגן: מיט אידן. און וואָס ווייטער, אַלץ שטאַרקער ווערט באַ זיי דאָס שטרעבן זיך אַרויסצורייסן פון דער קנעכטשאַפט און זיך אומקערן צוריק צו זייערע פרייע ברידער, און די פרייע סטעפּעס, און צו זייער גאָט וואָס לעבט און הערשט אויפ'ן באַרג סיני. די באַוועגונג באַקומט אַ באַגייסטערטן פירער: משה. ער שטייט שוין פון פריער אָן אין פאַרבינדונג מיט יענע פרייע ברידער. ער פאַרקערט מיט די מדינים, לערנט פון זיי ווי מאַכן צו אָרגאַניזירן און ער זוכט זייער פריינטשאַפט.

און ווילן ניט די מצרים זיי אַרויסלאָזן מיט גוטן, וואַרט מען אָפּ אַ גינסטיגן מאָמענט. און וואַרטנדיג — שמעלצט מען צונויף אַלץ פעסטער אַלע יענע באַליידיגטע און אומצופרידענע וואָס ליגן אונטער'ן פרעס פון אונטערדריקער. און דער מאָמענט איז געקומען. אין לאַנד ברעכן אויס קראַנקייטן. זיי ברענגען צו אויפשטאַנדן. מלוכה איז פאַרנומען מיט באַרואיגן דאָס לאַנד און פאַרטיליגן די קראַנקייטן. מיט דער לאַגע באַנוצן זיך די „עברים". אונטער דער אָנפירונג פון ישראל, אָדער פון די אידן, ווי מיר וועלן זיי פון איצט אָן רופן, פאַרלאָזן זיי מצרים און קערן זיך אום אין דער פרייער מדבר, אויף דער סיני האַלב־אינזל, פון וואַנען זיי זענען אַרויסגעקומען.

אָבער קומענדיג צוריק, טרעפן זיי שוין גאָר אַנדערע באַדינגונגען, ווי זיי האָבן איבערגעלאָזט. פיל פון זייערע ברידער האָבן שוין אויפגעגעבן דאָס וואַנדער־לעבן און זענען געוואָרן איינגעזעסענע אויף זייערע ערטער. און דער לעבנס־שטייגער זייערער איז אַן אַנדערער ווי געווען. געטער און געטער־דינסט געענדערט. און אַן אומצופרידנקייט, מיט זייער דערנעענטערן זיך, מערקן זיי אין זייערע ברידער. אָבער אויך זיי אַליין — די באַ־

פרייטע — זענען אַנדערש געוואָרן. דאָס שטענדיגע וואַנדערלעבן באַפרידיגט זיי נים מער. די מצרים׳שע קולטור האָט איבערגע־שמאָלצן זייערע אַלטע באַגריפן, אָנשויאונגען און געשאַפן באַ זיי נייע פאַרלאַנגען. די זיכערקייט פון דער שטאָט, די אָנגעהויפטע גיטער דאָרט, וואָס די מדבר ווייסט פון זיי נישט, רייצן זייערע געלוסטן. און מיט דער גרעסטער געוואַלט באַפאַלן זיי יענע געגנטן, וואו די פרוכטבאַרע פעלדער ברענגען זאַטקייט און גליק זייערע איינוואוינער. ווי ליב און טייער די פרייע מדבר מיט אירע ווייט־קייטן, פרייען לעבן און וואַגן און שטרייטן איז זיי אויך געווען, — וואַקסט דאָך אין זיי פון איצט אָן אומאויפהערלעך דאָס שטרעבן צום קולטורווירטן, בליענדיגן כנען, וואָס צו מערב פון ירדן. און עס איז געווען נאָך וואָס צו שטרעבן.

וואַרים די כנענים זענען דעמאָלט שוין געשטאַנען אויף זייער אַ הויכער אַנטוויקלונגס־שטופע. אויף איין אָרט זענען זיי געזעסן און זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, פיך־צוכט, גאָרטן און ווייַן־קולטור, מלאכה און האַנדל. אין אַפענע דערפער האָבן זיי געלעבט — און אין באַפעסטיגטע שטעט, וועלכע זיי האָבן מייסטערהאַפט געקאָנט פאַרטיידיגן. זיי האָבן אויך פאַרמאָגט אייגענע הויך־אַנט־וויקלטע פאַכן און קונסטן, ווי: טעפּעריי און וועבעריי. זיי באַ־אַרבעטן שוין בראָנז, און צו מלחמה־צוועקן — אויך אייזן. די כנענים רעדן זייער אייגענע שפּראַך, אָבער קולטורעל שטייען זיי אונטער׳ן איינפלוס פון בבל — דער אַלט־פאַרצייטיגער הערשערין פון דעם לאַנד, און אונטער׳ן איינפלוס פון זייער איצטיגער הער־שערין — מצרים. שטאַרקע שטעט פאַרמאָגן די כנענים אויפ׳ן ברעג ים, און שוין פון פריי אַנטוויקלען זיי דעם אינוועניגסטן, און אויך דעם ים־האַנדל. דאָס האָט זיי איינגעבראַכט גרויסע פאַרדינסטן. און זיי זענען רייך געווען אין גאָלד, אין זילבער און אין עדלשטיי־נער. אָבער אויך זייער רעליגיעז לעבן איז אינטערעסאַנט, פאַר־שטענדלאַך און רעגולירט. מ׳דינט די געטער — ווייל זיי מאַכן פרוכטבאַר דעם באָדן, ווייל זיי מאַכן פרוכטבאַר דעם מענטשן. מען דינט דעם מענלאַכן גאָט: בעל — ווייל ער שיצט די פרוכט־

בארקייט פונ׳ם מאַן. מ׳דינט דער ווייבלאַכער געטין: אשרה — ווייל זי שיצט די פּרוכטבאַרקייט פון דער פרוי. מ׳דינט זיי אויף מזבחות, אויף מצבות — ווי מיר קענען דאָס פון תנ״ך. מ׳דינט זיי אונטער׳ן פרייען הימל, אויף הויכקייטן — וואָס זענען געווענדט צו דער זון און צום הימל. ס׳רוב — אָן טעמפּלען, און, ווי עס שיינט, אָן „גאָט׳ס־בילדער“. און גע׳משפט איז די באַפעלקערונג געוואָרן אין גייסט פון געדעכטע בבל׳שע געזעצן פונ׳ם קלוגן מלך האַמוראַפּי.

זאָל ניט אַזאַ רייך, אַנטוויקלט און וואויל־געאָרדנט לאַנד צוציען די גיריקייט פון וואַנדערלינגען, קריגערישע און לאַנד־זוכנ־דיגע שטאַמען? זאָל ניט אַזאַ לאַנד אויסזען אין זייערע אויגן, ווי אַ לאַנד — וואו עס רינט ממש מילך און האָניג? געווים שטרעבן זיי אַריינצודרינגען אין דעם לאַנד אַריין, און דאָס איז, דוכט זיך, ניט שווער. ווארים לויט דער קאָנסטיטוציע פון די כנענים, זענען זיי רעגירט געוואָרן פון זייערע שטאָט־ און געשלעכטס־פירשטן, און די זענען שטענדיג געווען צעקריגט צווישן זיך, שטענ־דיג זיך באַקלאָגט פאַר דער מצרימשער רעגירונג, און גע׳מסר׳ט איינער אויפ׳ן אַנדערן. און אין מצרים איז מען געווען צופרידן מיט אַזאַ לאַגע אין די אונטערגעוואָרפענע לענדער, און מ׳האָט, נאַטיר־לאַך, גאָרניט אונטערגענומען געגן דעם.

דער וועג איז, אַלזאָ, געווען אָפן.

אָבער ערשט נאָך אַזאַ לאַנגער, שווערער קנעכטשאַפט; האָבנ־דיג דערצו געהויערט ידיעות וועגן די כנענימשע קריגס־רייטוועגן און שטאַרקע פעסטונגען, וואָס האָבן אויף זיי אָנגעוואָרפן אַן אימה — האָבן זיי ניט געוואָגט אָנצוגרייפן דירעקט די כנענים. ווארים וואָס האָבן דען די אידן געקענט זיי אַנטקעגן שטעלן? דאָס איינ־ציגע, וואָס האָט זיי געמאַכט קאַמפס־פייאיג געגן זייערע שטאַרקע געגנער, איז געווען די נאָך אומפאַרברויכטע, יוגנטלאַכע ענערגיע פון אַן אור־פאָלק, און דער אייזערנער ווילן פון מענשן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין דער פרייער מדבר, און ערצויגן געוואָרן צו אויס־דויער, צו האַרטע שטרייטן און געפערלאַכע וואָגן. דאָס איז פיל.

דאָס געניגט, כדי אויף קליינע פעלקער און שטעט, אָדער מלוכות, אַ שרעק אָנצוואַרפן. אָבער די גרויסע, שטאַרקע כנענים, און דערהויפּט נאָך די פּלשתים!...

איז מען פאָרזיכטיג. נעמט מען איין און מען נעמט־צו דער־ווייל די אמורי'שע מלוכה, די בשנ'שע מלוכה און מען באַזעצט דאָרט אַ פּאָר שבטים (ראובן, גד און אַ האַלבן שבט מנשה). פאַר אַלע איז דאָרט סיי־ווי קיין פּלאַץ ניט געווען. די עברים'שע מלוכות: מואב און אדום, רירט מען ניט אָן. ברידער, קרובים אונזערע. אָבער דאָס געבענשטע לאַנד, אויף מערב־זייט פון ירדן, לאָזט מען פון אויג ניט אַרויס.

צענדליגער און צענדליגער יאָרן גייען פאַרביי, ביז וואַנען די אידן פילן זיך שטאַרק גענוג און ערלויבן זיך אַריבערצוגיין דעם ירדן און אָנגרייפן די כנענים און זייערע נאָענטע שכנים. דער פאַקט מאַכט שטענדיג אומרואיג די קליינע פעלקער אויף יענער זייט ירדן. מען האָט לעצטנס געפונען בריוו פון די פירשטן אין סיריע און פּאַלעסטינע צו די קעניגען פון מצרים, וואו זיי באַקלאָגן זיך אויף זייער שווערן צושטאַנד, מחמת דעם אָנגריף פון די אַריינדרינגענדע עברים (אָדער חבירים).

אָבער דער שרעק, זאָגט מען, האָט גרויסע אויגן. יענע פעלקער האָבן מורא געהאַט פאַר אויסראָטונג, אָבער די אידן זענען ניט אימשטאַנד געווען דורכצוזעצן זייער גאַנצן ווילן. און בפרט אַז אויך זיי זענען ניט אַלע אינאיינעם אויפגעטראָטן געגן די אַלטגע־זעסענע אין לאַנד. יעדער אידישער שבט פאַר זיך, העכסטנס צ ו ו י י שבטים זיינען אויפגעטראָטן אינאיינעם, כדי זייער חלק איינצונעמען.

איז עס געקומען דערצו, אַז די כנענים'שע האַפן־שטעט האָט מען אפילו ניט געפּרואווט אָנצוגרייפן. די באַפעסטיגטע שטעט אין מיטן לאַנד האָט מען יאָ געפּרואווט אָנגרייפן, אָבער אָן ערפאָלג. דאָס איינגענע איז אויך פאָרגעקומען מיט די שטעט פון די פּלשתים. לאַנגע יאָרן האָבן אידן געקעמפט מיט די אַרומיגע פעלקער אין לאַנד כנען. זיי האָבן אויך עטלאַכע נצחונות אָפּגעהאַלטן, אָבער

עטלאכע שבטים בלויז — יהודה, שמעון, בנימין און אפרים — האָבן ערָאבערט חלקים לאנד, וואו זיי האָבן געקאָנט פירן א זעלבסט־שטענדיג לעבן. אלע איבעריגע שבטים האָבן זיך געמוזט באַנוגענען דערמיט, וואָס זיי האָבן אויסגעקעמפט די מעגלאכקייט א ו י ך צו לעבן, אינאיינעם מיט דער אלטגעזעסענער באפעלקערונג. וואו די אידן זענען געווען די שטארקערע, האָבן ז י י בילאכוויז זיך באפרייט פון דער שכנות. וואו יענע זענען שטארקער געווען — האָבן זיי די אידן אָנגעטאָן כל'ערליי נגישות. זיי איבערגעפאלן, בארויבט, אוועקגעפירט האָב און גוטס, ווייב און קינד. איז אמאָל, אז די נויט איז שוין געווען ניט אריבערצוטראָגן, אויפגעשטאנען א העלד — ווי גדעון, ברק, יפתח, שמשון — וואָס האָט באגייסטערט זיין שבט, און אמאָל אויך די דערבייאיגע שבטים, און מיט געמיינ־זאמע כחות האָט מען דעם שונא פארטריבן. אין אזא פאל איז נאָכדעם דער העלד געוואָרן א שופט איבער זיין שבט. אָבער ניט אלע מאָל האָט זיך אזא העלד געפונען. און ניט אלע שבטים האָבן געקאָנט קומען צו הילף די באדראָטע שבטים — ווייל זיי זענען געווען אָפגעטיילט איינע פון די אנדערע דורך גרויסע שטרעקעס, וואָס זענען באזעצט געווען מיט ניט־אידישע שטאמען. ד ע ר צושטאנד איז געווען א געפאר פאר דער פיזישער עקזיסטענץ פון די צעוואָרפענע שבטים.

אָבער ניט בלויז די געפאר פון פיזישן אונטערגאנג האָט געדראָט די צעוואָרפענע און פאראיינצלטע אידישע שבטים. אויך גייסטיגע פארקימערונג האָט זיי ערוווארטעט. וואָרים לעבענדיג לאנגע יאָרן צווישן די איינגעזעסענע אין לאנד, וואָס האָבן שוין זייער גוט געוואוסט ווי אומצוגיין מיט די לאָקאלע געטער, פון וועלכע עס איז אָפהענגיג לעבן און גליק אין לאנד — גיט מען זיך בילאכוויז אונטער, און בפרט אז יענע זענען די שטארקערע. מען נעמט איבער זייער לעבנס־שטייגער, זייער ארבעט־שטייגער און זייער געטער־דינסט — אפילו מיט קינדער קרבנות. אינאיינעם מיט'ן דינען דעם אלטן אידישן גאָט, וואָס האָט זיך געוויזן פון בארג סיני, דעם האר פון דער וועלט און פון זיינע בני־ישראל, דינען

די אידן אויך די לאָקאַלע געטער — בעל און אשתרות. פּראַוועו אינאיינעם מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אַלע נאַציאָנאַלע ימים־טובים. מאַכן־מיט אַלע ניט־צניעות'דיגע פייערלאַכקייטן אין די אָנגענומענע יאָר־צייטן. דאָס ברענגט צו התקרבות, צו אינטימען צוזאַמענלעבן, צו געמישטע חתונות. און אַזאַ צושטאַנד איז אַ געפאַר ניט בלויז פאַר דער עקזיסטענץ פון דער רעליגיעזער טראַדיציע, נאָר אויך פאַר דער גאַנצקייט און אייגנאַרט פון די אידישע שבטים.

און וואָס ווייטער אַלץ ערגער, אַלץ געפערלאַכער איז געוואָרן דער צושטאַנד. די אידישע פיינט, דערהויפּט די פּלשתים, האָבן געפירט אַן אומאויפהערלאַכן אויסראָטונגס־קאַמף מיט די אידן. און וואָס מער די אידן האָבן געליטן, אַלץ מער איז געוואַקסן און צייטיג געוואָרן דער געדאַנק: ווייטער קאָן עס אַזוי ניט זיין! זאָל אַמאָל פאַרווירקלאַכט ווערן דער ווילן: „איין פאָלק און איין לאַנד" — מוז דאָס גאַנצע לאַנד זיין אין אידישע הענט. אָבער דאָס וועט מעגלאַך זיין צו דערגרייכן בלויז דורך אַ צענטראַלער מאַכט, וואָס זאָל אַלע שבטים פאַראייניגן. דאָס איז איצט געווען די לעבנס־פראַגע פאַר אידן. די פראַגע: „זיין אָדער ניט זיין?" און דער ענטפער איז געווען:

— זיין!

פון דעם מאָמענט אָן קומט־אויף אַ פאָלק ישראל אין דער וועלט־געשיכטע.

# שאול המלך

„און די פּלשתים זענען אויפגעגאַנגען אויף מלחמה מיט אידן”; „און די פּלשתים האָבן זיך צונויפגעזאַמלט, כדי מיט די אידן מלחמה צו האַלטן” — דאָס זענען, אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן, געווען די שטענדיגע שרעקנס־טענער, וואָס האָבן פאַרפאָלגט די אידן, וועלכע זענען אריינגעדרונגען אין לאַנד כנען. דער גרעסטער שונא איז ער געווען; אַ האַרטער, שטאַרקער, קריגערישער שונא. אַ פרעמדער דאָ. ניט קיין סעמיטישער שטאַם אפילו. פון ווייטע גריכישע אינזלען איז ער דאָ אַרגעקומען, מיט אַ גאַנצער, אייגנאַרטיגער קולטור, און באַזעצט זיך אין כנען. שפּראַך און אמונה נעמט ער, מיט דער צייט, איבער פון דער אָרטיגער באַפעלקערונג, אָבער אין איבעריגן בלייבט ער זיך טריי. ער פאַרנעמט זיך מיט ערד־אַרבעט און מיט האַנדל און מיט מלחמה. קודם כל מלחמה מיט יענע, וואָס זענען אויסן בײַ אים עפּעס אָפּצורייסן — מיט די אידן. און דאָס האַלט אָן לאַנגע דורות. אידן ליידן פון די פּלשתים אומגעהויער פיל. אָבער די מלחמות מיט די פּלשתים זענען אויך געווען דאָס פייער, וואו די אידישע מלוכה און דערהויפּט דאָס קעניגטום איז געשמידט געוואָרן.

איז עס איין מאָל געקומען צו אַן אומגליקליכן צוזאַמענשטויס צווישן די אידן און די פּלשתים. שמואל הנביא אַליין האָט געהאָלפן רופן צו מלחמה. פון רעליגיעזן צענטר אויס, פון שילה, האָט מען אויפ'ן קריגס־פּלאַץ מיטגענומען דעם ארון — דעם טראָן פונ'ם אידישן גאָט, לויט די דעמאָלדיגע באַגריפן, — און ממילא האָט עס געהייסן: גאָט אַליין באַטייליגט זיך אין קריג. און דאָך האָבן די אידן געליטן אַ שרעקליכע מפּלה. נאָכמער: די פּלשתים האָבן דעם אָרון אויך אַוועקגענומען אין געפאַנגענשאַפט. דאָס האָט געהייסן: ד ג ו ן , דער גאָט פון די פּלשתים, האָט מנצח געווען י אַ ה ו ו ע ן , דעם גאָט פון די אידן. אַ פולשטענדיגער חורבן:

דאָס פאָלק איז געשלאָגן. דער רעליגיעזער צענטער איז חרב. דער כהן גדול, עלי, געשטאָרבן. גאָט — אין געפאַנגענשאַפט... איין טריט צו פאַרצווייפלונג און פּאַריאַכונג.

קומען אָבער אין יענער צייט אויף, צום ערשטן מאָל, גאַנצע גרופּן און פאַראייניגונגען פון עקזאַלטירטע, פייערלאַך־געשטימטע, באַגייסטערטע יונגעליייט. גערופן האָט מען זיי „יונגע נביאים". געלערנט האָבן זיי אין ספּעציעלע שולן, וואָס שמואל האָט געהאַט געגרינדעט. זינגענדיג און שפּילנדיג און טאַנצנדיג ציען זיי צע־פלאַמטע און באַגייסטערטע איבער'ן לאַנד, פון אָרט צו אָרט, און באַגייסטערן דאָס פאָלק פאַר פרייהייט. זיי דערמונטערן עס. וועקן דעם מוט. שטאַרקן דעם גייסט. רופן צו טאָט פאַר גאָט און פאַר'ן לאַנד, וואָרים דאַמאָלט איז די אידישע רעליגיע, ווי אַלע דעמאָל־טיגע רעליגיעס, לויט די דעמאָלטיגע באַגריפן, ענג פאַרבונדן געווען מיט'ן באַזיץ פון לאַנד. רעליגיע איז געווען פּאַטריאָטיזם. וויל מען האָבן דעם אייגענעם גאָט, מוז מען עראָבערן זיין לאַנד. אָבער אַזאַ עראָבערונג פאָדערט פאַראייניגטע כחות. פאַראייניגונג איז אָבער אוממעגליך אָן אַ צענטראַלער מאַכט, אָן אַ מלך.

„לעבן זאָל אַ מלך" — דער געדאַנק האָט פון איצט אָן געלעבט אין יעדנס האַרץ, געלעגן אויף יעדנס צונג.

מאַכט זיך כמעט אַ טאָג־טעגליכע ערשיינונג: די עמונים באַפאַלן די אידישע באַפעלקערונג פון יבש־גלעד. דערשרעקן זיך די אידן. לייגן זיי פאָר די עמונים: „אונטערטעניג וועלן מיר אייך זיין, דינען וועלן מיר אייך, אַבי לאָזט אונז לעבן בשלום". שטעלן נאָך אָבער די עמונים אַ תנאי: „באַ יעדן אידן זיין רעכט אויג אויסצו־שטעכן". אויף אַזאַ באַליידיגונג קאָנען די אידן ניט איינגיין. זיי בעטן זיך אָפּ באַ די עמונים אויף זיבן טעג. אין דער צייט שיקן זיי פאַנאַנדער שליחים צו אַלע אַרומיגע אידישע שבטים צו בעטן הילף. אַז די שליחים זענען געקומען קיין גבעה, האָבן זיי דאָרט באַגעגנט אַ מאַן מיט'ן נאָמען שאול, בעת ער האָט זיך אומגעקערט פון פעלד מיט די אָקסן זיינע.

דער מאַן איז געווען אַ שטימונגסמענש. אַ גבר, אָבער

גענייגט צו די עקזאַלטירטע יונגעלייט. ער האָט עס ליב גע־האַט זיך צוצוהערן צו זייערע רייד. זעלטן־אמאָל פלעגט ער אַליין אויך מיטמאַכן זייערע שטיק און לאָזן הערן באַגייסטערטע רייד. דערהערט די שלעכטע בשורה פון די שלוחים, און זעענדיג, ווי דער גאַנצער עולם אידן אַרום וויינט אויף אַ הויך קול, פאַלט ער אריין אין אַ גוואַלדיגן עקסטאַז. ער כאַפּט זיינע אָקסן, צעהאַקט זיי אויף שטיקער און שיקט זיי פאַנאַנדער צו אַלע אידישע שבטים מיט דער וואָרנונג:

— ווער ס'וועט ניט קומען העלפן די אידן אין יבש, זאָל זיך ריכטן, אַז מיט זיין פיך וועט געטאָן ווערן דאָ אייגענע, וואָס איך האָב דאָ מיט מיינע אָקסן געטאָן!

דאָס פאָלק, וואָס האָט געוואַרט אויף אַ מוטיגן רוף צו אַן אַלגע־מיינעם פאַרטיידיגונגס־קאַמף, הערט דעם רוף פון שאול און קומט זיך צונויף. די עמונים ווערן „צעריבן אין שטויב". די אידישע באַ־פעלקערונג פון יבש איז געראַטעוועט. די צופרידנקייט מיט'ן נצחון איז אַזוי גרויס, אַז שוין דאָ, אופ'ן אָרט, ערקלערט מען שאול'ן פאַר אַ מלך אויף די אידן. די באַגייסטערונג האָט קיין גרעניץ ניט. און טאָמער ערלויבט זיך עמיצער אַ שלעכט וואָרט געגן שאול'ן אַלס מלך, איז מען גרייט יענעם צו הרג'נען.

אָבער צווישן די געגנער, ניט פון שאול'ן פערזענליך, נאָר פון מלך בכלל, ווער עס זאָל אויך זיין, זענען געווען אויך יענע גרופּעס „יונגע נביאים", וואָס האָבן באַגייסטערט דאָס פאָלק פאַר פרייהייט. יאָ, אַן אייגענע, שטאַרקע מלוכה, אָבער געוועלטיגן זאָלן די כהנים, אין נאָמען פון גאָט — דעם איינציגן, אמת'ן מ ל ך! דאָס איז אויך געווען דער שטאַנדפּונקט פונ'ם אַלטן שופט און נביא: שמואל. אָבער אין ד ע ם מאָמענט שווייגט ער. זיין פאָרשלאַג איז נאָר, מ'זאָל זיך איינגיכן צונויפקומען קיין גלגל — אַ פּונקט, וואו ס'איז אמאָל געווען אַ גרויסער רעליגיעזער צענטר — און דאָרט, פאַר גאָט, וועט מען מיט פאַראַד זאַלבן דעם נייעם מלך. זייער אַ לאָיאַלער פאָרשלאַג. ער ווערט אָנגענומען. אָבער אַז מ'איז זיך דאָרט צונויפ־געקומען, האָט שמואל אָנגעהויבן צו באַווייזן דעם פאָלק, וואָס פאַר אַ

פאַרברעכן ס'ווערט באַגאַנגען געגן גאָט דערמיט, וואָס אַנשטאָט גאָט — אַ מלך, ווייל מען מאַכן אַ בשר־ודם פאַר אַ מלך; וואָס פאַר אַן אומגליק אַן אַליינהערשער איז פאַר אַ פאָלק — ער פירט אַ גרויסן שטאַט, אַ הויף, פאַרברענגט אַ סך און דאָס פאָלק מוז אים אַלץ צושטעלן. דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געווירקט. שמואל גיט־נאָך דעם ווילן פון פאָלק. שאול ווערט געזאַלבט פאַר אַ מלך.

אָבער שמואל'ס גוטער ווילן איז ניט געווען דערביי: שאול איז אים ניט ליב געווען. שוין פון די ערשטע טעג אָן זוכט ער עס אָנצו־דייטן, אַז אַ מלך איז נאָך כלל ניט קיין ערבות פאַר נצחונות און ערפאָלג. ניט קוקנדיג דערויף, וואָס שאול איז כמעט קינדיש צו־טרויליך צום אַלטן שופט און נביא, קוקט אויף אים, ווי אויפ'ן פאַרמיטלער צווישן א י ם און גאָט, הערט־צו יעדן וואָרט זיינס, בלייבט דאָך שמואל ניט באַפרידיגט.

צוויי יאָר צייט פאַרנעמט זיך שאול מיט אָרגאַניזירן אַ שטענ־דיג אָדער שטייענדיג חיל, פון עטליכע טויזנט מאַן — דעם קערן פון אַ קריגס־אַרמיי. צו דעם קערן זאָלן, בעת אַ קריג, צושטיין אַלע דערוואַקסענע מענער פון פאָלק. איצט וואַרט ניט שאול ביז די פלשתים וועלן אָנפאַלן. ער באַמיט זיך אַליין א ר ו י ס צ ו ר ו פ ן דעם קריג. זיינע לייט הרג'נען דעם אָנפירער פונ'ם פלשתים'שן גאַרניזאָן, וואָס שטייט אין גבעה. דאָס מ ו ז ברענגען און ברענגט צו אַ מלחמה. די פלשתים זאַמלען זיך צונויף אין מכמש, וואָס ליגט איבער אַ טאָל, אַנטקעגנאיבער גבעה. אָבער שאול איז פעסט בא זיך. ער איז אין גלגל, לאָזט אָנזאַמלען דאָס פאָלק און נעמט אויך שמואל'ס ברכה. שמואל הייסט אים נאָר אָפּוואַרטן זיבן טעג — דאַן וועט ער, שמואל, קומען קיין גלגל, וועט מקריב זיין דעם נויטיגן קרבן צו גאָט, נאָכדעם וועט מען אָנהויבן די מלחמה. די פלשתים וואַרפן אַן אַן אימה מיט זייער באַוואָפנונג, מיט זייער אָרגאַניזירט־קייט, מיט זייער קריגערישן אויסזען. די אידן, כמעט אומבאַ־וואָפנטע, זאַמלען זיך צונויף פון אַלע עקן לאַנד, אַלץ איז גרייט צום קאַמף. אָבער דער קאַמף הויבט זיך ניט אָן. אַפנים, זאָגט מען

זיך, שאול איז ניט אנטשלאָסן צום קאַמף. דער עולם הויבט זיך אָן וואַקלען. ס'פאַלט דער מוט. מ'הויבט אָן זיך אַפּצורוקן און זיך באַהאַלטן, וואו איינער האַלט פאַר זיכערער. אָבער שאול קאָן ניט אָנהויבן דעם קריג — ווי טרעט מען דען צו צו א קריג אָן א קרבן און תפלה צו גאָט? און דערויף האָט ער דאָך צוגעזאָגט שמואל'ן צו וואַרטן גאַנצע זיבן טעג! א מאַן — א וואָרט: ער האָט די זיבן טעג אָפּגעוואַרט. פון זיין גאַנצן חיל איז קוים געבליבן עטליכע הונדערט מענשן. אָבער שמואל איז אַלץ ניט געקומען. מער האָט ער שוין ניט געקאָנט ליידן און וואַרטן, האָט ער אליין געבראַכט דעם קרבן. וואָס־זשע, מלכים פון אַנדערע פעלקער פירן דען ניט אַליין אויס די פונקציעס פונ'ם ערשטן כהן? און בפרט איצט: די געפאַר איז גרויס, די פלשתים דרינגען־צו, און שמואל האָט דאָך ניט געהאַלטן קיין וואָרט!...

אָבער קוים האָט ער נאָר געענדיגט ברענגען דעם קרבן — און שמואל האָט זיך באַוויזן. שאול איז אַרויס אים אַנטקעגן. ער האָט זיך ענטשולדיגט און ערקלערט די לאַגע — אַז ער האָט געמוזט ברענגען דעם קרבן, כאָטש דאָס לעצטע ביסל מענשן אויפצוהאַלטן. אָבער שמואל נעמט קיין זאַך ניט אין אַכט. ער האָט שוין א פאַר־טיגן פסק:

— האָסט זיך באַנאַרישט, — זאָגט ער צו שאול'ן: — האָסט ניט געפאָלגט גאָט'ס געבאָט. דיין מלוכה וועט קיין קיום ניט האָבן. אַן אַנדערן האָט זיך גאָט אויסגעוועלט אויף דיין אָרט...

שאול האָט דאָס אויסגעהערט. דאָס מאָל האָט שמואל'ס ווער־טער זיין מוט ניט געבראָכן. ער קערט זיך אום קיין גבעה, שלאָגט די פלשתים און פאַריאָגט זיי אין פאַרשידענע זייטן. פיל פון זיי הרג'עט ער אויס. דער נצחון איז א פולשטענדיגער. די פלשתים גאַרניזאָנען אַנטלויפן פון לאַנד. אידן ווערן באַפרייט פון פרעמדן יאָך. דאָס פאָלק איז צופרידן. דער טראָן — געפעסטיגט. און דער גרויסער נצחון ווערט באַגלייט פון קלענערע, אָפטע נצחונות: מיט ערפאָלג פירט שאול פאַרטיידיגונגס־מלחמות מיט עמון, מואב, אדום א. ד. ג. דאָס פאָלק זעט אין אים א שטאַרקן

שוין און ניט קיין סימן פון אלע יענע גוואלטטאטן, וואס שמואל האט פאראויסגעזאגט וועגן א מלך.

און אז שמואל קומט צו שאול'ן און זאגט אים: „גאט האט געהייסן, דו זאלסט גיין און אויסראטן עמלק'ן, דעם אידישן שונא, נאר קיין רויב זאלסטו ניט נעמען" — פאלגט שאול. ער נעמט צו־נויף א פאר טויזנט מאן, באפאלט עמלק'ן, און טוט מיט אים, ווי גאט האט געבאטן — פונקט אזוי, ווי עמלק פלעגט פריער אמאל טאן מיט אידן: אלץ אויסגעראטן! נאר אגג'ן, דעם קעניג פון די עמלקים, האט שמואל לעבן געלאזט. און דאס פאלק האט לעבעדיג גענומען דאס שיינע פיך, וואס עמלק האט פארמאגט. און האט עס ניט אומגעבראכט.

שאול איז צופרידן מיט עמלק'ס מפלה. אן אויפגעלייגטער באַ־געגנט ער שמואל'ן און זאגט אים: נו, „געבענשט זיי צו גאט, גאט'ס ווארט איז ערפילט". אבער שמואל ענטפערט אים: „און וואס הער איך עפעס קולות פון שאף און רינדער דערביי?" שאול דערציילט אים, אז בלויז אגג איז געבליבן א לעבעדיגער. און בלויז דאס בעסטע פיך האט דאס פאלק גענומען, כדי עס מקריב צו זיין פאר גאט. אבער שמואל שרייט אויס אין צארן:

— גאט'ס ווארט איז דיר מאוס געווארן, און דו ביסט גאט מאוס געווארן. פאלגן, וואס גאט הייסט, איז טייערער ווי קרבנות! אפגעשריען — און שוין זיך אומגעקערט, געוואלט אוועקגיין.

שאול האט זיך פארלארן. ער האט זיך ניט געריכט אויף אזא באַגע־געניש. ער פאלט־צו צו שמואל'ן, גיט־צו זיין זינד, ער בעט אבער שמואל'ן, ער זאל אים קיין בזיונות ניט מאכן, און זאל מיט אים אינאיינעם ארויסקומען צום פאלק. שמואל איז איינגע'עקשנ'ט, לאזט זיך גיין ווייטער — און זאל טאקע דאס פאלק וויסן, אז גאט האט זיך אפגעקערט פון שאול'ן!... אין גרויסער פארצווייפלונג און גאנץ אויסער־זיך, ווארפט זיך שאול צו שמואל'ן, כאפט אים אן פאר'ן פאלע — כדי אים צו פארהאלטן, און, — א, געטער! ער רייסט אים א שטיק פאלע אוועק... שמואל ווערט נאך מער אין כעס און ערקלערט:

— אָט אזוי האָט גאָט ארויסגעריסן די אידישע מלוכה פון דיין האנט, און האָט זי באַשטימט פאַר אַ בעסערן ווי דו ביסט!

איצט טוט ער צוליב שאול׳ן — קומט מיט אים ארויס צום פאָלק. שאול איז זיך מתודה פאַר גאָט. שמואל דער׳הרג׳עט אגג׳ן. און שמואל מיט שאול׳ן גייען זיך פאַנאַנדער. אויף אייביג. מער האָבן זיי זיך שוין ניט באַגעגנט.

אָבער די דאָזיגע אינצידענטן מאַכן אויף דעם שטימונגס־מענטשן, אויף שאול׳ן, אַן ערשיטערנדיגן איינדרוק. ער איז אין פאַר־צווייפלונג. ער באַגרייפט ניט זיינע „חטאים“. ער באַגרייפט ניט די קליינינקייטן, פאַרוואָס שמואל איז אים געוואָרן אַ שונא אויפ׳ן לעבן. און שמואל׳ס וואָרט איז דאָך גאָט׳ס וואָרט! הייסט עס: עס איז שוין  א ו י ס  מיט אים! ער נעמט זיך די לאַנגע שטאַרק צום האַרצן און אינגיכן פאַלט ער אריין אין אַ מרה־שחורה... אים הויבט זיך אָן דאַכטן, אַז מ׳פאַרפאָלגט אים. אַז מ׳וויל אים אומ־ברענגען. אין יעדן איינעם זעט ער יענעם „בעסערן“, וועמען מ׳וויל איבערגעבן די מלוכה. אַלע אַרומיגע מענטשן, מיינט ער, זענען מקנא  א י ם. אַלע שבטים זענען מקנא זיין קליינעם שבט: ב נ י מ י ן, וואָס האָט זוכה געווען ארויסצוגעבן דעם ערשטן אידישן מלך. דערהויבט איז ער חושד, אין שלעכטע כונות, די שטאַרקסטע צוויי שבטים: א פ ר י ם — צו וועלכן שמואל האָט אָנגעערט, און  י ה ו ד ה — זיין נאָענטסטן שכן. אפילו זיין אייגע־נער זון, יהונתן, איז ניט אויסער חשד... און שפּעטער ווערט זיין אידעע־פיקס קאָנצענטרירט אויף דעם העלדישן יונגנמאַן דוד, פון שבט יהודה. אַ דיכטער און אַ זינגער און אַ שפּילער. דעם מלך׳ס פריינט האָבן אים אריינגעבראַכט אין הויף אריין, כדי מיט זיין שפּילט פאַרטרייבן די מרה שחורה פון מלך, גרינגער מאַכן זיין שווער געמיט. און דאָס פלעגט אויך דוד׳ן געלינגען. אָבער אויך אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס דוד פלעגט אונטערנעמען, פלעגן אים גע־לינגען. ער ווערט דער ליבלינג פון הויף. דעם מלך׳ס טאָכטער, מיכל, איז פאַרליבט אין אים. דעם מלך׳ס עלטסטער זון, דער נאָבע־לער יהונתן, לעבט מיט אים ווי צוויי ברידער. אָבער גראָד טאַקע

דער גרויסער ערפאָלג, וואָס דוד האָט אומעטום, שרעקט שאולן:
ס'באַווייזט דאָך, אַז ער שטייגט צום טראָן!...

שיקט ער דודן אַפּצויאָגן קליינע אָנפאַלן פון פּלשתים, אָדער אַז ער זאָל אויף זיי אָנפאַלן ערגעץ אין אַ פּונקט, — געשעט עס מיט דער גרעסטער געשיקטקייט. מאַכט זיך אַמאָל אַן ערנסטער קאַמף מיט די פּלשתים. שאול זיצט אַ צעשראָקענער, אַ קראַנקער, הערט די לעסטערונגען פון די פּלשתים, וואָס זיי לעסטערן דעם אײַדישן גאָט און דאָס אידישע פאָלק, און קאָן ניט העלפן. עס איז א ו י ס מיט אים! ער גלויבט ניט מער אין זיין כח און ניט אין גאָט'ס הילף צו אים. דאַן שפּרינגט אַרויס דוד, אַ יונגער, אַ באַגייסטערטער, אַ שטאַרקער, און ראַטעוועט די לאַגע, ברענגט די פּלשתים צו אַנטלויפן. און דעם קאָפּ פון'ם שונא'ס אָנפירער, גלית, ברענגט ער צום מלך. איין מאָל און נאָך אַמאָל — און גאַנצע לעגענדעס הויבען־אָן זיך צו וועבן אַרום אים, אַרום זיינע העלדן־טאַטן. אין לידער הויבט דוד אָן באַזונגען צו ווערן. ער ווערט פּאָפּולער ווייט אין פאָלק. מ'הויבט אָן צו פאַרגלייכן: „שאול האָט גע'הרג'עט (פּלשתים) אין די טויזנטער, דוד — אין די צענדליגער טויזנטער". דוד ווערט דער באַוואונדערטסטער מאַן אין פאלק! שאול ווייסט דאָס. און דאָס מאַכט זיין גייסטן־צושטאַנד נאָך שווערער.

און וואָס קראַנקער ער איז, אַלץ מער שפּילט דוד פאַר אים. און וואָס מער ער זעט דודן פאַר זיך, אַלץ טיפער קאָנצענטרירט זיך אויף אים שאול'ס פיקסע אידעע... און ער הויבט אָן טראַכטן, ווי אַזוי דודן אַפּצורוימען פון זיין וועג...

„צום וואַנט וועל איך אים צושלאָגן" — טראַכט זיך שאול אַמאָל, בעת דוד שטייט גאַנץ צוטרוילאַך און שפּילט פאַר אים. געטראַכט און געטאָן: שאול וואַרפט אין אים דעם קינזשאַל, וואָס ער האַלט גראַד אין האַנט. ער טרעפט אָבער ניט אין ציל. דער קינזשאַל בלייבט שטעקן אין וואַנט, אָבער דוד בלייבט ניט גע־רירט. איז דאָס פאַר שאולן נאָך אַ סימן, אַז גאָט איז טאַקע מיט דודן, און פון אים, פון שאולן, האָט ער אָפּגעקערט. „א ו י ס

איז עס מיט מיר!״ — מוז זיך דער קראנקער זאגן. און זיין מעלאנכאליע שטארקט זיך. זיין געמיט ווערט אלץ שווערער, און לאָזט זיך מער ניט היילן.

און ווידער האט דוד ערפאלג נאָך ערפאלג אויפ׳ן שלאכט־פעלד, און ווידער וועקט ער דערמיט שאול׳ס אייפערזוכט, און ווידער שפּילט ער פאר שאול׳ן און שאול פּרואווט עס אים צוצו־טשוועקלען צום וואנט. און ווידער פּארפעלט ער. און אזוי עטלאכע מאָל. און פאר יעדן מיסערפאָלג, אלץ אין אַ טיפערער מעלאנכאָליע פאלט שאול אריין...

איצט באגרייפט אויך דוד, אז זיין לאגע אין הויף איז א געפערליכע: אז וואס ביים קראנקן אויף דער צונג איז ביים גע־זונטן אויף דער לונג. דוד אנטלויפט פון הויף און פון שטאט און וואנדערט ארום אין דער מדבר. אָבער דאס בארוהיגט ניט שאול׳ן. שמואל, זיין ערשטער שונא, שטארבט. אָבער אויך דאס בארו־היגט אים ניט. שאול בלייבט ביי זיינעם: „ווי לאנג דוד לעבט, איז זיין טראָן ניט זיכער״. שאול און זיינע אויסדערוועלטע לויפן נאָך דוד׳ן. זוכן אים אום. קאנען אים אָבער ניט כאפּן. טרעפן רואיגע מאָמענטן, ווען עס גיט זיך איין צו איבערצייגן שאול׳ן, אז דוד איז ניט זיין שונא. אזוינע מאמענטן קומען אָבער זייער זעלטן. און אויסער די זעלטענע מאמענטן, איז דער מלך קראנק. און ווער ס׳האט נאר די קלענסטע באציהונג מיט דוד׳ן, איז פאר־משפּט צום טויט. אזוי לאזט שאול אומברייננגען דאס גאנצע כהנים־שטעטל נוב דערפאר, וואָס בעת דוד איז אנטלאָפן זיך צו באהאלטן פון שאול׳ן, האָט זייער עלטסטער, — זייענדיג אי־בערצייגט, אז דוד גייט אין מלך׳ס שליחות — אויפגענומען דוד׳ן פריינדליך. דאס גאנצע לאנד ווערט באזעצט מיט שפּיאנען — אויסצוגעפינען דוד׳ן. דאָס צווינגט דעם לעצטן דאָס לאנד אינ־גאנצן צו פארלאזן. ער זוכט זיך אויסצובאהאלטן אין די שכנים׳שע, אידען־פיינדליכע לענדער — פּלשתים ניט אויס־געשלאסן — אבי זיך צו ראטעווען פון שאול׳ס הענט. דאס גע־לינגט אים אויך. אָבער שאול׳ן ווערט דערפון ניט גרינגער.

און די צוזאמענשטויסן מיט די פלשתים הזר'ן זיך איבער אלץ אפטער. די פלשתים האבן גוט געוואוסט, וואס פאר א קאמפס־קראפט שאול האט פארלארן דורכדעם, וואס ער האט ניט מער דוד'ן אין זיין חיל. שאול האט דעמאלט שוין געהאט אפילו גע־ניטע קריגס־פירער, אבער צו דוד'ן קומען זיי ניט. און שאול אליין — ער איז ניט אימשטאנד דוד'ן ארויסצולאזן פון זינען...

און נאך איינער, דער לעצטער נסיון!

די פלשתים טרעטן ארויס צו אן ענטגילטיגן קאמף מיט די אידן. דער קאמפס־פלאץ — די גלבוע־בערג. א טויט־שרעק באַ־פאלט שאול'ן, אז ער דערזעט פון ווייטן די פלשתים'שע מחנות. און ווי הויבט מען אן אזא קאמף, ניט פרעגנדיג פריער בא גאט? און ווי פרעגט מען דען ביי גאט, אז גאט האט זיך אפגעקערט פון אים? ווייסט ער עס דען נאך ניט? ער פרובט עפעס געוואר צו ווערן דורך חלומות — ווי דער שטייגער איז דעמאלט געווען — אבער צו חלום קומען אים נאר די וויים־געקליידעטע און מיט בלוט באפלעקטע כהנים פון נוב, וואס ער האט געלאזט אויס־הרג'נען... ער ווענדט זיך צו די יונגע נביאים נאך גאט'ס ווארט — אבער די גערדיינקען זייער לערער'ס „אפגעריסנע פאלע", וואס באטייט: אפגעריסן איז פון שאול'ן די מלוכה איבער אידן... ער זוכט אפ א מכשפה, ז״י, דורך איר קונסט, זאל אים געוואר ווערן דעם אויסגאנג פון דער שלאכט. אבער אויך פון איר באַ־קומט ער ניט קיין גוט ווארט צו הערן. אריינקומענדיג אין טיפן עקסטאז, הערט ער ווי שמואל זאגט צו אים:

— מארגן, וועסטו און דיין זון זיין אינאיינעם מיט מיר!...

אויף מארגן האט זיך די מלחמה אנגעהויבן. די ערשטע קרבנות זיינען געפאלן שאול'ס זין. די פלשתים, דערהויפט די בויגען־שיסער האבן זיך געווארפן אויף שאול'ן. א דערשראקענער, טאמער פאלט ער אריין א לעבעדיגער אין שונא'ס הענט, בעט ער זיין געווער־טרעגער, ער זאל אים דער'הרג'נען. און אז יענער

האט מורא אויפצוהויבן זיין האנט אויף זיין מלך, ווארפט זיך שאול ארויף אויף זיין שווערד און פאלט א טויטער.

אזוי שען איז דער ערשטער אידישער מלך ארויף אויף זיין טראָן, אזוי אומגליקליך איז ער אראָפּ פון אים און פון דער וועלט אוועק.

# דוד המלך

דוד המלך — דאס איז די ריזעגהאפטיגסטע פערזענ־ליכקייט אין דער אידישער געשיכטע. די געניאלסטע און די מעכ־טיגסטע. די פאפולערסטע און געהייליגטסטע. דער סימבאל פון גבורה און דער סימבאל פון פרומקייט. די תנ״ך־שרייבער האבן אים געשילדערט ווי א געוויינליכן מענשן: מיט אלע זיינע מעלות און חסרונות. און דאך שטייט ער פאר דער וועלט־גע־שיכטע טורס־הויך איבער די געוויינלאכע געשטאלטן אין זיין צייט און אין אלע צייטן, — סיי אלס מענש, סיי אלס רעליגיע־זער כאראקטער. אלס מענש איז ער פול מיט עכטער נשמה־גרויסקייט, קלאגט ער אין שניידיגע טענער, מיט אומבאפוצטן צער אויפ׳ן טויט פון זיין ערגסטן שונא (שאול); בלייבט ער רוי־מערליך טריי דעם פריינט זיינעם (יהונתן) און זייגע קינדער, אפילו שוין נאך יענעמס טויט. און אויפריכטיג איז ער זיך פאר׳ן נביא מודה אין זיין זינד. און אלס רעליגיעזער כאראקטער שטייט ער פאר אונז ווי א פולזאפטיגע, שטארק־בלוטיגע נאטור. וואס ער טוט אין דעם פרט, איז דער אויסדרוק פון א שטארקער, עכטער, טיף אין אים לעבעדיגער פרומקייט. הגם א מלך, בויגט ער זיך פאר יאהוועס שטראף־ווארט. יאהוועס כבוד איז אים טייערער אפילו פון זיין אייגענעם כבוד. כדי גאט׳ס עהרע, איר רעכט צו טאן, איז דאס ערשטע וואס דער מלך דוד טוט: יאהוועס ארון, וואס שאול האט אים געלאזט שטיין ערגעץ אין א פארוואָרפענעם ווינקל פון לאנד — ברענגט ער אין זיין הויפט־שטאָט. נאָכמער: זיין אייגענע הויפטשטאָט לאזט ער מאכן פאר׳ן פאַרנעמסטן וואוין־אָרט פון זיין גאָט... דוד איז געניאל אין דער דיכטער־קונסט — ווי דאס באווייזן די פאָעזיע־מוסטערן, וואָס אָנגעהערן זיכער צו אים — ווי אין דער קריגס־קונסט. אין זיין פאָליטיק ווי אין זיין דיפלאמאטיע. דוד איז פאָפולער

אלס שאפער פון דעם אידישן פאָלק (אין פּאָליטיש־נאציאָנאלן זין) און אַלס זאַמלער פון אידישן לאַנד. און געהייליגט איז ער ווי דער אידישער דערלייזער פאר אלע צייטן און פאר אלע דורות. באהויפּטעט דאך די פאלקס־פאנטאזיע אויך איצט נאך, אַז „דוד, דער מלך פון ישראל, לעבט און עקזיסטירט," און אַז ס'וועט קומען דער טאָג, וועט ער זיין קעניגרייך ווידער אויפ־ריכטן . . .

און אָפן ליגט פאר אונז דער לעבנס־וועג זיינער. פאר אונ־זערע אויגן וואקסט אויס דער יוגנדליכער צום מאַן, דער מאַן צום קריגער, דער קריגער צום מלך און דער מלך צום שאַפער פון ווערטן מיט וועלט־היסטארישער באדייטונג. זיין לעבנסוועג הויבט זיך אָן פון'ם נידעריגן הירטן־בערגל, ארום וועלכן עס פּיטערן זיך זיינע הערדן. ער שפּילט דארט אין די פּוסטע פעלדער אריין, און זינגט דארט פאר זיין שטומען פיך. אָבער זיין שם אלס דיכטער פון גאָט'ס גנאָדן גרייכט צום קעניגלאַכן הויף. און אינגיכן ווערט ער אהינגערופן צו שפּילן פאר'ן קראנקן קעניג שאול און צו זינגען פאַר די גרעסטע אין ישראל. ער הויבט אָן זיין קריגערישע טעטיגקייט אין זיינע קאמפן מיט די ווילדע חיות אין דער מדבר — פארטיידיגנדיג זיינע הערדן. אָבער פון קעניגליכן הויף אויס האָט ער אינגיכן די געלעגנהייט צו פירן העלדישע קאמפן מיט די העלדישסטע שונאים פון זיין לאנד און פון זיין מלך, פארטיידיגנדיג זיין פאָלק. און אין קעניגליכן הויף ווי אויפ'ן שלאַכטפעלד, מיט דער הארפע צי מיט'ן שווערד — אומעטום האָט ער דעם גלענצענדסטען ערפאָלג. ער ציט אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט פון פאָלק, פון הויף און פון דעם קעניג'ס טאָכטער, וועלכע ווערט שפּעטער זיין פרוי. אָבער אינאיינעם דערמיט ציט ער אויף זיך די אייפערזוכט פונ'ם קראנקן קעניג און זיין אומ־צופרידן. ער מוז אנטלויפן פון הויף און פון שטאָדט, און שפּעטער אויך פון לאנד. די ערשטע צייט באהאלט ער זיך אויס אין מדבר יהודה. ער דולדעט אלע שוועריגקייטן וואס זיינען פארבונדן מיט'ן מדבר־לעבן. אָבער דאָ ווערט ער אויך געהארטעוועט און געשטאָלט

און געוואוינט בייצושטיין יעדן נסיון. און אפילו אין דער מדבר בלייבט ער אויך ניט אליין. גיך זאמלען זיך ארום אים, דעם באריטמטן קריגס־העלד, א סך אומצופרידענע, פארפאלגטע און געהעצטע אין זייער היים און בילדן איין פארבאנד (ריכטי־גער: א באנדע) אונטער דוד׳ס אָנפירונג. צו זיין פארבאנד גע־הערן ניט נאָר אידן. דאָ געפינען זיך אויך: פלשתים, חתים, אדומים און אַנדערע. מען דערנערט זיך — פון וואס גאט גיט: א ביסל פון רויב, א ביסל פון קריגס־געווין — וואָרים פון צייט צו צייט באפאלט מען וועמען עס איז פון די קליינע וואנדער־פעלקער, אין דער מדבר, וואס האבן אמאל אידן שלעכטס גע־טאָן, ווי עמלק א. ד. ג., — און א ביסל „פארדינט" מען דורך פריינדשאפטליכע באציהונגען מיט דער דינערשאפט פון רייכע אינהאבער, פון גרויסע הערדן, אין דער מדבר. פון דעם פאר־באנד בילדעט זיך אויס די באריטמטע לייב־גווארדיע דוד׳ס, וואָס איז אים שפעטער בייגעשטאנען אין אלע זיינע נויטן. די דאזיגע גווארדיע איז עס אויך געווען דער מעכטיגער קערן פון דוד׳ס אומבאזיגבארער קריגס־ארמיי. ווי לאנג דוד האט אזוי ארומגע־וואנדערט אין דער מדבר איז ניט פעסטגעשטעלט. אָבער נאָכדעם ווי שאול און זיינע דריי זין זענען געפאלן אין אן אומגליקלי־כער מלחמה מיט די פלשתים, איז עס געווען א זעלבסטפאר־שטענדליכע זאך, אז ד ו ד, און ניט קיין אנדערער, דארף ווערן דער מלך פון ישראל. לכתחילה האט ער א שוואכע גענ־נערשאפט. א גרויסער טייל פון פאָלק זאלבט שאול׳ס זון, איש־בושת, פאר א מלך. זיבן יאר האלט אָן די גענגנערשאפט. אָבער אין משך פון דער צייט פארשווינדט שאול׳ס דינאסטיע אינ־גאנצן. און א ל ע א י ד ן אָנערקענען דוד׳ן פאר זייער מלך.

איצט הויבט דוד אָן צו דערווייטערן און צו פארברייטערן די גרעניצן פון דער אידישער מלוכה. ער מאכט א לעצטן סוף צו די פלשתים — די אַלטע אידישע שונאים — און צו זייערע אָנפאלן אויף אידישן באזיץ. ער פארטרייבט אין א ווייטן ווינקל ארום טויטן־ים די מואבים. ער נעמט איין אדום, און ירש׳נט

זייערע שטעט. דאָס אייגענע טוט ער מיט די עמונים און מיט אַלע אַנדערע אידישע שכנים וואָס ווילן ניט פרייוויליג אונטערגעבן זיך, אָדער שליסן אַ בונד מיט די אידן.

אינגיכן קומט עס דערצו, אז גאַנץ דרום־ און מיטל־סיריע ליגט אין איין האַנט, אין דוד'ס. יעדנפאַל, האָבן דאָרט אידן די נאַנצע דעה, און פאַקטיש זיינען זיי דאָרט די רעגירער. און אויב דאָס, וואָס דוד האָט צונויפגעזאַמלט און צונויפגעשמאָלצן, קאָן אפילו ניט אָנגערופן ווערן קיין וועלט־מלוכה ווי בבל אָדער מצרים, איז עס דאָך, פאַר די דעמאָלסטיגע פאַרהעלטנישן, אַ גרויסע מלוכה. און דער עיקר איז געווען דערביי, וואָס דער באַזיצער פונ'ם גרעסטן טייל דרום־ און מיטל־סיריע — און דאָס איז דוד געווען! — איז ביי אַלע אומשטענדן געווען אַ וויכטיגער, און אין פיל פאַלן דער איינציגער פאַקטאָר פונ'ם פאָליטישן לעבן פונ'ם פאָדערשטן מזרח. דערין האָט קיין שום ספק ניט געקענט זיין — נעמענדיג אין אַכט די העכסט־וויכטיגע לאַגע פון פאַלעסטינא, וואָס דינט ווי אַ בריק צווישן מצרים און דעם איבעריגן מזרח.

אָבער ניט בלויז דוד'ס בריה'שקייט אליין איז אים בייגע־שטאַנען ביים שאַפן אַזאַ גרויסע מלוכה. די שוואַכקייט פון די אַרומיגע גרויסע מלוכות, ווי מצרים און אשור, האָט אויך רעכט היבש בייגעטראָגן דערצו. וואָרים מצרים וואָלט אייגנטלאָך נעדאַרפט זיין די ערשטע, וואָס זאָל ניט צולאָזן אַזאַ ברייטע אַנטוויקלונג פון דער נייער מלוכה. שוין די עקזיסטענץ אליין פון אַ געאייניגטער אידישער מלוכה, וואָס פאַרנעמט אין סיריע אַזאַ שטעלונג, ווי דוד האָט געשאַפן, איז געווען אַ גרויסע געפאַר פאַר איר איינפלוס אין סיריע. און וואָלט זיך אָט די נייע מלוכה ווייטער אַנטוויקלט אין דערזעלבער ריכטונג, וואָלט זי מיט דער צייט געקענט ווערן געפערליך פאַר די אַנדערע מלוכות, אויך אין די גרעניצן פון זייערע היימלענדער. דאָס איי־גענע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן אשור, וואָס ירש'נענדיג דאָס

אַלטע בבל, האָט זי אויך מיטגעירש'נט די אַלטע בבל'שע תביעה אויף סיריע...

דאָס האָט זיי טאַקע געאַרט, אָבער ט אָ ן עפּעס געגן דעם האָבן זיי ניט געקענט. און דאָס איז געווען אי דוד'ס גליק, אי דאָס גליק פון אידישן פאָלק. און דאָס האָט געהאַט אַ וועלט־געשיכטליכע באַדייטונג. וואָרים וואָלט מצרים דעמאָלט געווען ביי פולער מאַכט — און אפילו נאָך אַ גרעסערער מיליטערישער פירער, און נאָך אַ געניאַלערער הערשער, ווי דוד איז געווען, וואָלט ניט געקענט אויפנעמען קיין מלחמה מיט מצרים, ווען עס וואָלט געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס. איז עס אָבער צו אַזאַ צוזאַמענשטויס נ י ט געקומען. די באַדינגונגען זיינען געווען גינסטיג פאַר דוד'ן. ער פאַרפעסטיגט די מלוכה־גרעניצן געגן אויסן. די שכנ'ישע וועלט האָט מורא פאַר אים, האָט זי אַכטונג פאַר אים און אויך אמת'ע פריינט און פאַרבינדעטע האָט ער צווישן זיינע שכנים. איצט הויבט זיך אָן די באַפעסטיגונג אינעווייניג. אַ שטאַרקער און הייליגער צענטר מוז געשאַפן ווערן פון וואַנען־אויס דאָס פאָלק זאָל רעגירט ווערן, און וואוהין־צו דאָס פאָלק זאָל זיין צוגעבונדן. און דאָס דערגרייכט ער דורך דעם, וואָס ער נעמט איין די באַפעסטיגטע שטאָט ירושלים, און ער מאַכט זי פאַר זיין רעזידענץ.

פון זינט־אָן די אידן האָבן אָנגעהויבן איינצונעמען דאָס לאַנד כנען, זיינען עטליכע פּרובען געמאַכט געוואָרן איינצונעמען די אַלטע פעסטונג־שטאָט ירושלים, און עס האָט זיך ניט איינגעגעבן. דערהויפּט איז ניט געווען צוצוטרעטן צו דער אויבערשטער שטאָט, וואָס איז געווען געשיצט פון אַ מעכטיגער פעלזן־פעסטונג, גערופן צ י ו ן. אָט די דאָזיגע אומצוגענגליכע פעסטונג וואָס אירע באַזיצער, די יבוסים, זיינען געווען זיכער, אַז אפילו בלויז בלינדע און הינקענדיגע זענען גענוג כדי זי צו פאַרטיידיגן, — איז דאָך געפאַלן אונטער'ן דרוק פון דוד'ס חיל. פון ז י י ן ח י ל בלויז — ווייל דוד אַליין איז אפילו דערביי ניט געווען, אַזוי זיכער איז ער געווען אין נצחון פון זיינע

קריגס פירער. פון איצט אָן הייסט די פעסטונג: „דוד'ס פעס־טונג." די אַלטע שטאָט ווערט באַנייט, איבערגעבויט — ווי עס פּאַסט פאַר אַ רעזידענץ. פון באַפריינדעטן צור לאָזט מען אַהער־ברייננען צעדער־בוימער און אויך געניטע בויער און מויערער, און אויפ'ן בארג ציון בויט מען פאַר דוד'ן אַ רייכן קעניגליכן פּאַלאַץ פון צעדער־האָלץ. דאָס פאָלק שטאָלצירט מיט דער פּראַכט פון זיין קעניגליכער רעזידענץ. די לייבגוואַרדיע ווערט באַזעצט אַרום דעם פּאַלאַץ. ירושלים ווערט דערקלערט פאַר דער הויפּט־שטאָט. און דאָס האָט אַ קאָלאָסאַלן היסטאָרישן ווערט פאַר דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון דער אידישער מלוכה.

אָבער דערמיט באַנוגנט זיך נאָך דוד ניט. ס'איז ניט גע־נוג צו קאָנצענטרירן דאָס פאָלק אַרום אַ וואָכעדיגן, פּאָליטישן צענטער. די קאָנצענטראַציע האָט אַ ווערט בלויז דאַן, ווען אין צענטער זיצט פעסט אַ רעליגיעז הייליגטום. ירושלים זאָל ווערן די הייליגע שטאָט פאַר'ן גאַנצן פאָלק. דערמיט וועט אויך זיין קעניגטום געהייליגט ווערן. און דוד ברייננט אַראָפּ אויפ'ן בארג ציון דעם הייליגן ארון, גאָט'ס טראָן, אָן וועלכן ס'פאָלק האָט שוין כמעט אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן. דאָס דאָזיגע אַלטע פאָלקס־הייליגטום, אַרומגעוועבט מיט אַזוי פיל אַכטונג און פאַרגעטע־רונג, נעמט דוד ווידער אויף. ער ברייננט עס אַריין קיין ירושלים מיט'ן גרעסטן פּאַראַד, מיט געזאַנג און מיט טענץ. און דער קעניג, אינאיינעם מיט'ן פּשוט'ן פאָלק, פייערן דעם גרויסן יום־טוב פון אומקערן דאָס אַלטע הייליגטום צו זיין פאָלק און דאָס פאָלק צו זיין הייליגטום. אַ נאַציאָנאַל־היסטאָריש געשייעניש, וואָס זיין וויכטיקייט האָבן ניט אַלע געקענט אָפּשאַצן. און אַז דוד'ס פרוי מיכל, שאול'ס טאָכטער, מאַכט דוד'ן אַ פאַר־וואורף, פאַרוואָס ער האָט זיך עס אַזוי פאַנאַנדערגעגאַרטלט, צע־טאַנצט און צעזונגען אינאיינעם מיט'ן פּראָסטן פאָלק, ענטפערט איר דוד גראָב: ער דערמאַנט איר, איר פאָטער'ס מלוכה און זיין אויסדערוויילטקייט... אָבער די גראָבקייט נעמט זיך ניט בלויז פון זיין מאָמענטאַנעם ענטוזיאַזם, נאָר אויך דערפון, וואָס

מיכל האט מיט דוד'ן קיין קינדער ניט געהאט. דער טראָן־יורש איז געבוירן געוואָרן פון אן אנדער פרוי. איר אַמאָליגער גלאַנץ און זיין אמאָליגע ליבע איז דארום אינגאנצן פארשוואונדן...

פון איצט אָן ווערן אלע יאר יום־טובים געפייערט אויפ'ן בארג ציון מיט גרויס פראכט, און קעניגליכע מאַיעסטעטישקייט שוועבט איבער אלץ. פונקט ווי אַמאָל האט דער ארון פאראייניגט און באגייסטערט דאס גאנצע פאלק פאר קריג, אזוי האט ער אויך איצט געזאָלט דינען ווי דער סימבאָל פון נאַציאָנאַלער איי־ניגונג אויך אין צייטען פון שלום. דערמיט זיינען ניט בטל גע־וואָרן די אַנדערע, לאָקאַלע אָדער שבטימ'שע, הייליגטימער, וואָס האבן ביי אידן עקזיסטירט אויף יאהוועס נאָמען. אָבער דאס הייליגטום אויפ'ן בארג ציון איז אָנערקענט פון אלע שבטים גלייך — אלס דער חשוב'סטער, וויכטיגסטער און אָנגעזייענסטער; האבן דאך אים באדינט די מיוחס'דיגסטע כהנים און די גע־שיקטסטע לויים! עס וואקסט דארום די שטרעבונג, אז דאס זאָל אויך ווערן דאס א י י נ צ י ג ע הייליגטום ביים פאלק ישראל. און דערהויפט איצט, נאָכדעם ווי מיט'ן איינגעמען דאס לאנד, זיינען אויך איינגענומען די לאָקאלע כנענימ'שע גאָטהייטען, און יאהווע איז איצט אויך דער איינציגער לאָקאל־גאָט פון לאנד כנען!

אינאיינעם מיט'ן באַוואוסטזיין פון דער נאַציאָנאַלער איי־ניקייט אין דער געגנוואָרט, קומט אויף דער פארלאַנג, די דאָ־זיגע איי־ניקייט אריבערצופלאַנצן אויך אין דער פארגאַנגענהייט, און די ווירקונגען פון דער צוזאמענגעהעריגקייט אין דער געגנ־וואָרט באשרייבן און פארשרייבן פאר דער צוקונפט... און אין דוד'ס הויף באווייזט זיך דער ס ו פ ר, דער כראָניקער וואס פארשרייבט אלע וויכטיגע געשייעניש פון זיין צייט. און זאמעל־ביכער באווייזן זיך, וואו עס ווערן באשריבן די מלחמות וואָס אידן האָבן געפירט, און עס ווערן באַזונגען די העלדנ־טאַטן וואָס די גבורים האָבן באוויזן אין די דאָזיגע מלחמות.

און אויך פאר רעכט און גערעכטיקייט ווערט געזאָרגט. א געריכט ווערט געשאפן און א פאַרוואַלטונג אָרגאַניזירט. דער מלך איז די העכסטע געריכטס־אינסטאנץ, וואס שטייט איבער אלע אָרטיגע געריכטן פון די עלטסטע. די פאַרוואַלטונג באשטייט פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלאַכע פונקציעס. דאָס אָנפירן מיט יעדן טייל פון דער פאַרוואַלטונג איז איבערגעגעבן אין רשות פון איינעם פון קעניג׳ס פארטרויאונגס־מענשן. צו פרעמד־פעלקער־דיגע און פרעמד־גלויביגע וואס וואוינען צווישן אידן ווערט אָנגעווענדט פולשטענדיגע טאָלעראַנץ.

וואָס נאָך, אייגענטליך, פעלט דאָ צום פולשטענדיגן גליק?

אָבער איידער נאָך דוד און דאס פאלק האבן גענוג צייט געהאט זיך צו זעטיגן מיט׳ן גליק, האט זיך שוין אונטערגערוקט דאס אומגליק. אונטער דעם רוהיגן אויבערפלאַך האט עס לאנג שוין שטיל געברויזט געגן דער שווערער האַנט פון דוד׳ס הער־שאַפט. ס׳האָט ניט אויסגעבראָכן — ווי לאנג ס׳איז ניט געווען קיין גינסטיגער צופאַל דערצו. האָט אָבער דוד אליין דעם צופאַל געשאַפן.

עס איז געווען בעת מלחמה. דאס חיל איז געווען אויפ׳ן מלחמה־פּלאַץ. דוד דערזייט צופעליג די פרוי פון איינעם פון זיינע סאָלדאַטן און פאַרליבט זיך אין איר. ער שיקט זאָגן דעם פעלדמאַרשאַל, אַז ער זאָל דעם סאָלדאַט (אוריה) שטעלן אַנט־קעגן ערשטן פייער, ער זאָל דער׳הרג׳עט ווערן. דאָס געשייט. און דוד נעמט צו זיין פרוי, בת־שבע, צו זיך. די ליבע צו איר איז אַזוי גרויס, אַז ער זאָגט איר צו, דאָס דעם זון, וואָס זי וועט געבוירן, וועט ער איבערגעבן זיין קרוין... דאָס איז גע־נוג געווען, אַז עס זאל זיך אָנהויבן וועבן אַן אינטריגע אין הויף — ווארים אויסער דעם געזעצליכן טראָן־יורש, אמנון, דוד׳ס ערשט־געבוירענער, זיינען געווען נאָך צוויי פּרעטענדענטן אויף דוד׳ס קרוין: אבשלום און אדוניה. מעגליך, אַז אין היץ פון ליבע, האט ער אויך ז י י ע ר ע מוטערס געזאָגט, דאס זייערע זין וועלן ירש׳נען דעם טראָן. און דא איז אונטערגעקומען גאָר אַ פ ע ר ט ע ר

מיט א וועקסל אויפ׳ן טראָן !... און פון וואנען שטאמט ער ?
פון אַ סאָלדאַטקע ! און ווי העסליך דוד האָט געהאַנדלט דערביי !...
אין וואָס פאר אַ צייט, אין וואָס פאר אַ לאַנד, באַ וואָס פאר אַ פאָלק,
וואלט אזא געשייעניש ניט אויסגענוצט געווארן ווי ברען־שטאָף
פאַר אַ הויף־אינטריגע ?... איז געקומען דער נביא, נתן, מאַכט
דוד׳ן אַ שווערן פאָרוואורף דערפאַר, „וואָס ע ר, דער רייכסטער
אין לאַנד, האָט ביים אָרימען אָפּגענומען זיין איינציג שעפעלע,
וואָס ער פאַרמאגט, כדי צו באַפרידיגן זיינע גלוסטן“... דוד
ווערט פאַרשעמט. וויינט פאַר גאָט. איז זיך מתודה אויף זיין זינד.
גאָט איז אים מוחל. אָבער מ ע נ ש ן קענען אים ניט מוחל זיין.
די מאוס׳ע געשיכטע וואָס דוד האָט אָפּגעטאָן, שאַפט אויפרעגונג
אין לאַנד. די נביאים׳שע געזעלן באַמיען זיך שוין, מסתמא, וועגן
דעם. דוד ווערט באַ זיך געפאַלן. זיין שטאַרקע האַנט — אָראָפּגע־
לאָזן. און אין הויף הויבט זיך אָן אָפענע הפקרות:

דעם קעניג׳ס ערשט־געבוירענער, אמנון, פאַרגוואַלדיגט זיין שטיף־
שוועסטער תמר, און וויל נאָכדעם מיט איר ניט חתונה האָבן. א י ר
ברודער, אבשלום, פאַרנאַרט צו זיך אמנונ׳ען, דער׳הרג׳עט אים,
און אַליין אַנטלויפט ער צום מלך פון גשור און וואַרט דאָרט אָפּ
גאַנצע דריי יאָר. און אַז עס געלינגט אים שוין צו באַקומען אַן
ערלויבניש זיך אומצוקערן, און ער קערט זיך אום, לאָזט אים דוד
זיצן גאַנצע צוויי יאָר און וויל אים ניט אָנקוקן. ערשט נאָך די
צוויי יאָר פועל׳ט ער אויס אַ צוזאַמענטרעפן מיט דעם פאָטער
זיינעם, מיט דוד׳ן, און זיי בעטן זיך איבער. נוצט אָבער אבשלום
אויס זיין גוט־פריינטשאַפט מיט׳ן פאָטער און זיין פרייהייט צו
אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד געגן פאָטער זיינעם. ער האָט זיך צו־
גע׳חנפ׳ט צום פשוט׳ן פאָלק, אָנגערעט פאַר אים אויפ׳ן מלך, מיט
פאַרשיידענע מיטלען צוגעצויגן דאָס פאָלק צו זיך. דאַן איז ער
אַוועק קיין חברון און זיך געלאָזט זאַלבן פאַר אַ מלך. אַז דוד האָט
דאָס דערהערט, איז ער מיט די זייניגע אַנטלאָפן פון דער שטאָט:
„באָרפוס, מיט אַ בלויזן קאָפּ איז ער געגאַנגען און געוויינט, און
די מענשן, וואָס מיט אים, האָבן אויך דאָס איינגענע געטאָן.“

דערביי זיינען פון אלע לעבער ארויסגעקראכן די אומצופרידענע, האבן זיי דוד'ן געשאלטן, געווארפן שטיינער אויף אים. און ער, דער העלד, איז געווען צוזאמענגעבראכן פון ווייטאג און בזיון...

פארבינדט זיך אבער א קריג צווישן אבשלום'ס חיל און צווישן דוד'ס, און אבשלום ווערט דער'הרג'עט — כאטש דוד האט גע־בעטן, מ'זאל אים ניט הרג'נען. און דוד קערט זיך אום צוריק קיין ירושלים, אין זיין פעסטונג, אויף זיין טראן.

א צעבראכענער, א באליידיגטער קערט ער זיך אום. אבשלום'ס טויט פארשאפט אים גרויס צער און ברענגט צו א שארפן קאנפליקט צווישן אים און זיין פעלד־מארשאל יואב — אן אייזערנער מענש, זייער איינפערזיכטיג אויף זיין הויכער שטע־לונג, און יעדן, אין וועמען ער גלויבט צו זייען א שאטן פון א קאנ־קורענט, ראמט ער אפ פון וועג, אפילו געגן ווילן פון קעניג. דוד זעט עס, זאגט עס און ליידט דערפון. ער קען זיך אבער ניט העלפן. און איצט, אויף די עלטערע יארן, געוויס ניט.

אבער נאך האט זיך דאס לאנד ניט בארואיגט נאכ'ן אויפ־שטאנד פון אבשלום'ן, און שוין איז עס געקומען צו א צווייטן אויפשטאנד. עפעס איינער אן אינטריגאנט פון שבט בנימין, וואס האט זיך אלץ נאך ניט געקאנט בארואיגן נאך שאול'ס פאלן (שאול איז געווען פון שבט בנימין), האט אויפגעהויבן די פאן פון אויפ־שטאנד: „וואס גייט אונז אן דוד און וואס האבן מיר צו טאן מיט'ן זון פון ישי? אידן, אהיים!" איז דאס גאנצע פאלק אוועק מיט דעם אינטריגאנט. נאר דער איינער שבט יהודה איז טריי געבליבן דעם מלך דוד. אבער אויך דער אויפשטאנד ווערט גיך דערשטיקט, נאכדעם ווי דער אנהויבער פון אויפשטאנד, שבע בן בכרי, איז דער'הרג'עט געווארן.

און נאך האט דוד געקעמפט מיט די פלשתים, און נאך האט ער געקעמפט מיט אנדערע פיינט ארום. אבער קיין גרויסן ווערט האבן מער שוין די נצחונות ניט געהאט. און פון אמת'ר רו האט דוד מער שוין ניט געוואוסט. מיד איז ער געווען. אלט און קראנק און פון געלעגער ניט אראפ. און דא האט דער דריטער זון דוד'ס,

אדוניה — אבשלום'ס א יונגערער ברודער — געמאכט א פאר־
שווערונג און זיך געלאזט זאלבן פאר א מלך. און דער בארימטער
העלד יואב, דוד'ס רעכטע האנט אין אלע מלחמות, איז אויך גע־
ווען מיט אדוניה'ן. אז דוד איז געוואר געווארן וואס אדוניה האט
אפגעטאן, האט ער נאך דעמזעלבן טאג צונויפגערופן די גרעסטע
ווירדן־טרעגער פון דער מלוכה, און האט געלאזט זאלבן פאר א
מלך שלמה'ן, דעם זון פון זיין געליבטער בת־שבע. ער האט
אים אויך געלאזט אויפשטייגן אויפ'ן טראן. ער האט אנגענומען
געליקווינשונגען צו שלמה'ס ארויפקומען אויפ'ן טראן, ליגנדיג
א קראנקער צו בעט. דער אויפטו אדוניה'ס איז געווארן צו־נישט;
אלע זייניגע זיינען זיך צעלאפן. אין גיכן איז דוד געשטארבן מיט
דעם רואיגן באוואוסטזיין, אז די מלוכה, פון אים געשאפן, האט
ער איבערגעלאזט אין די הענט פון דעם זון זיינעם, וואס ער האט
געוואלט. צי זענען דאס אויך טאקע געווען די ריכטיגע הענט
— ווענן דעם האט די וויטערדיגע געשיכטע געהאט צו ענטשיידן.

# שלמה המלך

אויך שלמה המלך געהערט צו די באַרימטע אידישע מלכים מיט וועלט־היסטאָרישער פּאָפּולאַריטעט. אויב דוד איז באַרימט מיט זיין גבורה, דיכטונג און פרומקייט, איז זיין זון, שלמה, באַרימט מיט זיין חכמה, פרייען גייסט און ליבשאַפט צו רו און צו פרידן. ניט בלויז לעגענדעס, וואָס דערציילן פון אויסערגעוויינלי־כער, מענשליכער קלוגשאַפט, האָט מען אַרום זיין קאָפּ געוועבט, נאָר אויך שפּעטער ספרים גאַנצע האָט מען אים צוגעשריבן. דאָס פּאָעטישסטע, דאָס טיפסטע און דאָס קליגסטע, וואָס די אַלטע אידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט, לאָזט מען שטאַמען פון שלמה'ן: די פּאָעזיע פון שיר־השירים, די פילאָזאָפיע פון קהלת און די לעבענס־קלוגשאַפט פון משלי — ווער וואָלט עס דען געקאָנט שאַפן, אויב ניט שלמה — דער קליגסטער פון אַלע מענשן? און ווער האָט דען נאָך, ווי ער, געהאַט די מעגלאַכקייט צו וויסן אַלץ, צו קאָנען אַלץ? איז ער דען ניט געווען גליקלאַכער, ווי ביידע אידישע מלכים פאַר אים און אַלע אַנדערע מלכים נאָך אים? ער האָט ניט געקענט די שרעקן פון קאַמפן מיט פיינט פון אויסן, ער האָט אויך ניט געהערט קיין שטים פון ווידערווילן געגן אים פון אינווייניג. ער איז „אין אַרקאַריען געבוירן". אַלס צו־קינפטיגער מלך איז ער שוין צו דער וועלט געקומען. אַלץ, וואָס עס איז נויטיג צו אַ גליקליך, פרידליך לעבן, האָבן שוין די מלכים פאַר אים אָפּגעטאָן. ער האָט שוין אַלע רעכט צו קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ קעניג „פון גאָט'ס גנאָדן". נאָר פון גאָט'ס. דאָס פאָלק האָט מען, וועגן זיין קעניג, ניט אָנגעפרעגט און דאָס פאָלק האָט זיין רעגירן אָנגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך. אי גאָט האָט אים ליב געהאַט, אי די נביאים האָבן אים טייער געהאַלטן. קיינער פון אינווייניג האָט דאָס פרידלאַכע לעבן ניט געשטערט. קיינער פון אויסן האָט וועגן מלחמה מיט אידן ניט געטראַכט. על

כל פנים — נ י ט  ג ע ו ו א ג ט  צו טראכטן. ווארים די אידן זיי־
נען אין צאָל פיל גרעסער געווען, ווי וועלכעס עס איז פאלק פון
די שכנים. און זיין ארמיי איז די שטארקסטע געווען. און זיין
מלוכה — די רייכסטע. דערצו האט שלמה זיך באמיהט צו לעבן
אין שלום מיט די ארומיגע פעלקער און הויפן. זיך באמיהט —
אויפ'ן זעלביגן שטייגער, ווי אַנדערע מלכים אין זיין צייט —
און נאָך שפּעטער — פלעגן טאָן: ער האט די טעכטער פון אנ־
דערע מלכים אין זיין הארעם אריינגענומען. אפילו א טאָכטער
פונ'ם גרויסן קעניג פון מצרים האָט ער געהאט צווישן זיינע
פרויען. און דאס האט געזיכערט דעם שלום. דאס האט אויך גע־
זיכערט דאס גליק פון פאלק. און ניט בלויז דאס אידישע פאלק
האָט עס איינגעזען, אויך די כנענים האָבן אינגיכן איינגעזעען,
אז עס איז א גליק פאר זיי, זיך נאציאָנאל צו פארשמעלצן מיט
די אידן. דאָס זעען אויך איין טיילן פון מדין, פון עמלק און אפילו
פון די פלשתים. און האנדלען לויט זייער איינזעען. און די פון
די פעלקער, וואָס האָבן עס  נ י ט  איינגעזעען, האָט שלמה, מיט
א לייכטער האנט, אונטערטעניג געמאכט, און זיי האָבן געצאָלט
קאָפּ־שטייער מיט געלט אָדער מיט לייב־דינסט, ווי דאס איז דער
רעגירונג געווען וואויל געפעלן.

„און די אידן זיינען זיך געזעסן יעדער אונטער זיין וויינ־
שטאָק און יעדער אונטער זיין פייגנבוים, פון דן ביז באר־שבע,
די אלע יארן, וואס שלמה האט געלעבט."

אָבער ניט ווי עס דערציילט זיך, לעבט זיך. פאר דער פריד־
ליכקייט, אין וועלכער דאס פאלק האט געלעבט, האט עס געהאט
טייער צו צאָלן. הויכע טעקסעס האָט דאָס פאָלק געהאט צו ברענגען
כדי אויסצוהאלטן דעם קעניגליכן הויף און אלע זיינע באדערפ־
נישן. און די באדערפנישן זיינען אלץ מער געוואקסן. שלמה, ווי
אנדערע מזרח־פירשטן, האט געהאט א גרויסע ליבע צו לוקסוס,
פּוץ און גלאנץ. און דערהויפּט צו פּרעכטיגע בנינים. אים ווערט
אינגיכן ענג אין פאטער'ס פעסטונג. ער וויל בויען א „הויז פאר
גאט", א בית־המקדש. און אויך פאר זיך האט ער נויטיג א שע־

נערן פּאַלאַץ, ווי דער, וואס דער פאטער האט פאר זיך אויסגע־בויט. די בנינים דארפן אָפּקאָסטן אומגעהויערע סומען. אָבער וואָס פאַר אַ קעניג האָט זיך דען וועןעס־איז אָפּגעשטעלט פאַר אַ יקרות — וואו עס האָט זיך געהאַנדלט דעם אייגענעם ווילן דורכ־צוזעצן? און שלמה נעמט עס אונטער אויסצובויען גאָט'ס הויז און אַ פּאַלאַץ פאַר זיך, וואס דויערט גאַנצע צוואַנציג יאָר.

אָבער איידער מ'טרעט־צו צום בויען, ווענדט זיך שלמה צום מלך פון צור, חירם, מיט דער ביטע: ער זאָל אים צושטעלן די נויטיגע צאָל צעדער־האָלץ פון לבנון, בוי־קינסטלער און מע־טאַלגיסער. דערפאַר נעמט זיך שלמה אָן יערלאַך צוצושטעלן חירם'ען: 15 טויזנט פוד תבואה און טויזנט פינף־הונדערט פוד בוימאייל. דאָס אַלץ האָט דאָס פאָלק געמוזט צושטעלן. און אוי־סער מיטלען, האט דאס פאלק געדארפט צושטעלן אויך לע־בעדיגע נפשות, וואס זיינען נויטיג געווען צו דער ארבייט. 30 טויזנט מענשן זענען שטענדיג באַשעפטיגט געווען ביים בריינ־גען דאָס האָלץ פון וואַלד לבנון, האקן שטיינער צום פונדאַמענט פון די בנינים און טאָן די בוי־ארבעט אונטער דער אויפזיכט פון די בוי־קינסטלער פון צור.

און אויסער דעם בית־המקדש און דעם קעניגלאַכן פּאַלאַץ האט מען אויך נאָך געבויט פארשיידענע פעסטונגען צו שיצן דאס לאנד. און אויסער די פעסטונגען האָט מען אויך נאָך געבויט פּראַכט־פּאַלאצן און פּראַכט־טעמפּלען פאר שלמה'ס מיוחס'דיגע ווייבער און פאר זייערע געטער. און אויך האנדלס־שיפן האט מען געבויט, וואָס פלעגן אינאיינעם מיט חירם'ס שיפן שווימען אי־בער ווייטע וואסערן און ברייננגען פון דארט גאלד און זילבער און קרעלן. אָבער פון דעם דאזיגן עשירות האט דאס פאלק ניט גע־נאָסן. פונקט ווי ס'האט ניט גענאסן פון די פארשיידענע רייכטי־מער, וואָס פאַרשיידענע מלכים פלעגן שלמה'ן צושיקן אַלס מתנות, כדי צו קויפן זיין פריינדשאפט. דאס דאזיגע גאלד און זילבער איז געבליבן אין הויף, און דאס פאלק האט זיינע שטיי־

ערן געמוזט צושטעלן. און דאס איז אים געווען א שווערע לאַסט. מ׳האט אָבער געליטן און געשוויגן —

ווייל פאַר לייטן איז מען שטאלץ געווען מיט דער פּראַכט, וואָס שלמה האָט באַדעקט ירושלים. געלאָדענע פּאַנצערס פאַר לייב־גווארדיע, א שטול פון עלפאַנד־ביין מיט גאָלד באַדעקט. גאָלדענע כלים צום טרינקען — ווייל זילבער האט שוין קיין שום ווערט ניט געהאט. היינט די גלענצענדע רייטוועגן, די טייערע פערד פון מצרים געבראַכט. און די חשוב׳ע געסט — מלכים דורכאויס, וואס פלעגן קומען צו באַזוכן דעם אידישן מלך, יעדער מיט גאַנצע אוצרות פון די פארשיידנסטע ווערט־זאַכן, וואס זיי האבן שלמה׳ן מתנות געבראַכט. א פאָלק, און בפרט אין יענע צייטן, פילט זיך געשמייכלט פון קעניגליכער פּאָפּולאַריטעט, פון קעניגליכן גלאַנץ. און דעם קעניג׳ס כבוד שפּירט ער אויך אויף זיך... און בפרט, אַז אויך יעדער איד פאַר זיך, וואס איז אויף די יאָר־ימים־טובים אַריינגעקומען קיין ירושלים, איז גאַנץ אַנטציקט געווען פון דעם מאַיעסטעטישן אויסזען פון זיין קעניג׳ס רעזידענץ און פון דער רעזידענץ פון זיין גאָט.

אָבער מיט דעם גאָט איז עפּעס אומהיימלאַכס געשען. די אַלטע הייליגטימער אין גלגל, אין שילה און באר־שבע און דערגלייכן, זענען דעם פאָלק געווען נאָענטער. יעדער האָט געקענט נאָענט צוקומען צו זיי, זיך גייסטיג צונויפגיסן מיט זיי. אָבער צום אָרון, וואס איז איצט געשטאַנען אין קדשי־קדשים, אונטער די פליגלען פון די כרובים, פון אייזלבערט בוימער מיט גאָלד באַדעקט, אין שטענדיגן טונקל — האט דאס פאלק ניט געקאָנט צוקומען. ווי פארפרעמט האָט זיך דאָס פאָלק געפילט אַרום אים. און בפרט, אַז מ׳האָט געזעען, דאָס דער מלך אַליין באַנוגנט זיך ניט נאר מיט׳ן דינען יאהווע, דעם אידישן גאָט; אַז ער אליין איז דערביי, ווי זיינע געצנדינערישע פרויען טוען דעם דינסט פון זייערע געצן. דאס גיט שטאָף צו אינטריגירן געגן שלמה׳ן פון פאַרשיידענע זייטן. די גאָטספורכטיגע זעען דערין, וואָס שלמה דולדעט דעם פרעמדן געצנדינסט אין זיין הויף, א ראיה, אַז ער האָט

אָפּגעקערט פון גליכן וועג, האט פארגעסן אין גאט׳ס געבאט און זיין הארץ איז גענויגט צו פרעמדע געטער. יענע, וואָס האָבן אין דער שטיל אַלץ נאָך געבענקט נאָך די כנענים׳שע, פרייל־אַכע געטער און געטער־דינסט, האָבן אין שלמה׳ס דולדן דאָס געצנדינסט געזען אַ באַרעכטיגונג פאַר זייער בייגקען. אָבער אויב זיי זענען גערעכט, פאַרוואָס איז דאָס ניט אָפן אָנערקענט? פאַרוואָס זאָל ניט אויך דעם פאָלק פאַרגינט זיין, וואס דעם מלך איז ערלויבט?

און ביידע זענען געווען אומגערעכט. ניט האָט שלמה אָפּגע־קערט פון גאט׳ס וועג, און ניט האט ער אנערקענט די פרעמדע געטער. שלמה איז בלויז ז י ך טריי געבליבן, און טריי דעם גייסט פון טאָלעראַנץ, וואס ער האט אזוי ערהאבען אויסגעדריקט אין זיין תפלה בעת׳ן חנוכת־הבית פונ׳ם בית־המקדש. ער ווייסט, אז גאט לאזט זיך ניט אראפּ צו וואוינען אויף דר׳ערד —וואָרים אפילו אין די הימלען איז ניטאָ גענוג פּלאַץ פאַר אים. די פונקטן, וואָס ווערן באַשטימט פאַר אים, זענען באַשטימט בלויז דערצו: צוצוציען גאט׳ס אויפמערקזאמקייט צו זיי, ער זאָל צוהערן דאָס געבעט, וואס דער מענש בעט צו אים פון די דאזיגע פונקטן אויס, קיין חילוק ניט, ו ו ע ר דער בעטער איז. און יעדעם פאָלק האָט דאס רעכט צו באשטימען זיינע געבעט־פונקטן און זיינע געבעט־פארמען — ווי זיינע געטער טוט וואויל־געפעלן. און דאס זעלביגע רעכט געניסן אויך די פרעמדע פרינצעסינס, שלמה׳ס ווייבער. נאָכמער: די פּלעצער, וואו זייערע געטער האָבן זיך געפונען און די תפלות זענען אָפּגעריכט געוואָרן, האָבן גענאָסן פון דעם רעכט, וואָס מיר רופן איצט: „עקסטעריטאָריאַליזם". ד. ה. אז דער פּלאַץ, וואס איינער פארנעמט אין אַ פרעמד לאַנד, ווערט באַ־טראכט, ווי זיין אייגענע, היימישע טעריטאַריע, און די הערשער פון לאַנד האָבן איבער דעם פּלאַץ קיין שליטה ניט. יעדער אַמבאַ־סאַדאָר פון וועלכן עס איז לאַנד, אין אַ וועלכער עס איז הויפּט־שטאט, געניסט איצט פונ׳ם זעלבינן רעכט. און אין דעם וואס די חשוב׳סטע ווייבער שלמה׳ס האָבן אָפּגעריכט זייער גאָטעסדינסט אויף דעם שטייגער, ווי זיי זענען עס געוואוינט געווען אין דער

היים, האט ניט געשטעקט די געפאר. און שוין זיכער ניט די אָב־
זיכט, אַראָפּצופירן די אידן פון וועג און זיי אָפּציען פון זייער
גאָט.

אָבער דער אומצופרידנקייט פעלט עס קיינמאָל ניט אין
נארונגס־שטאָף. און די אומצופרידנקייט מיט די שווערע לאסטן,
וואס דאס פאלק האט געטראגן אויף זיך; די אומצופרידנקייט מיט
דער ברוטאַליטעט, וואס איז אָנגעווענט געווארן ביים איינמאָנען
די שווערע שטייערן; די אומצופרידקייט מיט דעם באַהאַלטענעם
גאָט, וואס דער קעניג האט אים ווי צוגענומען פאר זיך — איז
געלעגן אויפ׳ן האנט. דערמיט האבן זיך פארשיידענע באנוצט אין
זייער העצע געגן שלמה׳ן. עס האבן זיך באנוצט דערמיט די גאטס־
פארכטיגע נביאים, וואס האבן ניט געליטן שלמה׳ס טאָלעראנץ;
עס האָבן זיך באנוצט דערמיט די, וואָס האָבן געבענקט נאָך די
כנענים׳שע גאָטהייטן; עס האָבן זיך באנוצט דערמיט אויך די
אלטע שונאים דוד׳ס, — דער שבט אפרים, וואס האט מקנא גע־
ווען דעם שבט יהודה, וואס פון אים האט דוד׳ס דינאסטיע גע־
שטאמט, און אויך די נאָענטסטע און ווייטע שכנים האָבן אָנגעהויבן
אויסצונוצן די אומצופרידנקייט, וואָס האָט געהערשט צווישן אידן.

אין משך פון די צענדליגער יארן, וואס דוד האט געקיניגט,
און נאך אים שלמה, האט זיך די אינעווענינגסטע לאגע אין מצרים
געענדערט צו בעסערן. האט מצרים ווידער אָנגעהויבן צו טראכטן
וועגן איר אויבערהערשאפט אין פאלעסטינא. מען האט זיך אָנ־
געהויבן אינטערעסירן מיט דער לאגע אין דער אידישער מלוכה.
און זעענדיג די גרויסע אומצופרידנקייט אין לאנד, האָט מצרים
אָנגעהויבן צו העצן די אומצופרידענע און זיי צוזאָגן איר שטיצע.

דער ערשטער שכן, וואס האט זיך ערלויבט מורד צו זיין אין
שלמה׳ן, איז געווען אדום. א מיטגליד פון דער אדום׳שער
קעניגליכער פאמיליע, מיט׳ן נאמען הדד, איז אנטלאפן קיין
מצרים, נאָך בעת דוד האט געהאט איינגענומען דאס לאנד אדום
און די באפעלקערונג זיך אונטערטעניג געמאכט. ווי לאנג די אי־

דישע מלוכה אין פּאַלעסטינאַ איז געווען ביי איר שטאַרקייט און אייניגקייט, און ווי לאַנג מצרים איז געווען גלייכגילטיג צו דעם, וואָס אין ארץ ישראל קומט פאָר, איז אויך הדד שטיל געזעסן און זיך פון אָרט ניט גערירט. אָבער אַז די צייטן האָבן זיך געענדערט: אין אידישן קעניגרייך האָט אָנגעהויבן הערשן אומצופרידנקייט; מצרים איז געוואָרן אויפמערקזאַם צו דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר און זוכט צו אינטריגירן צווישן די דאָרטיגע פעלקער — איצט גלויבט הדד, אַז זיין צייט איז געקומען. ער קערט זיך אום צוריק אַהיים, זאַמלט אַרום זיך גרעסערע באַנדעס פּאַטריאָטיש געשטימטע לאַנדסלייט, רייסט אַפילו אָפּ אַ שטיקל לאַנד פון שלמה'ס מלוכה און באַנוגנט זיך דערמיט, וואָס ער באַפאַלט אָפט אידישע גרעניץ־ישובים.

און נאָך אדום קומט אפרים. ריכטיגער: איינער פון אפרים: ירבעם בן נבט. אַ מענש מיט פיל ענערגיע. באַקאַנט מיט'ן הויף לעבן. זייער אָנגעזעען בּאַ שלמה'ן, אַלס אויפזייער פון די עפנטליכע בנינים אין דער רעזידענץ. שפּעטער — דער פאַרוואַלטער איבער די קעניגליכע שטייערן פון מנשה און אפרים. און זיין הויכע שטעלונג האָט ער אויסגענוצט געגן שלמה'ן. ער ציהט אויך צו צו זיך דעם נביא אחיה, פון שילה, וואָס איז אויך, ווי אַלע זיינע חברים, געווען אומצופרידן מיט שלמה'ס הנהגה, בנוגע דער געצנדינסט פון זיינע פרויען. אינאיינעם האָט מען עס פאַנאַנדערגעבלאָזן די אומצופרידנקייט פון פאָלק. ירבעם האָט געמיינט, אַז ס'וועט אים געלינגען צו ברייננגען צו אַן אויפשטאַנד אין אפרים, על כל פנים, און ער וועט קומען צו מאַכט. אַזוי איז עס אָבער ניט געווען. מ'איז געוואָר געוואָרן פון דער געפּלאַנטער מרידה און געוואָלט ירבעמ'ען הרג'נען. כדי זיך צו ראַטעווען, אַנטלויפט ער קיין מצרים, וואו ער געפינט שוץ אין קעניגליכן הויף. און דאָרט בלייבט ער ביז אין שלמה'ס טויט אריין.

און נאָך אַ שונא, אַן אויסערליכער, האָט זיך דערהויבן געגן שלמה'ן. אַ גענעראַל, פון אַ געשלאַגענער — דורך דוד'ן — אַראַ־

מייאישער אַרמעע, האָט צונויפגענומען אַרום זיך אַ היבשע באַנ־דע פּאַטריאָטיש געשטימטע מורדים, און איבערגעפאַלן די אַלטע שטאָט דמשק, און זי ערקלערט פאַר זיין הויפּט־שטאָט. און שלמה איז ניט אימשטאַנד צוריק אָפּצונעמען די שטאָט — וואו ס'איז פון איצט אָן געוואַקסן אַ שטאַרקער געגנער פון דער אידישער מלוכה אין דער צוקונפט.

און אפילו דער אַלטער אידישער פריינט, חירם פון צור, נעמט אָפּ, פאַר חובות, צוואַנציג אידישע שטעט, און שלמה מוז עס זען און שווייגן. אָבער דאָס אַלץ איז שוין געווען בעת שלמה'ס עלטער.

אַ גליקליכער איז שלמה צו דער וועלט געקומען. אַ יונג, אויפ־שטייגענדיג פאָלק האָט געוואַרט אויף אים. אַ פעסטער טראָן איז געווען גרייט פאַר אים. אַכטונג און פריינדשאַפט האָט אים אַרומ־גערינגלט. אַ גוטער שם איז אים געגאַנגען פאַראויס. און אַ גאַנץ לעבן באַמיהט ער זיך אום גליק און גלאַנץ פון זיין לאַנד און זיין פאָלק —

און אוועקגייענדיג פון דער וועלט, פילט ער ווי שווערע וואָלקנס דריקן די לופט איבער זיין קאָפּ; שפּירט ער דעם שטורם ווי ער קומט איבער זיין לאַנד; הערט ער ווי די פאַראייניגונג פון זיין פאָלק האַלט אין קראַכן, און זעט דעם מלאך־המות זיך דער־נעענטערן צו די גאָלד־געשטימטע טויערן פון זיין קעניגרייך.

אויב ער זאָל מיט אַן אמת האָבן געשריבן „קהלת“, און אויב פון אים זאָל שטאַמען דער זאַץ: „הבל הבלים, הכל הבל“ — איז ער געווען פולשטענדיג באַרעכטיגט דערצו...

# רחבעם

געדיינקענדיג נאָך דוד'ס שטענדיגע מלחמות, אומצופרידן פון שלמה'ס אומגעהויערער פארשווענדרישקייט און אויפגעהעצט דורך די מאַכט־גלוסטיגע פונ'ם אייפערזיכטיגן שבט אפרים, — פּרואווט די גרויסע מערהייט פון אידישן פאלק אויסצונוצן די געלעגנהייט, וואָס אַ נייער מלך (רחבעם, דער זון פון שלמה) שטייגט ארויף אויפ'ן טראָן און זיי פּארלאַנגען געוויסע הנחות. דער מלך ווייסט דערפון און מאַכט זיך ניטוויסנדיג. ער לאָזט זיך קרוינען בלויז פון זיין שבט, יהודה, און פון דעם דערבייאיגן שבט בנימין, און האָפט, אַז די איבריגע שבטים וועלן אין גיכן אויך צו אים קומען. האט דען ניט אזוינס שוין געטראָפן מיט שאול'ן? האָט עס דען ניט געטראָפן אויך מיט דוד'ן? אָבער זעענדיג, אַז יענע איילן זיך ניט צו אים, איז ער געגאַנגען צום פאָלק. ער איז געקומען קיין שכם, וואס אין שבט אפרים, וואוהין עס זענען זיך אויך צונויפגעקומען די עלטסטע פון פאלק און זייער פיל פונ'ם פאָלק גופא. דאָרט האָט ער אויסגעהערט די איינציגע פאָדערונג: „גרינגער צו מאַכן זיין פאָטער'ס הארטע אַרבעט און דעם שווערן יאָך, וואס ער האט אויף זיי ארויפגעלייגט." ניט זייענדיג אזא העלד ווי זיין זיידע און ניט אזא חכם ווי זיין פאָטער, זעט ער אין דער פאָדערונג אַ באַליידיגונג פאר זיין קעניגליכער מאַיעסטעט. און ער לאָזט ענטפערן די עלטסטע פון פאלק: „מיין קליין פינגערל איז דיקער ווי דער דיך פון מיין פאטער. האט ער אויף אייך ארויפגעלייגט אַ שווערן יאָך, וועל איך אים נאָך שווערער מאכן; האט ער אייך געשמיסן מיט ריטער, וועל איך אייך שמייסן מיט שטעכיגע דערנער." אינ'ם פירער פון דער „דעלעגאציע" — ווי עס וואָלט איצט געהייסן — דערקענט ער דעם אַלטן העצער ירבעם בן נבט, וואס האט נאָך אין שלמה'ס צייטן גע־פּרואווט אראָפּצוזעצן דוד'ס דינאסטיע. ער האט ניט באגריפן,

אַז דאָ זענען ניט אַזוי וויכטיג די אַזוי־גערופענע „עקאָנאָמישע פאָדערונגען", ווי די פּאָליטישע צילן, וואָס שטעקט הינטער זיי, און אַז די איינציגע אויפגאבע פון דעם מאמענט איז — ארויס־צונעמען דעם ווינט פון ירבעמ'ס זעגלען: נאָכגעבן דעם פאָלק, און דאס מאכן גלייכגילטיג צו דער אגיטאציע געגן דוד'ס הויז. ער האט דאָס אַלץ ניט פארשטאַנען. אָבער וואס ער האט אליין ניט פארשטאנען, דאס האט מען אים באַלד געגעבן צו פארשטיין. דאס באַליידיגטע פאלק האט באלד אויפ'ן אָרט דערקלערט:

„וואָס געהערן מיר זיך אָן מיט דוד'ן און וואָס גייט אונז אָן דער זון פון ישי? אהיים, אידן!"

און אַ מהומה איז געווארן. האט רחבעם ארויסגעשיקט דעם אויבער־פאַרוואַלטער איבער די שטייערן, זיך דורכצורעדן מיט די עלטסטע פון פאָלק. עס האָט זיך דאָרט געהאַנדלט וועגן פארקלענערן די שטייערן. אָבער אנשטאט צו רעדן מיט אים, האט אים דאס פאָלק פאַרוואָרפן מיט שטיינער. דער מלך האָט זיך דערשראָקן און אַנטלאפן אַהיים קיין ירושלים. איינגיכן קרוינען די איבריגע צען שבטים, אָדער „בני ישראל", ירבעס'ן פאַר אַ מלך איבער זיך. זיין רעזידענץ איז שכם — דער צענטר פון שבט אפרים. פון דער איינער, פעסטער אידישער מלוכה, איז געווארן צוויי. איינע מיט'ן נאָמען „מלכות יהודה", די צווייטע — „מלכות ישראל".

די לאַנגאָניגע אינטריגע פון שבט אפרים האָט געזיגט. איז נאָך דעם זיג וועמען עס איז בעסער געוואָרן? איז דער יאָך פונ'ם שטייערצאָלער גרינגער געווארן? האט דאס פאלק גערוהט פון מלחמות? האָט עס געהאַט דאָס אָנזען, וואָס אין דוד'ס צייטן, דעם רוהם און דעם גלאַנץ, וואס אין די צייטן פון שלמה? איז די רעליגיע ריינער געוואָרן? איז דער באָדן אונטער זייערע פיס פעסטער געווארן?

די שטייערן ווערן פון איצט־אָן גרעסער און שווערער ווי פריער. צוליב דעם, וואָס די אידישע מלכים — דערהויפּט אין ישראל — פילן זיך ניט גענוג זיכער מיט'ן צוטרוי פון זייערע אונטערטאַנען און ניט מיט דער פעסטקייט פונ'ם פרידן מיט די

ארומיגע שכנים, מוזן זיי זייער פארזיכטיג און נאָכגיביג זיין מיט זייערע הויפּט־לייט, אָדער ווי זיי הייסן אין תנ"ך „גבורי החיל." זיי זענען די מיוחסים, די פּריצים אָדער די אַריסטאָקראַטן אין לאַנד. זיי האָבן די אמת'ע דעה ניט בלויז אין לאַנד, נאָר אויך ביים קעניג. די בעסערע פעלדער און וויינגערטנער שענקט דער קעניג די דאָזיגע העלדן זיינע. דאָס פּויערים־פאָלק, וואָס לעבט אויף דעם באָדן און באַאַרבייט אים, מוז טיילן זיינע פּראָדוקטן אי מיט'ן קעניג אי מיט'ן האַר פונ'ם באָדן. און וואס שוואכער דער קעניג, אַלץ שטאַרקער זיין קאַמאַריליע און אירע קרובים. איז אזא איינער אומצופרידן דערמיט וואָס קומט אוים אויף זיין חלק, רייסט ער מיט גוואַלד ארויס פון פּויער'ס האַנט וואָס אים טוט וואויל־געפעלן. ווארים אויף זיי איז ניט געווען קיין געריכט אין ניט קיין ריכטער. ווייסט מען דאָך פון אַ פאַקט, ווען אפילו אַ מלך אין ישראל ערלויבט זיך אַמאָל אָנצושטעלן פאַלשע עדות און געשטיצט אויף זייער עדות־זאָגן לאָזן אַן אָרימען מענשן פאַר־משפּט'ן צום טויט פאַר פאַרראַט, כדי צו קאָנען קאָנפיסקירן יע־נעמ'ס שיינעם וויינגאַרטן... דאָס פאַלק קרעכצט אונטער'ן יאָך פון די פּריצים. און זיי, די פּריצים, לאָזן זיך וואוילגיין, זיי פאַרשווענדן פאַרמעגנס אויף פּאַלאַצן, קליידונג, צירונג — גאַנץ לויט דער דעמאָלסטיגער מאָדע אין צור, צידון, אָדער גאָר אין בבל. זייער לוקסוס שטייגט איבער אַלץ, וואָס דאָס פאַלק האַט דערפון געזען. נאָר ווייניג פונ'ם פּויערים־פאָלק קאָנען פון דער ערד אַרויסבאַקומען אַזוי פיל, וויפיל עס ווערט פון אים געפאָ־דערט. פיל וואַרפן אַוועק דאָס דאָרף, דאָס לאַנד און די ערד־אַר־בייט און ציען אַריין אין שטאָט.

אָבער די מלחמות האָבן אויך ניט אויפגעהערט. קודם־כל: צווישן דעם מלך־ישראל און דעם מלך־יהודה. דער לעצטער האַט ניט אַנדערש געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט זיין געגנער, דעם מלך פון ישראל, און צוריק אָפּנעמען דאָס לאַנד און די באַפעל־קערונג וואָס האַט אַנגעהערט זיין פאָטער און זיין זיידן. דאָס גיט זיך אים אָבער ניט איין. יענעם קען ער ניט איינגעמען. ער ווערט

אָבער אויך ניט אזוי שטאַרק געשלאָגן, אז עס זאָל זיך אים מער ניט וועלן קיין מלחמה. ציען זיך די מלחמות אָן אַ סוף. איינמאָל נאָר געלינגט עס דעם מלך פון יהודה צו פאַריאָגן דעם מלך ישראל פון שכם. יענער מוז זיך אריבערכאַפּן דעם ירדן און איינאָרדנען זיין רעזידענץ אין דער שטאָט פנואל. און אז דער מלך פון יהודה לאָזט אים אַלץ ניט רוען, ווענדט ער זיך נאָך הילף צו זיין אַלטן פריינט, דעם מלך פון מצרים, ששק (עגיפּטיש: שעשאָנק). און יענער, הגם ניט קיין גרויסער קריגסמאַן און מיט קיין שום נצחונות ניט באַרימט, לאָזט זיך ניט לאַנג בעטן און נעמט אונטער אַ רויב־צוג אין לאַנד כנען, וואָס איז דאָך פון קדמונים־אָן געהאַט געשטאַנען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון מצרים. עס קומט אָן ניט שווער אַריינצוקומען קיין ירושלים. ער רויבט אויס דעם בית־המקדש. רויבט אויס די אַרסענאַלן, דערהויפּט געפעלן אים די גאָלדענע פאַנצערס, וואָס שלמה האָט געלאָזט מאַכן, און קוים אַריין אין אַזאַרט, שאַנעוועט ער שוין פאַר איינס ישראל אויך ניט. קומט אַהין, רויבט אויס וויפיל ער קען און פירט עס אַוועק קיין מצרים. זיין „גרויסן נצחון" לאָזט ער פאַרשרייבן אויף אַ וואַנט פון'ם גרויסן הויף ביים טעמפּל פון זיין גאָט א מ ו ן , וואָס אין קאַר־נאַק (מיטל־עגיפּטן). באַרויבט האָט ער ביידן, אָבער געהאָלפן האָט ער קיינעם ניט. די אייגענע געשיכטע חזר'ט זיך איבער שפּעטער ביי די יורשים פון רחבעם און ירבעם. בעשא, דער מלך פון ישראל, גייט אויף מלחמה צו האַלטן מיט יהודה. כדי זיך צו פאַרזיכערן פון אַן אָנפאַל, בעת ער וועט זיין פאַרנומען אויפ'ן קריגס־פּלאַץ, שליסט ער אַ בונד מיט אַרמים, גיט זיי הנחות בנוגע זייער צוקומען צום ים דורכ'ן לאַנד ישראל. ער האַלט מלחמה מיט יהודה און האָט ערפאָלג. ער נעמט איין די שטאָט רמה, ניט ווייט פון ירושלים, באַפעסטיגט זי און שניידט אָפּ דעם האַנדלס־וועג פון יהודה צו צפון־צו. נעמט דער קעניג פון יהודה, אסא האָט ער גע־הייסן, זייער פיל גאָלד און זילבער פון די אוצרות פון בית המקדש און שיקט עס אַוועק צו די אַרמים, אַזוי צו זאָגן: „צעשטער דיין בונד מיט'ן קעניג בעשא פון ישראל, און זאָל ער אָפּטרעטן פון מיר".

לאָזן זיך די ארמים איבערערדן, פאַלן אריין אין מלכות ישראל, נעמען צו עטליכע שטעט, און דאָס צווינגט בעשא'ן מוחל צו זיין דעם נצחון זיינעם אין יהודה און לויפן ראַטעווען זיין אייגן לאַנד.

און די שכנים ארום? זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז נאָכ'ן צעפאַלן פון דער אידישער מלוכה, און בפרט בעת זייער מלחמה־האַלטן צווישן זיך, האָבן אַלע שכנ'ישע פעלקער אויפגעהויבן די קעפּ. וועגן מצרים האָבן מיר שוין גערעדט. ביי א געאייניגטן פאָלק ישראל וואָלט זיך אַזאַ ששק ניט ערלויבט אַזוי גיך אונטער־צונעמען אַזאַ רויב־צוג אין כנען. און וואָלט ער אים יאָ אונטער־גענומען, וואָלט ער אים ניט אָפּגעגאַנגען אַזוי גרינג. און צי נאָר מצרים? אָט איז אפילו ארם. אין דוד'ס צייטן האָט ער זיך שוין געלאָזט מערקן מיט זיין הויפּטשטאָט דמשק, אָבער קיין וועזן איז ניט געווען פון אים צו מאַכן. איצט איז ארם געווען דאָס געזיי־כערטע פאָלק פון יידע אידישע מלוכות, יעדע זוכט אים צו געווינען אויף איר זייט געגן דעם ברודער, דעם שונא... און ארם לאָזט זיך שטענדיג געווינען פון דעם, וואָס גיט אַ העכערן פּרייז. גענערט פון דער אידישער אוממעכטיקייט, איז ארם גרוים געוואַקסן צו אַן ערנסטן און געפערליכן שונא פאַר אידן. און ניט בלויז ארם. אונזערע אַלטע באַקאַנטע פלשתים, וואָס דוד נאָך האָט זיי געהאַט צעשלאָגן און אונטערטעניג געמאַכט, האָבן זיך ווידער באַוויזן אויפ'ן מלחמה־פּלאַץ אין קאַמף מיט'ן מלך פון ישראל, און אפילו מואב האָט זיך אויך איצט געמעלדעט צום קאַמף. דוד האָט זיי געהאַט איינגענומען, מס־פליכטיג געמאַכט, און לאַנגע דורות האָבן זיי רואיג געלעבט אין זייער ווינקל — צו מזרח פון יריחו און פונ'ם טויטן ים. דערשפּירט די אידישע שוואַכקייט, שטאַרקט זיך מואב און ריכט אויף אַן אייגענע מלוכה מיט דער שטאָט דיבון אַלס הויפּטשטאָט. די שטאָט — דרך אגב באַמערקט — עקזיסטירט נאָך ביז'ן היינטיגן טאָג.

און אויך די רעליגיע, וואָס פון אירטוועגן האָבן די נביאים מיטגעהאָלפן ירבעמ'ען, איז ניט אויפגעריכט געוואָרן נאָך דער שפּאַלטונג ביי אידן.

וואָרים ניט האָבנדיג קיין שום אַנדערע פֿייאיגקייטן, מ׳ט וואָס זיך צו מאַכן פֿאַרדינט און באַליבט ביים פֿאָלק, לאָזט זיך ירבעם אריין אין חנפֿ׳ענען די רעליגיעזע ראָמאַנטיק פֿון פּראָסטן המון. ער ווייזט אַרויס סימפּאַטיע צו די אַלטע רעליגיעזע געוואוינ־הייטן און ווייטע עראינערונגען, וואָס לעבן געהיים אין פֿאָלק, און זוכט צו באַפֿרידיגן זייער שטיל־בענקען נאָך די אַלט־פֿאַרצייטיגע הייליגטימער — לאָקאַלע, און מיט באַזונדערע שבטים פֿאַרבונדענע, קולטן. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער מענש פֿון המון האָט ליב צו האָבן זיין רעליגיעז הייליגטום נאָענט ביים האַנט, און עס זאָל טאַקע זיין וואָס מיט׳ן האַנט צו טאַפּן, וואָס מיט׳ן אויג צו זען אויך. מעג זיין אַ ווילדער פֿעלד־שטיין, אַ פּשוט׳ע מצבה — אַלץ בעסער ווי גאָרניט... אגב האָט ער אויך געהאַט געגוג גרונד מורא צו האָבן, אַז אויב די רעליגיע וועט אויך ווייטער פֿאַראייניגן ישראל מיט יהודה, דער צענטער פֿון דער רעליגיע וועט בלייבן ירושלים און דער בית המקדש, און אידן וועלן אויך ווייטער גיין פֿייערן די יאָר־יום־טובים קיין ירושלים, ווי פֿריער, וועלן זיי מיט דער צייט אויך פּאָ־ליטיש איבערגיין צום מלך פֿון יהודה. כדי עס זאָל דערצו ניט קומען, לאָזט ער באַנייען צוויי אַלטע, היסטאָריש־באַרימטע רעלי־גיעזע הייליגטימער: ב ת ־ א ל און ד ן. דאָס ערשטע איז אין אפֿרים, אין דרום פֿון מלכות־ישראל — אַ הייליגטום — אַ באַרימטע מצבה און מיט אַ יחוס ביז יעקב אבינו. און דאָס צווייטע איז אויך נאָך אין דער צייט פֿון די שופֿטים באַוואוסט געוועזן מיט איר אָראַקל אויף יאַהווע׳ס נאָמען. אין די צוויי הייליגע פּלעצער לאָזט ירבעם אויסבויען צוויי טעמפּלען. שטעלט דאָרט אַוועק צוויי גאָלדענע קעלבער און באַפֿוילט: „דאָס זיינען ד י י נ ע געטער, ישראל, און זיי זאָלסטו דינען. מיט ירושלים האָסטו מער קיין שום מגע ומשא ניט — ווייל אָט די געטער, וואָס דו זעסט פֿאַר זיך, האָבן עס דיך אויך פֿון מצרים אַרויסגעפֿירט...“ אַלזאָ — אַן א י י ג ע נ ע ר גאָט. „דער גאָט פֿון ישראל“, נאָר אַ גע׳כּבענ׳יזירטער, — אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן.

און דאָס איז געווען אַ פֿאַרברעכן, ניט בלויז געגן דער ריינקייט

פון דער אידישער רעליגיע, וואָס האָט אָנגעהויבן זיך איינצוואָרצ־לען בא אידן פון שמואל׳ס צייטן אָן, ניט נאָר געגן דער אָנער־קענונג פון בית המקדש אַלס רעליגיעז־נאַציאָנאַלער צענטער, נאָר אויך געגן דעם קיום פון דער נאַציאָן בכלל. ווארים די גאַנצע טעטיקייט פון די אידן און זייערע אָנפירער אין כנען איז באַשטאַנען — אין קאַמף געגן דער השפעה פון די כנענים, סיי פּאָליטיש, סיי רעליגיעז. און זייער פיל איז די ביז איצטיגע מלכים געלונגען אין דעם פּרט. ירבעם קערט אָבער ווידער אום די אידן צו דעם צו־שטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען אין דער צייט פון די שופטים. כנענ׳יזירן די רעליגיע — דאָס איז פון איצט אָן די מלוכה־פּאָליטיק אין ישראל. און נאָך איינס: אין דעם באַזונדערן, נאַציאָנאַל־רעליגיעזן באוואוסטזיין איז באַשטאַנען די זעלבסט־באַהויפּטונג פון די אידן געגן די כנענים. אָן דעם דאָזיגן באַ־וואוסטזיין האָבן זיי אויך פּאָליטיש־נאַציאָנאַל געמוזט אונטערגיין. דאָס האָבן ריכטיג איינגעזען די נביאים, וואָס האָבן אליין מיט־געהאָלפן ירבעמ׳ען אין זיין נצחון. אינגיכן שוין איז פאַר זיי קיין פּלאַץ ניט געווען אין ישראל. מ׳האָט זיי פאַרפאָלגט און זיי האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן אָדער אנטלויפן קיין יהודה. אמת, אין יהודה האָט מען אויך צייטנווייז אנערקענט פרעמדן גאָטעס־דינסט, אָבער צייטנווייז האָט זיך דער איינער אָדער אַנדערער מלך באַגייסטערט און די געצענדינערייַ אויסגערוימט. אין ישראל אָבער איז די געצענדינסט געווען, אַזוי צו זאָגן, די ה ע ר ש נ ד ע, אָדער די מלוכה־רעליגיע.

און אַ חוץ דעם אַלעם. די בני ישראל זיינען לאַנגע יאָרן געזעסן ווי אויף אַ וואולקאַן. ניט געקוקט דאַרויף, וואָס ירבעם האָט אַזוי געשטרעבט צו מאַכט, האָט ער דאָך די מאַכט ניט געקענט אָנווענדן צו גונסטן פון פאָלק און ניט צו גונסטן פון זיין דינאַסטיע. ניט האָט ער געקענט פאַראייניגן די צען שבטים אין אַ שטאַרקן פאַרבאַנד, און ניט האָט ער פאַרמאָגט די גרויסע אידעע, וואָס מיט איר קראַפט זאָל ע ר דאָס קאָנען טאָן. שוין ירבעמ׳ס זון קומט אום פון דינאַסטישע מהומות. און די דאָזיגע מהומות ציען זיך

יאָרן אויף יאָרן, ביז עס קומט צו אַ מיליטערישער דיקטאַטור. פון אַזוינע מהומות האָט מען דאָך אין יהודה ניט געוואוסט. דאָרט איז די דינאַסטיע געווען פעסט. בעסערע אָדער ערגערע מלכים, נאָר פון קיין הויף־רעוואָלוציעס ווייס מען דאָרט ניט. אָבער די מיליטערישע דיקטאַטור אין ארץ ישראל האָט איר געדינט צום גוטן. זי גרינדעט אַ נייע דינאַסטיע, וואָס האַלט זיך אויפ'ן טראָן אַ לענגערע צייט און מיט איר הויבט זיך אויך אָן אַ נייע תקופה אין דער אידישער געשיכטע.

## עקזיסטענץ און אונטערגאַנג פון מלכות ישראל

„און עס איז געווען בעת אַ מלחמה צווישן די אידן און די פלשתים“ —

אויפ'ן מלחמה־פלאַץ איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין דער־היים, אין דער רעזידענץ, איז שטאַרק אומרואיג. אַ סאָלדאַט מיט'ן נאָמען זמרי האָט דער'הרג'עט דעם קעניג אלה, אַ קעניג אַ שכור, און האָט זיך אַליין ערקלערט פאַר מלך. אויפ'ן פראָנט איז מען אומצופרעדן פון אַזאַ לאַגע; ער וויל אויך האָבן אַ דעה אין באַשטימען אַ קעניג. האָט דאָס חיל, וואָס אויפ'ן פראָנט, גענומען זיין פעלדמאַרשאַל, אַ מוטיגער קריגסמאַן, אַ קלוגער און פאַליטיקער און אים ערקלערט פאַר אַ מלך. אַז ער איז געקומען אין דער הויפּטשטאָט, האָט ער שוין געפונען פון דעם קעניג זמרי בלויז אַ בערגל אַש. ווארים הערנדיג, אַז עמרי איז געקרוינט פאַר קעניג און ער קומט אין שטאָט, האָט זמרי אונטערגעצונדן דעם קעניג־לאַכן פאַלאַץ, און אינאיינעם מיט אים איז אויך ער אַליין פאַר־ברענט געוואָרן.

מיט עמרי הויבט זיך אָן אַ נייע דינאַסטיע אין ארץ ישראל, וואָס האָלט אָן קנאַפּע הונדערט יאָר, און אויף דער צייט ווערן איינגעשטילט די אינווייניגסטע דינאַסטיע־מהומות אין לאַנד. ער בויט אויף אַ נייע רעזידענץ, אין אַ פּלאַץ, וואָס איז אַרומגע־רינגלט מיט בערג, און רופט זי מיט'ן נאָמען שומרון. פון איצט אָן איז די מלוכה פון די צען שבטים באַוואוסט אין דער אויסן־וועלט ווי: „עמרי'ס הויז“, און צווישן אידן, ווי: „מלכות שומרון“. אויסער די דאָזיגע צוויי אויפטועז — גרינדן אַ דינאַסטיע און בויען אַ רעזידענץ — וואָס האָבן געדינט צו גונסטן זיין מלוכה, פירט ער אויך מלחמה מיט מואב. עמרי נעמט איין מואב, פאַררוקט אים העט־ווייט צו דרום, נעמט אָפּ בא אים פיל שטעט און לאָזט זיך צאָלן יאָר־שטייער פון אים. אָבער ניט בלויז

אויפ'ן שלאַכט־פעלד איז ער טעטיג, ער פאַרשטייט אויך דעם פרידן אויסצונוצן צו אייגענע גונסטן. ברענגט ער צו אַ שלום צווישן די צוויי ברידער־מלוכות: ישראל און יהודה. די לעצטע האָט ענדליך אַמאָל אַנערקענט דעם פאַקט, אַז עס עקזיסטירט אַ זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה, וואָס וויל ניט און וועט מער ניט אַנקערן צו אַן אַנדער קעניגרייך, מעג עס אפילו זיין יהודה. אנשטאָט זיך צו רייסן צווישן זיך, טראַכט מען איצטער בעסער ווי זיך צו פאַרבינדן, כדי בייצושטיין געגן די פאַרשיידענע פיינד פון אויסן. עמרי איז זיך אויך מקרב צו די שכנ'ישע צורים (פעניציער). די פריינדשאַפט מיט צור גייט אַזוי ווייט, אַז עמרי האָט אפילו די עהרע אריינצוקריגן דעם צורישן קעניג'ס טאָכטער פאַר אַ ווייב צו זיין זון און קרוין־יורש אַ ח אַ ב.

נאָר אין איין פונקט איז עמרי אומגליקליך געווען: דאָס איז בנוגע די ארמים. אומאויפהערליכע צרות האָט עמרי פון זיי, פונקט ווי אידן האָבן אַמאָל געהאַט פון די פלשתים. ניט געווען זיך אָפּצושלאָגן פון זיי. און אַז בן־הדד, דער קעניג פון ארם, פאַלט אָן אויף ישראל, איז עמרי געצוואונגען אונטערצושרייבן אַזאַ שלום־אָפּמאַך, וואָס גיט די אַראַמייאישע קאַראַוואַנען פרייען דורכגאַנג דורכ'ן לאַנד ישראל, און אין דער הויפּט־שטאָט שומרון ווערן אָפּגעטיילט באַשטימטע דיסטריקטן, וואו עס וואוינען ארמים און פירן זייערע געשעפטן.

אָט דעם שונא, ארם, מיט דער הויפּטשטאָט דמשק, לאָזט עמרי איבער צו זיין קרוין־יורש, ער זאָל זיך מיט אים אָפּרעכענען. און נאָך אַ געפערליכען שונא לאָזט ער אים איבער — דאָס איז זיין, אחאב'ס, ווייב, איזבל, די טאָכטער פונ'ם צור'ישן קעניג. ווי פרעה'ס טאָכטער אין שלמה'ס הויף, אַזוי קומט אויך איזבל אין אחאב'ס הויף מיט איר גאָט, מיט איר קולט און מיט איר כהן־גדול. איר צוליב, בויט אחאב אין שומרון אַ טעמפּל לכבוד דעם בעל פון צור; דאָרט געפינט זיך אויך אַ הייליגער בוים — דער סימבאָל פון דער געטין אַסטאַרטע (עשתרת). ביים קולט פונ'ם בעל זיינען פאַרנומען געווען 450 כהנים און באַ אַסטאַרטע'ס קולט

— 4000. דער גאָטעס־דינסט קומט פּאָר אויף אַ געצענדינעריש שטייגער: אומזיטליכע האַנדלונגען, מעסער־שניטן ביז בלוט, וואָס איז געווען אין שאַרפן געגנזאַץ צום גאָט־דינען, וואָס איז ביים יאַהווישן קולט געווען גילטיג. וואָלט עס נאָך אפשר אַזאַ שטאַרקע ווירקונג ניט געהאַט אויף די אַרומיגע. איז אָבער איזבל ניט געגליכן צו פּרעה'ס טאָכטער. איזבל איז געווען אַ העפטיגע נאַטור, אַן ענערגישע און אַ הערשזיכטיגע. זי האָט זיך ניט באַנוגנט דערמיט, וואָס זי האָט פריי איר גאָט און איר קולט צו איר געברויך, ווי דאָס איז געווען מיט פּרעה'ס טאָכטער אין שלמה'ס הויף. זי נעמט זיך עס אונטער צו זיין אַ צור'ישע קולטור טרעגערן צווישן אידן. איר רעליגיע זאָל גילטן ווי די אָפיציעלע מלוכה־רעליגיע. אירע „נביאים" זאָלן אנערקענט ווערן ווי די אמת'ע, און די יאַהווישע רעליגיע, און יאַהווישע נביאים ווערן פאַרפאָלגט. ווערן אפילו אויסגעה'הרג'עט. זייער אָטעם ווערט ניט געדולדעט. יאַהוועס נאָמען טאָר אין איר געגנוואַרט ניט דערמאָנט ווערן. זי ערלויבט זיך דאָס — ווייל זי קען איר מאַן, דעם קעניג. בטבע אפשר אַן עהרליכער מאַן, ווען מ'לאָזט אים פריי פון זייטיגע השפּעות וואָלט ער, לויט זיינע אינווייניגסטע נייגונגען, געהאַנדעלט זייער עהרליך: צום אידישן גאָט יאַהווע וואָלט ער געדינט; קיין דעספּאָטישע גרויזאַמקייטן וואָלט ער זיך ניט ערלויבט און מיט די יאַהווישע נביאים וואָלט ער זיך געפריינדלט און זיך צוגעהערט צו זייערע רייד. אָבער אונטער דער השפּעה פון אַזאַ דעספּאָטישן פאַנאַטיקער ווי איזבל פון איין זייט, און אונטער דער השפּעה פון אַזאַ פלאַם־פייערדיגן רעליגיעזן פאַנאַטיקער ווי אליהו הנביא פון דער אַנדערער זייט, פאַרלירט זיך אחאב אינגאַנצן. „שפּרינגט ער פון צווייג צו צווייג" — ווי עס ווערט אין תנ"ך אויסגעדריקט. אָט טוט ער אַלדאָס בייז און אָט האָט ער חרטה; אָט טוט ער אַלדאָס גוטס און אָט האָט ער ווידער חרטה; אָט סטראַשעט ער די נביאים מיט'ן טויט, און אָט שיקט ער זיי רופן און ווי אַ געהאָרכזאַמער תלמיד הערט ער זיך אונטערטעניג צו צו יעדן וואָרט זייערן. און אָט לאָזט ער זיך נביאות־זאָגן פון די נביאים פון בעל.

און ווי דער קעניג אזוי דאָס פאָלק. ער שפּרינגט פון צווייג צו צווייג, און דאָס פאָלק נאָך אים. דער רוב פון פאָלק זוכט יוצא צו זיין פאר אלע געטער. אי פאר'ן אידישן, פאר יאהווע'ן, אי פאר'ן צור'ישן, פאר בעל. און נאָר א קליינע מינדערהייט איז א י נ ג א נ צ ן איבערגעגעבן דעם געצענדינסט, און אן אנדער מינדערהייט איז א י נ ג א נ צ ן איבערגעגעבן צו יאהווע, און גייט אין דעם וועג, וואָס יאהווע'ס נביאים הייסן אים גיין. אזוי קומט עס אין לאנד צו אן אמת'ער רעליגיעזער וואקכאנאליע. עס בילדן זיך פארשיידענע רעליגיעזע גרופּן אָדער פארטייען. די נביאים שיטן פעך און שוועבל אויפ'ן צור'ישן בעל און אויף זיינע אנהענגער, און די אנהענגער פון בעל ברענגען די טריט פון די אנהענגער פון יאהווע. די יאהווע'שע נביאים פאָדערן ריינקייט אין קולט און קלאָרקייט פון געדאנקען: אָדער גאָט יאהווע, אָדער בעל! עס קומט צו קאמפן, עס קומט צו בלוטפארגיסן. דאָס פאָלק ווערט צעריסן אינעווייניג אויף שטיקער, עס וואקסט די אומצופרידנקייט מיט דער לאגע, און איזבל האנדעלט אליין און רעדט אָן איר כאראקטערלאָזן מאן צו האנדלען אזוי, אז די אומצופרידנקייט זאָל נאָך מער וואקסן. און דאָס שוין ניט אויפ'ן געביט פון רעליגיע, נאָר אויך אויפ'ן געביט פון סאָציאלער גערעכטיקייט.

דערפאר האָט אחאב מער מזל אין זיין אויסווערטיגער פּאָליטיק. צוויי גליקליכע מלחמות פירט ער מיט ארם. ער נעמט אָפּ צוריק די שטעט, וואָס ארם האָט געהאט צוגענומען פון אחאב'ס פאָטער עמרי. און אין דמשק ווערט אידן אָפּגעגעבן אזא האנדעלס־קווארטאל, ווי די ארמים האָבן פון לאנג־אָן געהאט אין שומרון. ער האָט ווייטער אָנגעפירט דעם פאָטער'ס פרידליכע פּאָליטיק מיט דער ברודער־מלוכה יהודה. אחאב'ס טאָכטער, עתליה, ווערט א שנור אין הויף פון יהודה. וואָלט אלץ גוט געווען, איז אָבער בן־הדד, דער קעניג פון ארם, ניט געווען קיין וואָרטס־מאן. די שלום־אָפּמאכן מיט אחאב'ן האָט ער ניט געהאלטן — ניט קוקנדיג דערויף, וואָס בלויז אחאב'ס פחדנות, אָדער גוטסקייט, האָט אים, בן־הדד'ן, א געפאנגענעם, געשאָנקען דאָס לעבן. איז, אז עס איז אוועקגע־

גאַנגען דריי יאָר צייט, האָט זיך אחאב פאַרבונדן מיט'ן קעניג פון יהודה, יהושפט, און ביידע זיינען ארויסגעטראָטן קעגן אַרם. אין דער מלחמה איז אחאב דער'הרג'עט געוואָרן.

זיין טויט ענדערט כמעט גאָרנישט אין לעבן פון דער מלוכה. זיינע קרוין־יורשים — פריער אחזיהו, און אַז דער שטאַרבט, יורם — גייען אויפ'ן געביט פון רעליגיע און אין אינערלאַכן מלוכה־לעבן אין דעם וועג פון זייער מוטער איזבל, און אין דער אויסערער פאַליטיק — אין וועג פון זייער פאָטער אחאב. נאָר מיט ווייניגער מזל. אויך אחזיהו שטייט אין פארבינדונג מיט'ן מלך פון יהודה, ביידע טרעטן ארויס געגן מואב, וואָס האָט זיך שוין ווידער ערקלערט פאַר אומאָפּהענגיג. דעם קריג פאַרשפּילן זיי אָבער. און אין אַ מלחמה מיט אים ווערט יורם שטאַרק פאַרוואונדעט. די מפּלות שטאַרקן אין פאָלק די אויפרעגונג געגן דער דינאַסטיע פון עמרי. עס בילדעט זיך אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע. די אָפּאָזיציע ווערט געשטאַרקט דורך דער אַגיטאַציע פון דעם גרעסטן נביא פון יענער צייט, א ל י ש ע. און ער ברענגט דערצו, אַז דאָס חיל אויפ'ן פראָנט קרוינט זיין אָנפירער, יהוא בן נמשי, פאַר אַ קעניג. ער ברענגט אום די גאַנצע קעניגליכע משפחה פון עמרי'ס דינאַסטיע, פון דער אַלטער קעניגין איזבל ביז דעם אינגסטן זון פון יורם. ער פאַרפאָלגט און האָט אויס אויך די געצען און זייערע דינער אין די טויזנטער. נאָר די קעלבער אין בית־אל און אין דן, וואָס ירבעם האָט אוועקגעשטעלט, לאָזט ער איבער, כדי ניט צופיל צו דערצאָרנען דאָס „גלויביגע" פאָלק. אָבער ניט קוקנדיג אויף זיין דרך ארץ פאַר די גאָלדענע קעלבער און ניט קוקנדיג אויף די טייכן בלוט, וואָס ער האָט פאַרגאָסן, פילט ער זיך דאָך ניט גאַנץ זיכער אויפ'ן טראָן. די בעל־דינער זיינען אויפגערעגט דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעראָטן דעם צור'ישן בעל און אומגעבראַכט אַזויפיל פון זייערע „גלויבענס־גענאָסן". די יאַהווע־טרייע זיינען אויפגערעגט דערפאַר, וואָס ער האָט דאָך איבערגעלאָזט די ירבעם'שע קעלבער. די פריינדשאַפט פון די צורים וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט „עמרי'ס הויז", האָט איצט אויפגעהערט — ווייל אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט

עמרי'ס נאמען, איז דאך געווארן אויסגעווארצלט. און דעם קריג מיט ארם האט מען דאך געמוזט ווייטער פירן, כדי דאס לאנד צו פארטיידיגן. א שווערע לאגע! דערצו איז יהוא געווען זייער א האסטיגער, אן אימפולסיווע נאטור און א „שטיק־משוגע'נער“, ווי עס שטייט אין תנ"ך. נוצט ער אויס א געלעגנהייט, וואס איז געווען דער אנהויב פון סוף פון דער שומרונ'ישער מלוכה. גראד אין יענער, פאר יהוא'ן קריטישער צייט מאכט דער מלך פון אשור, שלמנאסר דער דריטער, א קריגס־צוג קיין סיריע. שיקט צו אים יהוא זיינע שליחים, אדער באמיט זיך אליין צו אים, און ערקלערט זיך אונטערטעניג צו אשור. ער האפט, אז האבנדיג דעם גרויסן קעניג פאר א פריינט, וועט ער גיכער קאנען בייקומען די אינוועניגע שוועריקייטן, פאר וועלכע די בלוטיגע רעוואלוציע האט אים גע־שטעלט. און אונטערטעניקייט גייט אינאיינעם מיט מתנות. גע־פינט מען טאקע אויפ'ן באוואוסטן א ב ע ל י ס ק פון ש ל מ נ א ס ר די אויפשריפט: „מס פון יהוא, פונ'ם הויז עמרי (געמיינט ישראל), זילבער, גאלד“ א. אז. וו. דאס איז געווען דער ערשטער אידישער קעניג, וואס האט געצאלט קאנטריבוציע, און פון אייגענעם ווילן, דעם מלך פון אשור.

## ווער אזוינס איז געווען די גרויזאמע אשור?

דאס איז געווען א קרובה'שער שבט פון די בבלים. לכתחילה זיינען זיי געווען בארג־איינוואוינער, ארום דעם אויבערשטן טייל פון די טייכן גיחון און פרת. שפעטער לאזן זיי זיך אראפ פון די בערג אין טאל אריין, ארום מיטלסטן לויף פון די צוויי גרויסע טייכן. דארט בויען זיי א שטאט פאר זיך מיט'ן נאמען נינוה, און זיצן א קורצע צייט רואיג. אבער איינגיכן ווערן זיי אומרואיג. עס ווערט זיי ענג. און ווי א לאווע האבן זיי זיך א גאס געטאן אויפ'ן גאט געבענטשטן בבל. שוין דער ערשטער קוק אויף זיי ווארפט אן אימה. לאנג־בערדיגע, קופערנע קאסקעס, לאנגע פיקעס, און ווי א שטורם בא־וועגן זיי זיך. דער נביא ישעיה כאראקטעריזירט זיי אם שענסטן: „דער אסירישער קריגס־מאן — זאגט ישעיה — גייט געשווינד און

גרינג. ער ווערט ניט מיד און ווערט ניט שוואך. ער שלאָפט ניט און ער דרימלט ניט. דעם גארטל פון זיינע לענדן נעמט ער קיינמאָל ניט אראָפּ, דאָס שנירל פון זיינע שיך בינדט ער קיינמאָל ניט אויף. שטענדיג זענען זיינע פיילן געשארפט, זיין בויגן אָנגע־צויגן. די קאָפּיטעס פון זיינע פערד זיינען פייער־שטיינער, זיינע רייטוועגן — שטורמווינט. א געשריי טוט ער ווי א לייב. ער ברומט, כאפּט זיין רויב, אנטלויפט מיט אים און קיינער קאָן דאָ ניט ראטעווען". איינגענומען בבל רוקט זיך אשור ווייטער, אויף דמשק. ער וויל איינשלינגען ארם, און פון דאָרט וואַרפט ער אַן אויג אויף מצרים. און אויב ישראל האָט ניט געוואַרט אויף מלחמה און איז אליין געקומען, מיט פולע הענט, און זיך אונטערגעגעבן, איז שלמנאסר אודאי צופרידן — קימערט זיך אָבער זייער ווייניג וועגן יהוא'ס לאגע. און די לאגע איז א טרויעריגע. ארם לאָזט ניט רוען. בן־הדד'ס זון, פּזאל, איז נאָך מער אָנשיקעניש און פיל ענערגישער ווי זיין פאָטער איז געווען. דערצו פאַרבינדט ער זיך נאָך מיט די רעשטלאך פון עמון, פון מואב, פון אדום און זיי לאָזן ניט דער מלוכה פון ישראל קיין חיי־שעה. ערשט יהוא'ס אייניקל, יהואש, צעשלאָגט די ארמים און נעמט אָפּ צוריק אלע יענע שטעט, וואָס ארם האָט פריער געהאט צוגענומען פון די אידן. און דאָס גע־לינגט אים דערפאר, וואס אשור האט אָנגעהויבן אָפּט אריינפאלן אין ארם. דערפון איז ארם געווארן עקאנאמיש און מיליטעריש זייער אָפּגעשוואכט. און מיט א שוואכער ארם האָט זיך א מלך פון ישראל אויך געקאנט אן עצה געבן...

דער דאָזיגער צושטאנד מאכט עס אויך מעגלאך דעם פאָר־לעצטן קעניג פון יהוא'ס דינאסטיע, „ירבעם דעם צווייטן", ענד־גילטיג אונטערטעניג צו מאכן ארם אויף א געוויסער צייט. אָבער אָט דער ירבעם איז עס אויך דער לעצטער ליכטיגער שטראל אויפ'ן האָריזאנט פון דער שומרונ'ישער מלוכה. ער האט אויך די מואבים צוריק פאַרוקט אין זייער ווינקל, ארום טויטן ים, און זיי געצוואונגן צו שטילשטאנד און צו שטייער צאלן. דאס איי־גענע טוט ער אויך מיט אנדערע, קלענערע שבטים, וואס האבן

ישראל באאומרוהיגט. אין זיין צייט (ער האט געקעניגט קנאפּע זעכציג יאר) איז דאס קעניגרייך ישראל געווען אויסגעשפּרייט פון בארג לבנון ביז צום טויטן ים. אָבער פון אים אָן הויבט זיך שוין אָן די גסיסה פון דעם קעניגרייך. ירבעם'ס זון קעניגט אַ האלב יאר און ווערט דער'הרג'עט. און דער וואס האט אים דער'הרג'עט, קעניגט אַ חודש און ווערט אויך דער'הרג'עט פון אַ מיליטערישן הויפּטמאַן מיט'ן נאָמען מנחם. ווי יהוא, פּרואווט אויך ער צו באַפעסטיגן זיין טראָן דורך רציחות. און ווי יהוא, זייענדיג אומזיכער אינווענינג, זוכט ער שטיצע פון אויסן. און אויך ביים מלך פון אשור. אין דער צייט האט דער אשור'שער מלך פול (פּאַרקירצט פון תגלת־פלאסר) געמאכט א רויב־צוג דורך ישראל. מנחם נוצט אויס די געלעגנהייט, וואס דער גרויסער קע־ניג פון אשור געפינט זיך אין זיין לאַנד. גיט אים מנחם טויזנט ככר זילבער און בעט אים צו מאכן אָרדנונג אין לאַנד. פול איז צופריד'ן מיט דער „מתנה", און קערט זיך אום אַהיים, מיט־נעמענדיג א גרויסן שטח לאנד פון ישראל און פאראייניגנדיג דאָס מיט אשור. אָבער שוין מנחמ'ען איז געווען שווער צו צאָלן יערליך דעם שטייער פון דעם מלך אשור. אין פאלק הויבט זיך אָן אַ געהרונג און אַן אומצופרידנקייט מיט אשור'ס עול.

צען יאר האט געקעניגט מנחם און צוויי יאר האט געקעניגט זיין זון. אָבער דער זון שטאַרבט שוין ניט „מיט זיין טויט". דעם קעניג'ס אדיוטאַנט, פּקח בן רמליהו, הרג'עט אים און ווערט אליין אַ קעניג. דער נייער קעניג קומט מיט א נייער פּאליטיק: אַ ר אָ פּ־ וואַרפן דעם יאָך פון אשור! ארום דעם לאזונג פאראייניגן זיך אויך אלע אַנדערע, קליינע אונטערדריקטע פעל־קער, ווי ארם, צור און זייער גלייכן. נאָר יהודה וויל נישט צו־שטיין צו דעם אַנטי־אשור בונד. פּאַרדריסט עס די פאַרבינדטע. פאראייניגט זיך ארם מיט ישראל און זיי גייען ביידע אָנלערנען יהודה פאַר איר נייטראַליטעט. אז די פאַרבינדטע זענען שוין געווען נאָענט צו ירושלים, שיקט דער מלך פון יהודה צו אשור און לאזט אים זאגן: „דיין קנעכט בין איך און דיין זון בין איך.

קום און ראטעווע מיר פון די הענט פון קעניג פון ישראל און פון קעניג פון ארם, וואס פיהרן מלחמה געגן מיר". דערצו, נאַ־טירלאַך, צוגעלייגט אַ שיינע מתנה. איז די פיינקייט פון מלך יהודה, וואָס איז ניט צוגעשטאַנען צו די מורדים, זייער געפעלן געווארן דעם מלך פון אשור. לאזט ער לאנג ניט ווארטן אויף זיך. ער קומט, נעהמט צו דמשק און מאכט עס פאר אַן אשור'שער פּראווינץ. פון ישראל נעמט ער אויך כמעט אַ העלפט לאַנד, און קערט זיך אום צוריק אַהיים. אָבער דאס מאָל ניט אויף לאַנג.

און הושע בן אלה הרג'עט דעם קעניג פקח בן רמליהו און מיט דער הילף פון אשור ווערט ער אַ קעניג איבער ישראל. ער פאַרפליכטעט זיך טריי צו דינען אשור און פּינקטליך צו צאָלן די קאָנטריבוציע. דאס איז אָבער אַ שווערער עול פאר דעם קליי־נעם לאַנד ישראל. און אַז תגלת פלאסר שטאַרבט, וואכט ווידער אויף די האפנונג פון די פעלקער אויף באפרייאונג. זיי גלויבן דאָס מאָל אין דער שטיצע פון מצרים. און הושע הערט אויף צו שיקן דעם יערלאַכן צינז צו אשור. אַזאַ חוצפה קאָן אשור ניט דערלאָזן. שלמנאסר, דער מלך פון אשור, איז געקומען קיין ישראל — נאָך דמשק'ס אונטערגאנג איז ישראל און אשור געווען אַ גרעניץ באַ אַ גרעניץ — איינגענומען שטאט נאָך שטאט, פּראַ־ווינץ נאָך פּראווינץ, און די באפעלקערונג פארטריבן אין ווייטע אשור'שע קאלאניעס. נאָר די שטאט שומרון האט זיך דריי יאר פארטיידיגט. אָבער איר באשערטן גורל האט זי ניט געקאנט אויסמיידן. אויך שומרון איז געפאלן. איר לעצטער קעניג איז אוועק אין געפאנגנשאפט. און די מענטשן, וואס זיינען אין לאנד נאָך געבליבן, ניט האבנדיג קיין איינהייטליכן קולט, ניט זייענ־דיג צונויפגעשמיט דורך איין העכער ענטוויקלטן רעליגיעזן גע־דאנק, גייען־אונטער מיט דער צייט. שומרון ווערט אַ בבלי־אשור'שע שטאט. און די איבערגעבליבענע, ניט זייענדיג אויך נאציאָנאל פאראייניגט מיט די אידן אין ארץ־ישראל, מישן זיך אוים מיט דער פארשיידנארטיגער באפעלקערונג, וואס די פאר־שיידענע אשור'שע מלכים האבן אין פארשיידענע צייטן פאר־

שיקט אין געוועזענעם לאנד ישראל. אינגיכן ווערט אויך שומרון בלויז אַ פּראווינץ אין דעם קעניגרייך אשור.

די מלוכה פון צען שבטים, אינאיינעם מיט די שבטים, ווערט אָפּגעווישט פון דער וועלט, נאָכדעם ווי זי האט עקזיסטירט דריטהאלבן הונדערט יאר. מער קען זיי ניט די געשיכטע, ניט די אידישע ניט די אלוועלטליכע.

# נבואה און נביאים

נבואה און נביאים — דאס איז אזא קולטור־היסטארישע ערשיינונג אין דער אידישער געשיכטע, פאר וועלכער די גאנצע קולטור־וועלט שטייט מיט באוואונדערונג. פעלקער און צייטן אין אוראלטערטום, ווי אין היסטארישן אלטערטום, האבן אנצואווייזן אויף עטוואס עהנליכן אויך בא זיך. אבער ווייטער פון שוואכער אויסערליכקייט, לאזט זיך די ענליכקייט ניט פירן. די אידישע נביאים שטייען איינצעלן אין דער וועלט געשיכטע.

ווען הויבן זיי אן זיך צו באווייזן?

...און עס איז געווען אין יענער פינסטערער צייט, ווען די פלשתים האבן געשלאגן די אידן און זיי זיך אונטערטעניג געמאכט. ווען דער אידישער גאט, דער גאט פון מלחמה, האט די מלחמה פארשפילט און ניט געקאנט — לויט די דעמאלטדיגע באגריפן — ביישטיין געגן דעם פלשתימשן גאט. ווען דער רעליגיעזער צענטר אין שילה איז געווען וויסט. דער ארון אין געפאנגנשאפט. און דאס אידישע פאלק האט אנגעהויבן צו צווייפלען אין דער אלמעכטיקייט פון זיין גאט — ווייל דעם קריג פארלארן, הייסט אלץ פארלארן און פארדינט ניט מער, אז זיין פאלק זאל אים דינען און טריי בלייבן —

אט אין יענער צייט הויבן זיך אן צו באווייזן צווישן אידן קלענערע און גרעסערע גרופעס מענשן, וואס האבן זיך געשטעלט א טאפעלטן ציל: צו שטארקן דעם רעליגיעזן צובונד פון אידן צו זייער גאט, און צו דערהויבן זייער מוט און זייער ווילן זיך צו באפרייען פונ'ם יאך פון דעם אונטערדריקער.

באגייסטערטע, צעפלאמטע און זינגדיגע, מיט פויקן און טרומייטן, מארשירן די דאזיגע גרופעס דורכ'ן לאנד, און זאמלען ארום

זיך די געוויסנסוואכע אין פאָלק און ציען זיי צו צו זיך. זיי זענען איבערצייגט, אז ניט גאט איז שולדיג אין דער מפּלה פון די אידן, נאָר די אידן אליין, דערמיט וואס זיי האבן זיך פאַר־זינדיגט געגן גאט. ניט ווייל גאט האט ניט געקאנט ראַטעווען זיין פאלק האבן די פלשתים מנצח געווען, נאָר ווייל ער האט ניט געוואלט... ווי גיט מען אבער איבער די אייגענע איבערצייגונג אויך צו אנדערע?

דורך פאַרשיידענע אָנשטרענגונגען ברענגען זיי זיך אריין אין אזא גייסטסצושטאנד, וואו זיי פאַרלירן זייער וואָכנדיג באַוואוסטזיין, און נאָר אַ העכערער גייסט רעט אומקלאָר פון זיי ארויס. דאס אומקלאָרע ווערט אויסגעטייטשט און אָנגענומען ווי גאט'ס ווארט. און די וואס ברייינגען דאס דאזיגע ווארט, רופט מען: „נביאים" (נביא איז טייטש ברייינגען). און גאט'ס ווארט ווירקט שטארק אויף די אויסדערוויילטע אין פאָלק. דאס ווירקט אָבער צייטווייליג אויך אויף ברייטערע פאַלקס־שיכטן, וואס זיינען נאָך ניט גאַנץ פאַרזונקען אין פרעמדן געצנדינסט.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די נבואה. אָבער מיט דער צייט ענדערט זי זיך. עס הערן אויף די אויסערליך־ווילדע מעשים פון די וואס מ'רופט אָן, און וואס רופן זיך אליין אָן: נביאים. זיי ווערן דערהויבן. זייער באוואוסטזיין — גע־לייטערט. אויב פריער האבן זיי געמוזט זיך אָנשטרענגען כדי ארויסצורופן גאט'ס ווארט, קאסט זיי איצט די גרעסטע אָנ־שטרענגונג איינצוהאלטן אין זיך און ניט ארויסגעבן גאט'ס ווארט. אָבער קיין אָנשטרענגונג העלפט זיי ניט דערביי. און זיי דערהויבן זיך גייסטיג און מאָראליש צו אזא הויך, אז פאַר איי־ביגע דורות און פאַר דער גאַנצער קולטור־מענשהייט בלייבן זיי אַן אָביעקט פון באוואונדערונג און פאַרגעטערונג.

אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן קומען כסדר אויף נייע און נייע פאַרטרעטער אירע. מיט'ן פאַרשריט פון דער צייט ענדערט זיך אויך די ארט, דער אופן פון זייער אויפטרעטן. פון די מחנות

נע־ונד׳ניקעם ווערן פאראייניגן, וואו דער רעליגיעזער און נאציאָ־
נאַלער געדאַנק ווערט גענעהרט דורך אַ לערער, און דאָ ווערט
אויך געלערנט און געאיבט די קונסט און פעהיגקייט געוואַר
צו ווערן גאָט׳ס ווילן. רופן זיי זיך דאָך אַליין: „גאָט׳ס
מויל״, אָדער „גאט׳ס רעדנער,״ אָדערביידע איאיינעם: „גאט׳ס
מענער.״ דאָס באַווייזט, אז דער עיקר איז בא זיי די רעליגיע.
ריכטיגער: גאט אַליין. אלס „גאט מענער,״ ווילן זיי אים האבן
ביי זיך אין הארצן. אַלס זיינע רעדנער און שליחים, ווילן
זיי אים ברייננגען און איבערגעבן אויך צו אנדערע. זיי וויקן זיין
די רעליגיעזע און זיטליכע פירער פון זייער פאלק. דאס
דורך און דורך. דאס קודם־כל. און ערשט פון דאנען אויס און
ווייטער זענען זיי מענער פון פאָלק און מענער פון פאָטערלאַנד.
דאָרט, וואו „גאָט׳ס פאָלק״ ווערט שלעכט אָנגעפירט און באַ־
האנדלט ניט לויט גאט׳ס געזעצן און גאט׳ס ווילן, דאָרט טרעטן
די נביאים אויף פאר׳ן פאָטערלאַנד און געגן זיינע אָנ־
פירער. אָבער דארט וואו דאס פאטערלאנד פארלאזט גאט׳ס וועגן,
וואו דאס פאלק לאזט זיך פארפירן, דארט שטעלן זיי זיך
געגן דעם פאטערלאנד. זיי גלויבן, אז זיי זיינען מחויב
דאס צו טאָן. און טוען זיי דאס ניט, פאלט אויף זיי די פאר־
אַנטווארטליכקייט פאר די פאלגן, וואס קאנען ארויסקומען פון
די שלעכטע געגנג וואס דאס פאלק אָדער זיינע פירער גייען. אין
זיי לעבט דאס באַשטימטע באוואוסטזיין, אז זייערע ווערטער —
סיי ווארט אין ווארט, סיי לויט׳ן הויפט־געדאנק — זיינען ניט
זייער אייגענטום, נאָר דאָס אייגענטום פון יענעם, וואָס האָט
זיי די ווערטער „אריינגעגעבן,״ וואס האט זיי באפולמעכטיגט צו
רעדן, אלזאָ — יאהוועס, זייער גאט. דעם דאזיגן געדאנק
דריקן זיי אויך אויס קלאר און שארף. אָפט חזר׳ן עס די נביאים
איבער, אז דער פאקט וואס זיי רעדן בכלל צום פאלק, נעמט
זיך ניט פון זייער אייגענעם ווילן, און געשייט ניט לויט זייער
באשלוס. אַ העכערער באפויל, אַ צוואנג פון אויבן, באשטימט
זיי רעדן. מעג דער נביא וועלן אָדער ניט — ווען יאהוועס שטים

הויבט אָן צו קלינגען אין אים, דאַן מוז ער רעדן. ער מוז עס — כמעט מיט דער נויטווענדיגקייט פון א נאַטור געזעץ:

„אַ לייב ברומט — ווער מוז דען זיך ניט שרעקן?

„מיין האר, יאהווע, רעט — ווער מוז דען
ניט אַ נביא ווערן?"

אזוי זאגט דער נביא עמוס. און וויפל מאָל באקומען מיר צו לייענען, ווי ירמיהו ראנגלט זיך, וויל זיך באפרייען פון דער שליחות, וואס גאט שיקט אים און ער ווערט דאך באזיגט פון דעם העכערן מוז און דערפילט זיין שליחות!

פרעגט מען: ווי ווייט איז דאס דאזיגע באוואוסטזיין פון די נביאים אָביעקטיוו אמת? לאזן מיר דערווייל די פראגע וועגן אָביעקטיווערווירקליכקייט אָן א זייט. דאס איז ניט קיין היסטאָרישע פראגע. דאס איז אויך ניט קיין פראגע וועגן געגוייען וויסן. סוביעקטיוו אָבער, איז דאס דאזיגע נביאים'שע באוואוסטזיין געווים אמת. אין גרויסע שטונדן פון הייליגער באַגייסטערונג האָבן די דאָזיגע מענער לעבעדיג געשפירט אין זיך די גאָטהייט און זי געפילט ווי א קאָלאָסאַלע מאכט וואָס פאַרכאפט דעם גאנצן מענטשן. און אָט די גרויסע איבערלעבונג וואָס אין לעצטן גרונד אירן איז זי דער סוד פון דער באַציאונג צווישן דער רעליגיעזער נשמה און איר גאָט, מאכט עס יענע מענטשן פאר נביאים און פאר דינער פון זייער גאָטהייט. ווער עס פאַרמאָגט בכלל די איינגעשאפט צו אהנען די שפורן פון אַ לעבעדיגן גאָט אין דער וועלט; ווער עס איז אימשטאנד צו גלויבן, אז גאט ווירקט אין מענטשנ'ס לעבן און טאָן, דער וועט זיך אנדערש פאַרהאַלטן דערצו, וואס יענע געטליכע מענער האבן געשפירט אין זיך, איידער עס פאַרהאַלטן זיך דערצו יענע אנדערע, וועמען עס זיינען לחלוטין אומבאקאנט אַלע אזוינע איבערלעבונגען און ערשיינונגען.

מערערע נביאים באשרייבן אונז זייער בולט די סצענעס ווי זיי זיינען פון גאט גערופן געווארן נביאים צו זיין. זיי מאָלן פאר אונז ווי אזוי עס האט אין זיי אָנגעהויבן צו שפראצן דאס

באוואוסטזיין, אז גאט אליין איז נאָענט צו זיי און זיינע ווערטער ליינט ער אריין זיי אין מויל אריין. א פּאָר ביישפּילן:

ישעיה געפינט זיך אַמאָל אין פאדער־הויז פון בית־המקדש. ער איז פארטיפט אין פרומע געדאנקען. איידער ער האט זיך ארומגעקוקט, איז ער שוין דערוויטערט פון דער אויסערער, ערדישער סביבה און פילט זיך גייסטיג אין הימעלשן היי־ליגטום. אַנשטאָט דעם ערדישן בית־המקדש און דעם ערדישן מזבח זעט ער פאר זיך דעם הימעלשן בית־המקדש און דעם הימעלשן מזבח. אנשטאט דעם גשמיות'דיגען פייער, וואס טליעט אויפ'ן מזבח, ווען דער כהן גייט אום ארום דעם, זעט ער איצט הימעלש פייער, ארום וועלכן עס גייען אום מלאכים. אנשטאט דעם, וואס אויף גאט'ס טראָן אויף דער ערד, אויפ'ן ארון, זיינען געווען בלויז די כרובים, זעט ער איצט גאָט אליין, ווי ער זיצט אויף זיין טראָן אין זיין לאנגען הערשער־מאנטל. הימלשע גייסטער שוועבן ארום אים און רופן אויס: קדוש, קדוש, קדוש. באלד הערט ער גאט אליין רעדן צו אים און אים באשטימען צו דער נבואה. צוריק אויפגעוואכט, — איז ער שוין א נביא. פון איצט אָן חזר'ן זיך איבער אין זיין לעבן אזוינע, אָדער ענלאכע איבערלעבונגען. זיי גיבן אים דאָס רעכט צו זאָגן, אז זיינע ווער־טער און זיין רעדן געערן אָן צו יאהווע'ן; אז יאהווע האָט זיי אים איינגעגעבן. עהנליכעס קומט פאר מיט עמוס, ירמיה און יחזקאל. און מסתמא אויך מיט אלע אנדערע.

און זאגט א נביא: גאט האט אים געשיקט, גאט האט אים געהייסן, איז עס נ י ט בלויז א דיכטערישע רעדנסאַרט, מיט וועלכער מ'איז אויסן צו פארמאסקירן דעם געדאנק, אז דער נביא האט מיט אַמאָל באשלאסן א נביא צו ווערן. מיר זאגן דאס — ווייל א לאנגע צייט האט מען יענע נביאים'שע באהויפּטונגען ווירקלאך אָנגענומען ווי א מליצה. ווי א לעגענ־דארישע באפּוצונג פאר דעם מאמענט ווען יענע מענטשן האבן אָנגענומען דעם באשלוס איינגאנצן זיך ווידמען צו גאט. האבן אָבער אזוינע ערקלערונגען קיין שום האפּט ניט. ווארים אין

אמת׳ן האנדלט זיך דאָ וועגן וווירקלאַכע איבערלע־בונגען. געוויס זיינען דאָ פאַראַן אָנקניפּונגען אָן דעם ארומיגן לעבן וואס בילדעט דעם פּסיכאָלאָגישן יסוד פאַר אזעלכע איבער־לעבונגען. די נשמה פון נביא איידער זי לעבט איבער אזעלכע סצענעס, איז דאָך אויך ניט קיין „אומבאשריבן בלאַט פּאַפּיר". דער טיפדורכגרייפנדיגער געדאַנק וועגן דער גאָטהייט; דאס פּעסטע פּועל׳ן בא זיך: צו ווערן אן אייביגער דיגער אירער, האט זיי מסתמא לאַנג פריער אָנגערעגט, אויפגערעגט און באַ־גייסטערט. נאָר אין אַ באַשטימטן מאָמענט דערגרייכט די אָנ־שטרענגונג פון׳ם נביא׳ס געמיטס־לעבן צו איר העכסטער מדרגה. ער הויבט אָן זיך צו פילן אין דירעקטער נאָענטקייט צו גאָט, הערן זיין שטים און באַקומען אזוינע איינדריקן, וואָס באַשטימען דאס גאַנצע צוקונפטיגע ווירקן זיינס.

און דאס וויכטיגסטע בא די גרויסע נביאים פון דער שפּע־טערער צייט איז דאס, וואס בעת זייער רעדן איז זייער גייסט פולשטענדיג קלאָר און וואך. און דערציילן זיי אונז פון זייערע איבערלעבונגען אין אַ גוט־באַארבייטער, אָפט קונסט־פולער רעדע, פאַרשווינט באַם לעזער אָדער צוהערער להלוטין דער געדאַנק וועגן דעם, אז דער נביא האָט זיך פריער געפונען אין געוויסע דעמערונגס־צושטאַנדן. אין אמת׳ן וואלט מען אַ שווערן טעות געהאַט, ווען מען וואָלט די נביאים געוואָלט פאַר־שטיין אויסשליסלאַך ווי מענשן מיט גרויסן עקסטאַז. ווארים אינאיינעם דערמיט זענען זיי אויך מענשן מיט קלאָרן איינזען, און אָפּט — מער ווי די אָנפירער פון דער מלוכה אין זייער צייט.

די סובּיעקטיווע ווארהאפטיגקייט פון דעם, ווי זיי שילדערן זייערע איבערלעבונגען, שטייט אויסער יעדן צווייפל. קומט מען און מען פרעגט: ווען עס איז אפילו אמת, אז זיי, די נביאים אליין, געפינען זיך אין שטענדיגער באַרירונג מיט גאָט — צי איז שוין אָבער אינאיינעם דערמיט אויך אמת, אז גאט אליין האט טאקע גערעדט פון זיי ארויס? דאַרויף ענטפערט מען: אויב גאט קאן זיין קיין געגנשטאנד פון געוויסעם,

צווינגענדן וויסן, נאָר א געגנשטאַנד פון פּערזענלאַכן איבער־לעבן און זיטלאַכן באַצוואונגען זיין — די זיכערקייט פון דעם לעצטן איז ניט שוואַכער ווי די זיכערקייט פונ׳ם ערשטן — דאַן איז אויך זיין ווירקן, אין איינצלנע פאַלן, גאַנץ נאַטירלאַך.

ווייסן מיר, אַז די נביאים זענען אַזוינע מענשן וואָס שפּירן אין זיך דעם באַפעל: יאהוועס ווילן מודיע צו זיין דעם פאָלק. פּרעגט מען זיך: אויף וואָס פאַר אַן אופן האָבן זיי — די פריערדיגע ווי די שפּעטערדיגע נביאים — אויסגעפירט די דאָזיגע אויפגאַבע זייערע? שוין פריער האָבן מיר געזאָגט, אַז ווי די נבואה אליין, אַזוי האָט זיך אויך די פאָרם ווי מ׳האָט די נבואה איבערגעגעבן, פון צייט צו צייט געענדערט און אַנט־וויקלט. די עלטסטע אַרט טעטיגקייט פונ׳ם נביא איז געווען: דאָס קורצע וואָרט אָדער שפּרוך. און דערצו: דער צייכן, די סימבאָלישע האַנדלונג. כדי צו רייצן די אויפמערקזאַמקייט, טוט דער נביא עפּעס אויסטערלישעס וואָס ציט צו צו אים לייטישע אויגן און ברענגט זיי צום פרעגן: „פאַרוואָס עפּעס טוט ער דאָס?“ עס ווערט אויסגעקליבן אַזאַ סימבאָל, וואָס קוים ווייסט מען, אַז עס איז אַ סימבאָל, לאָזט ער זיך שוין פון זיך אליין אויסטייטשן און פאַרשטיין. דערצו זענען כלל ניט נויטיג קיין פיל ווערטער כדי אפילו דער אומקולטור־מענש זאָל קאָנען תופס זיין דעם נביא׳ס געדאַנקען. דערפאַר האָבן אפילו די נביאים פון דער שפּעטערער צייט אויך ליב געהאַט זיך צו באַנוצן מיט סימ־באָלישע האַנדלונגען באַם איבערגעבן זייערע געדאַנקען. אַ פּאָר ביישפּילן: אין דער צייט פון מלך אחאב טוט אַ נביא אָן הער־נער כדי ער זאָל קאָנען זאָגן דעם מלך: „מיט אַזעלכע ווערסטו שטויסן אַרם“. ישעיה גייט אָרום אַ צייט לאַנג האַלב נאַקעט און באַרוועס ווי די געפאַנגענע פלעגן גיין, כדי אָנצוזאָגן יהודה וואָס מיט מצרים און אפשר אויך מיט יהודה וועט אין גיכן געשען. ירמיה טוט אָן אויפ׳ן האַלז דאָס געשטעל פון לאַסט־רינדער (יאַרמאָ), כדי דערמיט אָנצואווייזן אויף גלות־בבל. יחזקאל באַווייזט

זיך מיט א ציגל־שטיין אויף וועלכן עס איז אויסגעמאָלט א באַלאַ־גערונג, כדי אָנצוזאָגן די באַלאַגערונג פון ירושלים א. ד. גל.

אָבער מיט דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פונ'ם קולטור־לעבן, באַנוגנען זיך שוין די נביאים ניט מער בלויז מיט קורצע ווערטער אָדער שפּרוכן. דער צייכן, אָדער סימבאָל, פאַרבייט שוין מער ניט די אויספירליכע רעדע. פון איצט אָן ווערן די נביאים רעדנער, און דער „צייכן" גילט בלויז ווי אן אָנ־רעגונג אָדער „אילוסטראַציע" צו זייערע רייד.

און פון דעם נביא דעם רעדנער אנטוויקלט זיך מיט דער צייט דער נביא דער שריפטשטעלער.

וואָרים דער רעדנער, וועלכער וויל ניט, אז זיינע ווערטער זאָלן פאַרקלונגען ווערן אין דער לופט, וועלכער וויל זיך ניט באַנוגנען בלויז מיט צופעליגע צעהערער, נאָר ער וויל, אז זיינע ווערטער זאָלן פאַרשפּרייט ווערן אין ווייטערע קרייזן — דער ווערט אומבאַדינגט א שריפטשטעלער — באַלד ווי דאָס לייע־נען ווערט פאַרשפּרייט אין פאָלק. נאַטירליך, הויבן די נביאים ניט אָן מיט ביכער שרייבן. לכתחילה איז זייער שריפט־שטעלעריי באַגרעניצט מיט ווייניגער: א שפּרוך, אן איינצלנע קיר־צערע אָדער לענגערע רעדע. א פּאָר שטיקלאך פון איין אָדער אנדערן מין זיינען פאַרשריבן געוואָרן, כדי די צוהערער זאָלן האָבן די מעגליכקייט אין דערהיים אליין איבערצו'חזר'ן דאָס געהערטע און אויך אַנדערע דאָס איבערצוגעבן. ערשט אין א צייט אַרום דערוועקט זיך דאָס באַדערפניש: די איינצלנע פאַנאַנדער־געוואָרפענע שטיקער צונויפצוזאַמלען. צוערשט באַווייזט זיך די קליינע איינצלנע זאַמלונג און ביסלאַכווייז, דורך פאַראייניגן עטליכע קליינע זאַמלונגען, קומט מען צום גרעסערן בוך.

# אליהו הנביא

א מערקווירדיגע פיגור איז אליהו הנביא צווישן אידן. אפשר די מערקווירדיגסטע. ווי א ספינקס שטייט ער פאר אונז. א מאן מ׳ט צוויי געשטאלטן: א געשיכטליכע און א לעגענדארע. די איינע געשטאלט זעט אויס ווי דער היפוך פונ׳ם אנדערן. אבער אין ביידע שטייט ער ווי אן איבערמענטש. אין ביידע האט ער זיין גלייכן נישט. ניטא נאך אזא פיגור אין דער אידישער געשיכטע בכלל, ניט אין דער געשיכטע פון די נביאים און ניט אין דער געשיכטע פון אידישע לעגענדארע פערזענליכקייטן.

אליהו אין דער לעגענדע איז אזוי מילד, אזוי זאנפט, אזוי מוטערליך־בארמהארציג — אז ער איז ליב און טייער יעדער אידיש הארץ. וואס פאר א היסטאריש־לעגענדארע פערזענ־לאכקייט איז דען נאך דעם אידן אזוי טייער, ווי אליהו הנביא? וועלכער איד אין פאלק קען אים ניט, ווייסט ניט פון זיינע וואונ־דער? קיינער איז ניט אזוי אומשטערבליך ווי ער. קיינער איז ניט אומעטום אזוי צוגעגען אזוי ווי ער. ניטא די גרויסע אידישע פייערליכקייט, וואס אליהו זאל דערביי ניט זיין. אויף אלע אי־דישע סדרים האט ער זיין כוס. אויף אלע אידישע ברית׳ן האט ער זיין שטול. אין אלע אידישע נויטן, קומט ער א פארשטעלטער און ברענגט הילף. קיין זאך איז אים ניט צו־שווער, קיין וועג איז אים ניט צו־ווייט. איין שפאן — און ער שפארט אן פון איין עק וועלט צום אנדערן. איין באוועגונג — און ער מאכט פון טויט לעבעדיג. נאטור־געזעצן זיינען פאר אים ניט געשריבן. נאטור־סטיכיעס זיינען פאר אים ניט קיין שטער. פאנטאזיע איז פאר אים ווירקלאכקייט, און ווירקלאכקייט האט ניט פאר אים מער האפט ווי פאנטאזיע. קיין נביא׳שער נאמען איז ניט שטענדיג אזוי פארבונדן מיט דעם צו־נאמען: „נביא“ ווי אליהו. און קיין נביא איז ניט אזוי װײניג פארבונדן מיט נביאות

זאָגן ווי אליהו הנביא. ווארים ניטאָ פאַר אים קיין צייט־אונטער־שיידן. ער שוועבט איבער צייטן, ווי איבער ערטער. אלע ערטער און אלע עקן וועלט זיינען אים איין פונקט. אלע צייטן — איין מאָמענט. און דער מאָמענט איז אים געגנוואַרט. דער איינציגער צייט־פּונקט. און אז צייט און אָרט פאַראייניגן זיך — איז ער שטענדיג אומעטום. לעבעדיגערהייט רייט ער אריין אין הימל, און לעבענדיג אין הימל, וואַנדערט ער אום אויף דער ערד. וואו א האַרץ קרעכצט, וואו אן אויג טרערט — דאָרט טרעפט מען אים; וואו א באַליידיגונג ברענט, וואו אומרעכט זיגט — דאָרט ברייַנגט ער לינדערונג.

וואָס פאַר אַ איד קען דען ניט אליהו הנביא?...

און אליהו הנביא אין דער געשיכטע — כ'מיין: אָט יענער נביא, וואָס צוליב זיינע געשיכטליכע מעשים האָט אים דאָס פאָלק אַזוי רייך אויסגעפּוצט מיט אלדאָס גוטס, מיט אַלעם מילדן און האַרציגן — ווי זעט ער אויס?

פּונקט דער היפּוך פון דער לעגענדע. דאָ איז ער שטרענג, בייז און ברוטאַל. פאַנאַטיש — ביז'ן עקסטן פונקט. האַרט — ביז'ן זען דעם שונא'ס בלוט; און מעג עס זיך האַנדלען אום הונדערטער געגנער אויף איין מאָל. ער שליידערט דעם אמת אין פּנים אריין, און קלייבט ניט קיין ווערטער. מעג דער אמת זיין ווי ביטער; מעג דער אַנטקעגנשטייענדיגער זיין דער קעניג אַליין. ווערטער ווי די פיילן, אפילו פאַרגיפטעטע פיילן. ער קימערט זיך ניט וועגן דעם: וועט ער געפעלן, וועט ער ניט געפעלן; וועט מען אים באַשטראָפן, וועט מען אים ניט באַשטראָפן — דאַרויף קומט אים ניט אָן. ער האָט זיי ניט ליב, די מענשן, דערהויפּט די גרויסע מענשן, וואָס אַרום אים. ער צערעמאָניעט זיך ניט מיט זיי, וויל פון זיי ניט וויסן. ער לעבט ליבער אין דער מדבר, ווי צווישן „זיינע ברידער.” זיין האָריגער מאַנטל מיט'ן שטריק אויפ'ן לייב — דאָס איז זיין קלייד. און שטענדיג דאָסזעלבע. אפילו דאָן שוין, מאַכט ער דעם איינדרוק פון א האַלב־ווילדן, אָבער אים גייט ניט אָן דער איינדרוק, וואָס ער מאַכט אויף

יענעם מיט זיין קלייד, ווי עס גייט אים ניט אָן דער איינדרוק, וואס ער מאכט אויף יענעם מיט זיין ווארט. ער קען ניט קיין שען־רעדעריי פון די שפּעטיגערע נביאים, און ניט דאס רעדן מיט א „משל״ פון די פריערינגע. ער איז דער מאן פון זיין אייגענער שפּראך. און ער קען נאָר זיין אייגן געוויסן. און זיין שפּראך איז אזוי נאקעט און קלאָר, ווי דאס געוויסן זיינס. קיין טראָפּן מיט־געפיהל צום פארדארבענעם, שלעכטן און בייזן.

קיין שפּור פון אכטונג צום קעניג, קיין טראָפּן דרך־ארץ, אָבער אויך ניט קיין סימן פון שרעק — טאָמער וועט מען אים באשטראפן פאר מאיעסטעטס־באליידיגונג.

אזוי איז ער אליין דיקזיכטסלאז צו זיינע געגנער, אזוי איז אויך זיין גאט, דער גאט פון ישראל, וואס אין זיין נאָמען האט דאָך אליהו גערעט. בא אליהו'ן קומט ער ארויס דער גרויי־זאמסטער גאט אויף דער וועלט. אזוינער וואס וויל בלויז נקמה פון זיינע אָפּטריניגע; וואָס פארפאָלגט, שטראָפט און ראָט אויס מיט פייער און מיט שווערד...

לאָזן זיך דען אזוינע צוויי אליהו'ס פאראייניגן אין איין פערזאן?... מענשן זאגן, אז ניין. דערפאר האלטן עס אנדערע פאר נויטיג צו פארלייקענען איינעם פון זיי. נעמלאך: דעם גוטן, דעם לעגענדארן. עס איז א טעות, זאָגן זיי. דעם היסטאָרישן אליהו, דעם בייזן און שטרענגן האָט מען שלעכט פארשטאנען, דער־פאר האָט מען אָן אים אָנגעהאנגען אזוי פיל „בלומען־קרענץ״. אָבער דער קאָפּ פון דעם רעכט־פארשטאנענעם אליהו דולדעט ניט אזוינע צירונגען... אין אמת'ן איז אָבער דער ווידערשפּרוך צווישן דעם אליהו פון דער געשיכטע און דעם אליהו פון דער לעגענדע ניט אזוי גרויס, אז עס זאָל זיך ניט לאָזן דערווייזן זייער געמיינזאמע אָפּ־שטאמונג. און דערווייזן קאָן עס די געשיכטע:

ווען האט אליהו געלעבט און געווירקט?

עס איז געווען אין דער צייט, ווען די דינאסטיע פון עמרי איז געקומען צו מאכט אין ישראל (קרוב צום יאָר 900 פאר דער קריסטלאכער צייטרעכנונג). דער גרינדער פון דער דינאסטיע עמרי

— און נאָכדעם זיין זון אחאב — האָבן פּאָראויסגעזען די געפאַר, וואָס שטעקט אינ׳ם וואוקס פון אשור פארביידע אידישע מלוכות: יהודה און ישראל. האבן זיי באצייטנס שוין געזוכט שוץ געגן דער מעגלאכער געפאר. דער שוץ איז מעגלאך געווען, נאָר אויב די אלע קליינע מלוכות אין סיריע און אין פּאלעסטינע וועלן זיין יד־אחת אין קריג און אין פרידן. דערצו שטרעבט עמרי און דאָס פירט אויס אחאב. מ׳פאַרבינדט זיך מיט׳ן רייכן און הויך־קולטורעלן צור, מען מאכט ענדלאך שלום מיט דער ברודער־מלוכה: יהודה. ביידע פאלן באפעסטיגט מען מיט הייראטן. עמרי׳ס זון, אחאב, נעמט אריין אין זיין פּאַלאַץ א טאָכטער פונ׳ם מלך פון צור, איזבל, און א זון פונ׳ם מלך פון יהודה נעמט אחאב׳ס טאכטער פאר א פרוי. און אז מ׳לעבט בשלוה מיט די שכנים ארום, קאָן מען זיך רוהיג אָפּגעבן מיט קולטור־ארבייט בא זיך אין לאנד.

דאָס טוט אויך דער מלך פון ישראל, א ח א ב. מיר און טויער ווערן אָפן פאר „ציוויליזאטארישע" ווירקונגען פון אויסן. ווירקונגען — דערהויפּט פון צור און בעל איר גאָט. אחאב בויט פאר אים א גרויסן טעמפּל אין שומרון, מיט אלע עבודה זרה׳ס וואָס דערצו געהערט. הונדערטער כהנים פראַוועו דאָרט זייער גאָטעס־דינסט מיט דער גרעסטער פראכט און גרעסטן גלאנץ — „כיד המלך." איז דאָך דער בעל געווען דער גאָט פון דער קעניגין פון ישראל! איז ער דאָך דער הויפּט־גאָט פון דעם שכנות׳דיגן לאנד, מיט וועלכן מ׳איז פאראינטערעסירט צו לעבן בשלום. און וואָס מער כבוד מ׳גיט אָפּ דעם בעל, אלץ פריינדליכער און געשמייכלטער פיהלט זיך דאָס לאנד און די מלוכה, וואו דער בעל איז אין דער היים...

אויך פריער האָט מען געדינט דעם בעל אין ישראל. עס איז אָבער אויך נאָך געבליבן אַן אָרט פאר יאהווע. בעל איז געדינט געווען אלס דער גאָט פון ל א נ ד, פון וועמען ס׳איז אָפּהענגיג דאָס גרעטעניש פון ערד און בוים, בארג און טאָל און אין דער אייגענער צייט האָט מען אויך געדינט צו יאהווע אלס

צום גאט פון אידישן שטאם, דעם גאט פון מלחמה, א. ד. גל., הגם די פ אָ ר ם פון דער גאָטעסדינסט צו יאהווע איז גע־ ווען דיזעלבע וואס צום בעל: אויסגעלאסענע טענץ, פארוואר־ לאָזטע מעשים, אומ׳צניעות׳דיגע מנהגים א. ד. גל.; איצט איז עס אַנדערש געוואָרן. וואָרים וואָס מער דער בעל־קולט ווערט פאַרשפּרייט, וואָס מער ער ווערט געשטיצט פון קעניגלאַכן הויף, וואס מער צורישע סוחרים און פאלק עס קומען אריין אין לאַנד אריין, אַלץ שוואכער, אַלץ וויניגער אָנגעזען ווערט דער יאהווע־קולט אין ישראל. דער אידישער גאט ווערט אינגאַנצן פארגעסן. דער אידישער כבוד לייט שטארק פון דער גאוה פון די צורים, וואס זיי זיינען די גייסטיגע זיגער און הערשער פון לאַנד. זייער קולטור און זייער ציוויליזאציע, זייערע האנדלונגען ווי זייער באנעמען, רופן ארויס אויפרעגונג און פאראכטונג אין די הערצער פון די ו ו י י נ י ג ע, אָבער ב ע ס ע ר ע אין פאלק. עס זאמלט זיך א שטארקע אומצופרידנקייט געגן הויף און קעניג. עס וואקסט א פראטעסט שטימונג אויך געגן דער סאציאלער אומגערעכטיגקייט, וואס גייט שטענדיג האנט בא האנט מיט דער דינסט פון פרעמדע געטער. די גאנצע אידישע געשיכטע ווייזט אויף דעם צוזאמענהאַנג צווישן דעם דינען פרעמדע געטער און צווישן דעם אונטערדריקן דאָס פאָלק, דעם געמיינעם מאַן. פאר אים איז ניטאָ קיין געזעץ, ניט קיין גע־ ריכט, ניט קיין ריכטער. דער שטארקער איז דער הערשער, דער שוואכער — דער קנעכט. דער אָרימער ליגט געבויגן, דער רייי־ כער — ער טרעט אויף זיין לייב. וואס דער אָרימער האט דער־ ווארבן, קאָן דער רייכער אלע מאל אוועקרויבן פון אים — ער דארף נאָר קיין ליגן און קיין שווינדל ניט קארגן דערביי. האבן דען די פרעמדע געטער אליין אויך ניט געהאנדלט אזוי? האָבן זיי דען זיך ניט גערימט מיט זייער איבערלוסט, שווינדל און אָפּנארעריי? און דארף דער מענש זיין בעסער פאר זיין גאט? קאָן עס דען זיין? די וויניגע, אָבער בעסערע, אין פאָלק האָבן עס איינגעזען, באגריפן און געפילט, אז געגן דעם אַלעם

מוז פראטעסטירט ווערן און פראטעסטירט ניט בלויז געגן איינעם אָדער אנדערן פאקט, נאָר געגן דעם גאנצן סיסטעם, וואס ברייננט צו אזוינע פאקטן. געגן דעם געצנדינסט, וואס פירט צו אומגערעכטיגקייט אין די באציהונגען צווישן הויף און פאלק, האר און קנעכט, אָרים און רייך...

אָבער ווער זאל דעם פראטעסט אויסדריקן? אזא אויסדרוק איז פארבונדן מיט לעבנס־געפאר. ריכטיגער: מיט זיכערן טויט. ווער וועט עס רוהיג און שטאלץ אָפּפערן זיין לעבן פאר׳ן אמת, פאר דער גערעכטיגקייט, פאר יאהווע דעם גאט?!

ווי פון וואלקנס אראָפּ, ווי פון דעם זאמדיגן מדבר ארויס, איז ער געקומען, דער מאן, מיט׳ן גרויסן מוט, מיט דער פעסטער אַנטשלאסנקייט — צו ווארפן דעם פראטעסט דעם קעניג אין פנים אריין. און ווערטער האט ער פארמאגט, וואס האבן געלעכערט ווי שפיזן, און א טעמפעראמענט האט ער פארמאגט, וואס האט געברענט ווי פייער, און זיין צארן און זיין האס האט ניט געהאט קיין גרעניצן. נאָר איינס האט אים געפעלט: די מורא פאר׳ן טויט!...

און ער קומט צו פראטעסטירן געגן ביידערליי פארברעכן וואס דער הויף און די נאָטאבלען זיינען געשטרויכלט אין זיי: געגן דעם געצנדינסט און געגן דעם רויב און מארד וואס מ׳ערלויבט זיך בנוגע דעם קליינעם מאן. פון קיין פשרות וויל ער מער ניט וויסן. ער וויל ניט קיין בעל אינאיינעם מיט יאהווע: דאָס לאנד — דעם בעל, דאָס פאָלק — יאהווע. איינס פון דיביידע: אָדער אַהין, אָדער אהער „איז בעל א גאט — דינט אים, איז יאהווע א גאָט דינט אים,“ הערט אָבער אויף צו שפרינגען פון איין צווייג אויפ׳ן אנדערן, פון איין גאט צום צווייטן!

דאָס איז פאָרגעקומען אויפ׳ן פאָלגענדן אופן:

נאָך א דריי־יאָריגן הונגער. מענשן און פיך זענען אויסגעשטארבן. פיל אין פאלק באטראכטן עס ווי א שטראף פון גאט, פון יאהווע, דערפאר, וואָס מען האָט אויפגעהערט אים צו דינען.

דארף מען גאט איבערבעטן. אָבער אַם בעסטן קאָן דאס טאָן אליהו: אַ גרויסער חשוב בא גאָט. אליהו זאָגט אָבער: ביז וואַנען איר וועט אויפהערן דינען דעם בעל, אינגאַנצן אויפהערן, וועט אייך קיין שום זאך און אפילו קיין שום אנערקענונג יאהווע׳ן ניט העלפן. און טאָמער קאנען זיי אליין זיך ניט אנטשליסן, וועלכער פון די צוויי געטער איז דער ריכטיגער, וועט ער דאס באווייזן. צו דעם צוועק פאדערט אליהו פון אחאב׳ן, ער זאָל אויפ׳ן כרמל צונויפרופן אלע כ ה נ י ם אָדער נ ב י א י ם פון בעל, און דארט וועט ער שוין דעם גאנצן פאלק באווייזן, ווער דער אמת׳ער גאָט איז: אַזוי איז געשען. אין אַ באַשטימטן טאָג זענען זיך אויפ׳ן כרמל צונויפגעקומען 450 כהנים געצנדינער און א גרויסע מאסע פון פאלק. אליהו און אחאב זיינען אויך ארויפגעקומען. מ׳האט אוועקגעשטעלט צוויי מזבחות, איינעם פאר י א ה ו ו ע און דעם אנדערן פאר׳ן ב ע ל. מען האט געקוילעט צוויי קעלבער, איין קאלב האט מען ארויפגעלייגט אויפ׳ן האָלץ וואס אויף יאהווע׳ס מזבח, און דאס צווייטע קאלב אויף דעם האָלץ, וואָס אויף בעל׳ס מזבח. קיין פייער האט מען אויףביידע מזבחות ניט אוועקגעלייגט. און מ׳האט אָפגעמאכט: ד ע ר גאָט וואס וועט אראָפּשיקן פייער אויף זיין מזבח און וועט פארברענען דאָס האלץ מיט׳ן קאלב, דער איז דער א מ ת ׳ ע ר גאָט. איצט זאָל יעדער פון זיי בעטן בא זיין גאָט, אַז דאָס וואונדער זאָל געשען.

פון פרימאָרגן ביז האלבן טאָג האָבן די כהנים פון בעל געמאכט קולות: „בעל, בעל, דערהער אונז!” אָבער קיין פייער האט זיך ניט געוויזן. אליהו האט חוזק געמאכט פון זיי און געזאגט צו זיי: „העכער שרייט צו אייער גאט! אפשר איז ער פארנומען, אפשר געפינט ער זיך אונטערוועגס, אפשר שלאפט ער! שרייט העכער, וועט ער דערהערן!” די כהנים האבן געשריען אלץ העכער און העכער. ווילדע טענץ האָבן זיי געטאַנצט ארום זייער מזבח. און ארייַנקומענדיג אין עקסטאז, האבן זיי דאס פלייש פון זיך געריסן, מיט מעסער און מיט שווערדן האבן

זיי זייער ליב געשטאכן ביז'ן בלוט, אָבער קיין פייער האט זיך אַלץ ניט געוויזן. צום אָוונט־צו איז אליהו צוגעקומען צו זיין מזבח, האט אָפּגעזאָגט א קורצע תפילה צו גאט, און באלד האט זיך געוויזן א בליץ וואס האט פארברענט דאס קאלב וואס אויף יאהווע'ס מזבח... דאס פאלק האט זיך איבערצייגט, אז דער קולט פון בעל איז א פאלשער, אז דער אמת'ער גאט איז יאהווע. אויף אליהו'ס באַפעל האָט זיך דאָס פאָלק ארויפגעוואָרפן אויף די כהנים פון בעל, זיי אַלע דער'הרג'עט און זייערע טויטע קערפערס אריינגעוואָרפן אין טייך קישון...

אָפּגעטאָן, אָפּגעהאלטן דעם נצחון — און אליהו איז זיך שטיל אַוועק קיין יהודה, פון דאָרט אין דער מדבר, כדי זיך אויס־צובאהאלטן פאר'ן צאָרן פון דער קעניגין...

אזוי ווערט אין תנ"ך געשילדערט דער „דיספוט" צווישן אליהו'ן מיט די כהנים פון בעל, וואס איז פארגעקומען אויפ'ן כרמל. אין אליהו'ס שטימונג בשעת מעשה, ווי זי ווערט דאָ געשילדערט, און אין צאָרן פון פאלק און ווי אזוי ער האט זיך אויסגעגאָסן אויף די פאַלשע נביאים איז ניטאָ קיין גרונט צו צווייפלען...

און אָט איז א צווייטער פאל:

ארום אחאב'ס פאַלאַץ אין יזרעאל געפינט זיך אַ שיינער וויינגארטן וואס געהערט צו א דארטיגן איינוואוינער מיט'ן נאָ־מען נבות. ווילט זיך אחאב'ן פלאנצן א וויינגארטן ארום זיין פאַלאַץ. פארלאנגט ער, אז נבות זאָל אים פארקויפן דעם וויינגאָרטן זיינעם, אָדער ער זאָל זיך מיט אים בייטן אויף אַ וויינגאָרטן אין אן אנדער אָרט. האט אָבער נבות זיין וויינגארטן א ירושה פון זיינע עלטערן, און ער וויל אים ניט אָפּטרעטן. דאָס מאכט פיל פארדרוס דעם קעניג און ער ווערט דערפון קראנק. ער הערט אפילו אויף צו עסן. איזבל זיין פרוי הערט דאס און מאכט איר מאן, דעם קעניג, א פארוואורף: „אזוי רעכנסטו דאס צו פאר־ווירקלאכן דיין קעניגלאכע מאכט אין ישראל? שטיי אויף, זעץ זיך, עס, איך וועל דיר שוין איבערגעבן נבות'עס וויינגארטן." און

איר ווארט האט זי געהאלטן: זי האט גערונגען צוויי מענשן, אז זיי זאלן קומען צום בית־דין און פאלש עדות זאגן, אז נבות האט געפלוכט גאט און דעם מלך. הערנדיג די עדות, האט דער בית־דין פאר׳משפט נבות׳ן צום פארשטיינען. אזוי איז נבות גע־הרג׳עט געווארן און זיין וויינגארטן איז אַנגעקומען צו אחאב׳ן.

קוים האט אליהו דערהערט פון דעם פארברעכן, און ער באווייזט זיך צו אחאב׳ן און מאַכט אים דעם ביטערן פאָרוואורף: „דו האסט גע׳הרג׳עט א מענשן און דו ווילסט אים נאָך ירשנ׳ען?!" „אויף דעם אייגענעם אָרט, וואו די הינט האבן געלעקט נבות׳עס בלוט, וועלן זיי אויך ד י י ן בלוט לעקן, און דיין דינאסטיע וועט האבן דעם זעלבן סוף, וואס עס האט גע־האַט די דינאַסטיע פון ירבעם בן נבט און פון בעשא בן אחיה, פון וועלכע עס איז קיין זכר ניט געבליבן..."

דאָ האט איר זי, די פארשמעלצונג פוןביידע אליהו׳ס: דעם לעגענדארן און דעם געשיכטליכן, דעם אומ׳ברחמנות׳דיגן, הארטן, און „בלוטדורשטיגן," אינאיינעם מיט׳ן מיטליידענדיגן, מיטפילנדיגן מיט׳ן ארימען, באליידיגטן און ליידענדן. און פאר׳ן אָרימאַן איז זיין גאט פונקט אזוי זיך נוקם, ווי פאר זיך. ניט בלויז שטראָפט ער די, וואָס פארגעסן און פארראטן א י ם, נאָר פונקט אזוי הארט באשטראפט ער אויך יענע, וואס פארראטן און טוען בייז דעם מענשן זייער גלייכן. גאט איז אים דער גאט פון גערעכטיגקייט, וועלכער שטראפט און באגליקט. דער גאט פון אָרימען און באדריקטן. און איז זיך אליהו מוסר נפש פונ׳ם ארי־מאַנ׳ס וועגן, איז ער הארט צום קעניג אוים מיטלייד צום באַ־ליידיגטן —

ווערט ער דער העלד פונ׳ם אָרימען, באדערפטיגן און באליי־דיגטן פאלק. אין זיין שטורמדיגקייט געגן די מעכטיגע, זעט מען די זאנפטקייט צו די שוואכע. דערפאר זעט אוים זיין געשיכטע ווי א לעגענדע, און אין די לעגענדעס ארום אים זעט דאָס פאָלק א שטיק געשיכטע...

און אויך א סימבאָל איז פון אים און זיין שטימונגס־צו־שטאנד געשמיט געוואָרן:

„און ער איז אוועקגעגאנגען אין דער מדבר א טאג־גאנג. דאָרט האט ער זיך אוועקגעזעצט אונטער א בוים, און האט גע־בעטן אויף זיך דעם טויט. און ער האט אזוי געזאגט: „גענוג פאר מיר! נעם צו, גאָט, מיין נשמה, איך בין דאָך ניט בעסער פאר מיינע עלטערן"... און גאָט'ס שטים האָט ער דערהערט ווי זי פרעגט בא אים:

— וואס טוסטו דאָ, אליהו?

און אליהו האט געענטפערט:

— גאָט'ס קריוודע האב איך זיך אָנגענומען, ווייל די אידן האבן פארלאזט זייער בונד מיט גאט, דיינע מזבחות האבן זיי צעוואָרפן, דיינע נביאים האָבן זיי אויסגע'הרג'עט. נאָר איך איינער בין געבליבן, ווילן זיי בא מיר אויך אָפּנעמען דאָס לעבן.

האט גאט צו אים געזאגט:

— גיי, שטעל זיך אויפ'ן בארג פאר גאט. און יאהווע איז פארבייגעגאנגען. און א גרויסער, שטארקער שטורם, וואס רייסט אוים בערג און צעברעכט פעלזן, האָט דורכגעשטורמט פאר יאהווע, אָבער ניט אין שטורם איז גאט. און נאכ'ן שטורם — אַן ערד־ציטערניש. אָבער ניט אין ערדציטערניש איז גאט. און נאָך דער ערדציטערניש, אַ פייער. אָבער ניט אין פייער איז גאט, און נאכ'ן פייער א ווייכע, צארטע, שטימע...

אָט די „צארטע שטימע," וואס האט שטענדיג זיך געלאזט הערן אינאיינעם מיט די דונערן פון יאהווע, גיט צו דער נבואה יענעם כאראקטער פון צארן און מילדקייט, וואס אונטער זיין ווירקונג האט זיך געעפנט און איז ווייך געוואָרן דאס פעלזן־הארץ פונ'ם אורמענטש.

אליהו איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פארמאָגט אזא כאראקטער.

# סוף פון מלכות יהודה — חורבן בית המקדש

עס איז געקומען א צייט — נאָכדעם ווי שומרון איז געפאַלן און געוואָרן א פּראָווינץ פון דער קעניגרייך אשור, ווען די צווייטע אידישע מלוכה איז איינע אַליין געשטאַנען קעגן דער וועלט־מאַכט אשור. דערצו איז נאָך איצט יהודה געווען אשור'ס דירעקטער שכן.

זינט ישראל האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון יהודה, איז צווישן זיי אויך געווען געננוג רייבונגען. און אַמאָל אויך גרויסע. איינמאָל איז עס אפילו געקומען דערצו, אז דער מלך פון ישראל (יהואש) „האט איינגעבראכן די פעסטונג פון ירושלים אויף 400 איילן, האָט צוגענומען דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער און אַלע כלים פון בית המקדש, און אין דער קעניגליכער קאסע." אָבער קיינמאָל איז ישראל ניט געווען קיין געפערליכער שונא פון יהודה. פארט האָט א ברידערלאַך געפיל צו אנאנדער געלעבט איןביידנס הערצער. און דאָס באוואוסטזיין האָבן זיי געהאט, אז זיי ביידן געהערט די רעכטע דעה אין אַלע סירישע אנגעלעגנהייטן. איצט האט דאס זיך געענדערט. איצט האט יעדער צוזאמענשטויס צווישן סיריע און אשור געמוזט האָבן א ווירקונג אויך אויף יהודה און ירושלים. יהודה איז איצט פאַרגעשטאַנען צו טאָן איינס פון די ביידע: אָדער פרייוויליג זיך אונטערוואַרפן דעם שוץ און יאָך פון אשור, אָדער — אפשר אינאיינעם מיט מצרים — פאר־איינינגן אַלע קליינע אונטערדריקטע פעלקערלאַך וואָס זענען נאָך געבליבן אין סיריע, און מיט פאראייניגטע קרעפטן זיך צו שטעלן קעגן דער וועלט־מאכט אשור.

דער מלך אחז האט אויסגעקליבן דעם ערשטן וועג. ער איז געווען נאָך פאבסטליכער ווי דער פּויבסט. זיין אונטערטעניג־קייט צו אשור האט געגרייכט פיל ווייטער ווי אשור האט דאס פארלאנגט. קיין דמשק, וואו דער קעניג האט זיך צייטווייליג אויפגעהאַלטן, איז אחז געגאַנגען, כדי פּערזענליך אויסצודריקן

די אונטערטעניגקייט פאר'ן גרויסן תגלת־פלאסר פון אשור. דאָרט, אין הויף, מאכט אויף אים א גרויסן איינדרוק דער אשור'ער גאָטעס־דינסט און די צערעמאָניע דערביי. דערהויפּט ווערט ער נתפּעל פון דעם געצענדינערישן מזבח, אויף וועלכן דער גרויסער קעניג האט מקריב געווען קרבנות צו זיין גאט. באלד שיקט ער א מאָדעל פון דעם מזבח קיין ירושלים צום כהן גדול אוריה, מיט'ן באַפעל, אין ירושלים אויך אויסבויען אזעלכן. דער באַפעל ווערט דערפילט. דער נייער מזבח ווערט אוועקגעשטעלט אין הויף פון בית המקדש. און אז אחז קערט זיך אום צוריק קיין ירושלים, פּראוועט ער אליין דאס מקריב זיין די קרבנות ווי דאס האט געטאָן דער קעניג פון אשור. ער פירט איין דעם שטערן־דינסט, ווי עס האָט געגאָלטן אין בבל. באַם אריינגאַנג אין בית המקדש שטעלט מען אוועק א רייטוואָגן מיט פערד, לכבוד דעם גאט פון דער זון. דער אַלטער אידישער גאָט יאהווע איז כמעט אין גאַנצן פארטריבן געווארן פון בית המקדש, פון ירושלים און פון גאנצן לאנד יהודה. אָבער שוין דער אָנהויב פון שמרונ'ס אונטערגאנג מאכט א שטארקן איינדרוק אין יהודה. מען דערמאנט זיך, אז די נביאים פון יאהווע האָבן ניט אויפגעהערט איינצוטענה'ן מיט די איינגעשפּארטע בני ישראל, אז זיי וועלן מוזן אונטערגיין דער־פאר וואס זיי דינען פרעמדע געטער. דערפאר, וואס יאהווע איז ניט זייער איינציגער גאָט. און אין דעם האט געשטעקט א גרויסער אמת. ווארים וואלט ניט ירבעם אוועקגעשטעלט די קעלבער אין בית־אל און אין דן, אז זיי זאלן פארבייטן דעם אידישן גאט וואס אין ירושלים, וואלטן אידן ווייטער עולה־רגל געווען קיין ירושלים. מיט דער צייט וואלטן זיי צוריק געווען אנערקענט דעם מלך פון ירושלים פאר'ן איינציגן מלך פון אלע אידן — ווייל אים געהערט־אָן יאהווע'ס טעמפּל און יאהווע געפינט זיך אין זיינע גיטער — וואס ירבעם, וועלכער האט געבראכן די אי־דישע מלוכה, האט אויך פאראויסגעזעען. און פאראייניגט — וואָלטן זיי געווים בעסער געקאָנטביישטיין געגן זייערע שונאים. דאס איז קלאר געווען פאר יעדן פארשטענדיגן בירגער אין יהודה.

און א געהרונג הויבט זיך אָן אַרום דעם לאָזונג: „צוריק צו יאהווע! נידער מיט אַלע פרעמדע געטער!" די כהנים פון בית המקדש פירן אָן די באוועגונג. די נביאים שטיצן זיי. און עס קומט אויף די אידעע פון א רעליגיעזער קאָנצענטראַציע אין ירושלים, איין בית המקדש, איין גאָט און איין צענטר. אַלע במות, אַלע מזבחות און סתם הייליגע פּלעצער — ווי באר־שבע, חברון, גבעה, בית־לחם — זאָלן בטל ווערן. נאָר איין פּלאַץ פאר גאָטעס־דינסט, איין אָרט פאר קרבנות ברייגנען — דער בית־המקדש אין ירושלים.

און אַז אחז שטאַרבט און זיין פרומער זון חזקיהו ווערט מלך, געפינט ער שוין אַ גאַנצע פאָלקס־באוועגונג פאר א גרויסער, רעליגיעזער רעפאָרם. ער נעמט זיך אויך אונטער און פירט זי דורך אויפ'ן ראַדיקאַלסטן אופן. דער פולשטענדיגער אונטער־גאנג פון ישראל, אויפ'ן זעקסטן יאָר פון חזקיהו'ס רעגירן, שטאַרקט נאָך מער די רעפאָרם באוועגונג. אַלע זענען פאַר איר: דער יונגער מלך, די כהנים, די נביאים און דאָס פאָלק. ירושלים און די פּראָווינץ ווערט גערייניגט פון די פרעמדע געטער און פון זייער רעליגיעזער קולטור. ירושלים און דער בית־המקדש ווערט דער איינציגער רעליגיעזער צענטער אין יהודה. און דער קעניג־לאַכער הויף און דער קעניגלאַכער טראָן ווערט דער צענטער פון ער־לאַכן משפּט און גערעכטיגקייט. דער נביא, ישעיה, ווערט דער עצה־געבער אין הויף, און זיין ראָט אפילו אין פּאָליטישע אָנגעלעגנ־הייטן ווערט באריקזיכטיגט.

אזוי האָט חזקיהו געבראָכן מיט דער אינערלאַכער פּאָלי־טיק פון זיין פאטער אחז. ער ברעכט אָבער אויך מיט זיין אוי־סערער פּאָליטיק. ניט איז חזקיהו געווען בכח צו צאָלן אשור'ן זיין יערליכע קאנטריבוציע, ניט האט ער געקענט אריבערטראָגן די דערנידעריגונג פון צו זיין אָן אונטערגעוואָרפענער קנעכט צום געצענדינערישן קעניג פון אשור, און ניט האט דאס קליינע און איינציגע יהודה געקאָנט פירן א זעלבסטשטענדיגע פּאָליטיק בנוגע אשור. יעדע איינע פון די גרויסע ארומיגע מלוכות איז שטאַרקער פון איר און קאָן זי צווינגען צו האנדלען אזוי, ווי פאר יענער

איז גינסטיגער. און גלאט, ווי איז מען טויב צום ארומיגן קרעכצן פון אונטער אשור'ס שווערן יאך? אפילו אין אשור גופא איז ניט געווען אויסצוהאלטן פונ'ם דעמאלטיגן קעניג פון אשור, סרגון, און נאכדעם ווי דער דעספאט איז דער'הרג'עט געווארן, האט אומעטום אנגעהויבן צו טליען דער פארלאנג פריי אפצואטעמען; פון אשור'ס עול זיך באפרייען. מען האט אויך אנגעהויבן גלויבן אין דער מעגלאכקייט פון באפרייאונג. אן אלגעמיינער אויפשטאנד האט זיך ווי געשפירט אין דער לופט. און איידער דער אנטשיידענער מאמענט קומט, קוקט זיך חזקיהו אום וועגן הילף. און פון וואנען זי ווייזט זיך, איז זי חזקיהו'ן ווילקאמען. און אז מרודך־בלאדן, דער קעניג פונ'ם אונטערגעווארפענעם בבל, שיקט מענשן צו חזקיהו'ן זיך צונויפצורעדן וועגן אן אלגעמיינער אקציע געגן אשור, פרייט זיך חזקיהו. באווייזט ער זיי זיינע ארסענאלן און זיינע שאץ־קאמערן, וואס דארף באוויזן און גאראנטירן זיין פינאנציעלע און מיליטערישע זיכערקייט. און אויך מיט מצרים פארבינט ער זיך צום אייגענעם צוועק. אבער דאס אלץ נוצט ניט, סרגון האט איבערגעלאזט אזא יורש ווי עס פאסט פאר אים. סנחרב, סרגונ'ס זון, צעשלאגט בבל, האלט אפ א נצחון איבער מצרים, פארטיליגט די רעשטלאך פון די קליינע פעלקערלאך, שכנים פון יהודה: עמון, מואב, אדום א. ד. ג., ערשט איצט גייט ער אויף יהודה. חזקיהו איז גרייט זיך אונטערצוּווארפן און צאלן קאנטריבוציע. נאר אזוי ווי סנחרב פארלאנגט דווקא מ'זאל אים איבערגעבן די הויפטשטאט, ירושלים, קאן עס חזקיהו ניט פועל'ן בא זיך. ווארים ירושלים איז דאך ניט בלויז די רעזידענץ פון קעניג, נאר אויך דאס וואוין־ארט פון יאהווע! פארלאזט זיך חזקיהו אויף גאט. און וויל סנחרב צונעמען די שטאט מיט געוואלד — זאל ער! אפשר וועלן נסים געשען!

און נסים זענען אויך געשען. סנחרב איז געצוואונגען אראפצונעמען די באלאגערונג פון ירושלים און אנטלויפן אהיים. פארוואס? אין תנ"ך ווערט דערציילט, אז א גרויסע עפי־

דעמיע האט פלוצלינג אויסגעבראכן אין אשור'ס חיל. דער באַ־רימטער גריכישער היסטאָריקער הערָאדאָט באשטעטיגט דאָס. און אפילו סנחרב אליין, אין זיין אויספירלאכן באריכט וועגן דער שלאכט בא ירושלים, פארדעקט בלויז, ער לייקנט אָבער ניט זיין מפלה ביי ירושלים.

אזוי איז יהודה און ירושלים ניצל געווארן פון א גרוים אומגליק. די כהנים און די נביאים זעען זיך ווי זיגער אין לאנד. זיי פירן ווייטער אוים זייער רעליגיעזע רעפארם. חזקיהו גייט מיט. אָבער אינגיכן שטארבט ער. זיין זון מנשה — וועלכער רעגירט 52 יאר — וויל זיך ניט לאזן פירן פון די כהנים מיט די נביאים. ער פארפאלגט זיי, פירט צוריק איין דעם געצענדינסט און פירט ווידער די אונטערטעניגע אשור־פאליטיק. ווידער באַ־קומט די פרעמדע קולטור די אויבערהאנט אין לאנד, מיט וואס דאס פאלק איז אומצופרידן. און זיין אייניקל יאשיהו, קערט זיך ווידער אום צו די וועגן פון זיין עלטער־זיידן, חזקיהו. אָבער אים איז שוין דאס גרינגער געווען. אין אָנהויב פון זיין רעגירן ברעכט אוים דער סקיטן־שטורם איבער פאָדעראזיע. די דאָזיגע גרויסע מאסן־וואנדערער רויבן און שחט'ן און מאַכן א חורבן אין די פלעצער וואו זיי וואנדערן דורך. פון זיי באַ־קומט אשור דעם ערשטן שטויס צום צונויפברעכן. די סקיטען גייען דורך פאלעסטינע אויך, אָבער זיי גייען הארט ביים ברעג־ים, און באזוכן ניט יהודה. בבל ווערט דערמוטיגט פון אשור'ס מפלה. יהודה זעט אין דעם, וואָס זי איז ניט אָנגערירט געוואָרן פון דער פעלקער־לאווע, א סימן, אז יאהווע איז מיט איר. און ווידער נעמט מען עס אונטער — און איצט שוין צום לעצטן מאָל — אויסצוראָטן דעם געצנדינסט פון לאנד. אין דער צייט נעמט מען זיך אויך צו רעמאנטירן דעם בית־המקדש. און רעמאנ־טירנדיג, געפינט דער כהן־גדול חלקיהו דעם אלטן רעגלאמענט (רעגעלן־בוך) פון דעם ירושלימער הייליגטום. ווארים דאס היי־ליגטום פון ירושלים, ווי יעדער גרעסער הייליגטום, האט פון פארצייטן אָן געהאט זיינע רעגעלן, זיינע געזעצן אָדער — ווי

מען וואלט איצט געזאגט — זיין „שלחן ערוך.” דארט האט זיך געפונען דאס וויכטיגסטע בנוגע קרבנות, דארטיגע מנהגים און ווי עס דארפן זיך אויפפירן יענע, וואס קומען אהין גאט בעטן. די דאזיגע רעגעלן אנטוויקלען זיך, ווערן פארגרעסערט און אמאל אין וויכטיגע צייטן אויך ניי באארבעט. אזוי איז אין חזקיהו'ס צייטן דארט צוגעקומען די פאדערונג: „דאס הייליגטום זאל פאראייניגט אדער פאראיינהייטלאכט ווערן”. שפעטער, דערהויפט אין די לאנגע יארן פון מנשה'ס רעגירן, האט מען אן דעם דאזיגן רעגלאמענט פארגעסן. אדער ער איז גאר פארפאלן געווארן. צוליב דעם רעמאנט האט אים חלקיהו געפונען און געבראכט צום קעניג. דער קעניג איז פון דעם ספר שטארק נתפעל געווארן. האט אים אליין געלייענט און געלאזט אים אין בית־המקדש פארלייענען פאר'ן גאנצן פאלק. און פייערלאך גענומען אויף זיך צו דערפילן אלץ, וואס דארט שטייט געשריבן. און דאס ערשטע מאל, נאך לאנגע, לאנגע יארן, האט מען דעמאלט געפייערט דעם יום טוב פסח, ווי עס שטייט געשריבן אין דעם געפונענעם ספר וואס איז נאכדעם ארייננגעשמאלצן געווארן אין ספר דברים פון חומש. די רעליגיעזע רעפארם־ארבעט איז געווען געענדיגט. עס האט געזאלט דורכדרינגען דאס גאנצע פאלק. האט אבער די וועלט־פאליטיק און וועלט־געשעענישן געשטערט דערין.

ווארים ביני־לביני איז אשור צעפאלן אויף שטיקער. בבל און מדי טיילן איין צווישן זיך חלקים פון דער ירושה. מצרים וויל אויך ווידער צוריק באקומען די אויבערהערשאפט איבער סיריע און פאלעסטינע, און קומט מיט מלחמה איינצונעמען פאלעסטינע. יאשיהו וויל ניט איבערגיין פון האנט און טרעט ארויס באוואפנט געגן מצרים. דער אומגלייכער קאמף ענדיגט זיך שלעכט פאר אידן. יאשיהו פאלט אין קריג. דאס לאנד קומט אריין אין רשות פון מצרים און דער מלך פון מצרים, פרעה נכה, ווערט דער פאקטישער הערשער פון לאנד, און לויט זיין איינזעען באשטימט ער און ווארפט אראפ מלכים אין יהודה. אבער ניט לאנג געוועלטיגט ער. אינגיכן ווערט פרעה ארויסגע־

טריבן פון גאנץ פאדעראזיע און אפגעשטופט ביז'ן טייך נילוס, און פאלעסטינע פאלט אריין אין רשות פון בבל.

פון איצט אן הויבט זיך אן די גסיסה פון דער לעצטער אידישער מלוכה. א בלינדער קאמף קומט פאר צווישן די אינע־וויינינגסטע קרעפטן און שטרעבונגען פון פאלק צו פרייהייט, און צווישן דער אויסערער מאכט וואס האט די דאזיגע שטרעבונגען אונטערדריקט. ירמיהו, דער גרויסער נביא אין דער אומגליקליכער צייט, וואס ווארנט די לייכטזיניגע פון אנצוהויבן זיך מיט בבל, ווערט אויסגעלאכט און פארהעצט פון פאלק. און אז ס'ברעכט סוף כל סוף אויס אן אויפשטאנד, קומט נבוכדנצר, דער מלך פון בבל, מיט א גרויסער מחנה קיין ארץ ישראל. נעמט איין ירושלים, רויבט אוים אלץ וואס האט א שאץ־ווערט. און דעם קעניג, דעם הויף און צען טויזנט פון די חשוב'סטע פאמיליעס פארשיקט ער קיין בבל. אלס קעניג לאזט ער איבער צדקיהו'ן, דעם אינגסטן זון פונ'ם געוועזענעם קעניג יאשיהו.

נוט און פרום איז צדקיהו געווען. דעמאקראטיש געשטימט איז ער געווען. ער האט אבער געהאט א שוואכן כאראקטער. ער נעמט ווייטער אונטער דורכצופירן די רעליגיעזע רעפארמען וואס זיין פאטער יאשיהו האט אנגעהויבן. ער צווינגט אויך די רייכע אין לאנד ארויסצולאזן פריי זייערע אידישע קנעכט וואס האבן שוין אפגעדינט זעקס יאר. אבער שוין אויף מארגן קערן די רייכע אום צוריק זייערע קנעכט און דער קעניג פארלירט שוין דעם ווילן צו שטעלן זיך אנטקעגן זיי. ער פאלגט גערן ירמיהו'ן. ער פארשטייט אויך, אז עס איז געזינטער פאר אים און פאר'ן לאנד צו בלייבן אונטערטעניג צו בבל און זיך פארהאלטן רואיג. אזוי האנדלט ער אין משך פון אכט יאר צייט. אבער אז דער הויף און די אריסטאקראטיע — געהעצט און גע־וועקט פון זייערע קרובים וואס זיינען פארשיקט געווען אין בבל, — הויבן אן צו אגיטירן באם קעניג זיך צו פארבינדן מיט מצרים, ג ע ג ן בבל, פאלגט ער זיי. קערט זיך אפ פון ירמיהו'ן. פירט דאס דערצו, אז אינגיכן באלאגערט בבל נאכאמאל ירושלים,

בויט אויס גרויסע וואלן ארום איר און שטורמט אירע פעסטונגען. אַ גאַנץ יאָר דויערט עס. די אידן פאַרטיידיקן זיך זייער מוטיג — הגם ירמיהו, וואס איז געווען פאַר שלום מיט בבל, האט מיט זיינע פייערדיגע רייד אָפּגעשוואַכט דעם מוט פון די קריגסלייט. די מהומה אין שטאט וואַקסט פון טאג צו טאג. מ׳הויבט אָן צו שפּירן הונגער. איינציקן הויבט מען פּשוט אָן צו שטאַרבן פון הונגער אין די גאַסן פון ירושלים. די פאַרטיידיגונג מוז ווערן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. און סוף־כל־סוף געלינגט עס די בבלים איינצוברעכן די טויערן פון ירושלים. זיי רייסן זיך אריין אין שטאַט. די שחיטות און די גרויזאמקייטן וואס זיי באַגייען אין שטאַט זיינען אומגעהויער. אפילו פרויען און קליינע קינדער ווערן ניט געשוינט. צדקיהו, זיין פאַמיליע און זיין סוויטע אַנט־לויפן ביינאַכט דורך הינטער־וועגן פון ירושלים, כדי זיך אריבער־צוכאַפּן איבער׳ן ירדן. די בבלשע רייטער כאַפּן זיי אָבער. צדקיהו׳ן מיט זיינע זין פירט מען אוועק אין נבוכדנצר׳ס הויפּט־קוואַרטיר, דעם קעניג׳ס זין לאָזט נבוכדנצר הרג׳נען פאַר׳ן פאַטער אין די אויגן, און נאָכדעם לאָזט ער צדקיהו׳ן אויסשטעכן די אויגן. אַ בלינדן, אַ צעבראָכענעם לאָזט נבוכדנצר אים שמידן אין קייטן און שיקט אים אוועק קיין בבל.

אָבער דערמיט באַרואיגט זיך ניט דער גרויזאַמער זיגער. „חרוב זאָל ווערן ירושלים ביז׳ן גרונד!“ און ער שיקט זיין לייב־גוואַרדיע מיט איר הויפּטמאַן נבוזראדן צו מאַכן אַ סוף פון ירושלים. אַלע ווערט־זאַכן, וואָס געפינען זיך נאָך אין שטאַט און אין בית המקדש, רויבט ער אויס. דעם בית המקדש, דעם קע־ניגלאַכן פּאַלאַץ און אַנדערע וויכטיגע בנינים לאָזט ער פאַרברע־נען. טויזנטער און טויזנטער איינוואוינער טרייבט ער אוועק אין געפאַנגענשאַפט. דעם כהן גדול, זיין געהילף און צענדליגער הויכע באַאַמטע, ברענגט מען אין דער הויפּט־קוואַרטיר און דאָרט, פאַר נבוכדנצר׳ן אין די אויגן, ווערן זיי אויסגע׳הרג׳עט. ירושלים איז וויסט. אין דער פּראָווינץ בלויז בלייבן נאָך פאַרוואַגלטע שטאַ־טישע און דאָרפישע איינוואוינער וואס פאַרנעמען זיך דערהויפּט

מיט ערד־ארבייט און וויין־גערטנערייִ. נבוכדנצר ערלויבט דאס, כדי דאס לאנד זאל ניט אינגאנצן פארווילדעט ווערן און פאר א פארוואלטער איבער זיי באשטימט נבוכדנצר איינעם פון ירמיהו׳ס פריינט און אָנהענגער פון זיין בבל׳יש־פריינטלאכער פּאָליטיק מיט׳ן נאָמען גדליה.

בּיסלאכווייז הויבן זיך אָן אומקערן אין לאנד אריין די טויזנטער אידישע פאמיליעס וואָס זענען בעת די מהומות זיך צע־לאפן אין די שכנ׳ישע לענדער, אָדער זיך אויסבאהאלטן אין די בערג. א סך פון די צוריקגעקומענע זענען צופרידן מיט׳ן רואיגן צושטאנד, און הויבן אָן ווייטער צו אנטוויקלען א נאָרמאלן ישוב. האבן זיך אָבער צווישן די צוריקגעקומענע געפונען אויך קרובים פון קעניג און קריגעריש־געשטימטע יונגעלייט. זיי ווילן ארויס־רופן א נייע מרידה געגן בבל. זיי פאסן אויף א געלעגנהייט, א פאלקס־ום־טוב, און הרג׳נען דעם פארוואלטער גדליה, די אידן וואָס זענען דערביי געווען און אויך דעם בבלער גארניזאָן פון שטאט. זיי רויבן אויס דאס גאנצע שטעטל מצפה, וואו דער פארוואלטער האט געוואוינט, און אנטלויפן איבער׳ן ירדן צו די עמונים. גדליה׳ס פריינט יאגן נאָך די פאררעטער פון דעם ביסל אָרימקייט וואס נבוכדנצר האט לעבן געלאזט, אָבער די אָנפי־רער פון יענער פארעטערישער אקציע געלינגט עס דאָך זיך אריבער־צוכאפּן איבער׳ן ירדן.

עס איז קיין ספק ניט געווען, אז נבוכדנצר קען ניט און וועט ניט פארשווייגן דעם טויט פון זיין פארוואלטער אין יהודה, און דעם איבערפאל אויף זיין גארניזאָן אין מצפה. די לאיאלע בירגער אפילו שרעקן אויך זיך פאר א הארבע שטראף, און די מער אקטיווע צווישן דער איבערגעבליבענער באפעלקערונג אינ׳ם חרוב׳ן לאנד, נעמען זיך צונויף, נעמען מיט, איבערגוואלד, ירמיהו׳ן אויך און אנטלויפן קיין מצרים. געבליבן זיינען אין לאנד בלויז די אומבאהאלפענע, די שוואכע און ווילנסלאָזע, אָדער שוין לחלוטין פארצווייפלטע פון די שרעקלאכע איבערלעבונגען. און אויף זיי גיסט זיך אויס דער צאָרן פונ׳ם בבלשן קעניג. נאָכאמאָל

שיקט ער נבוזראדן קיין יהודה. נאָך ווייניג הריגות און רויבערייען נעמט ער צונויף נאָך עטלאַכע אידישע משפחות און פאַרשיקט זיי אויך קיין בבל.

דאָס לאַנד בלייבט ווי אויסגעקערט פון דעם גאַנצן ישוב זיינעם. אַנשטאָט פאַלאַצן און וואוינונגען — חורבות. אַנשטאָט מענשן — היות ווילדע און ברומיגע און הויליגע. דער מדבר געווינט אין פאַרנעם — אַ גרויסן שטיק ישוב שלינגט ער איין. טרוקענע ביינער זענען צעוואָרפן און פאַרשפּרייט אומעטום. די אידישע מ ל ו כ ה איז נאָך אַ שווערער גסיסה ענדגילטיג אונטער־געגאַנגען.

אָבער איבער די ביינער הויבט אָן צו שוועבן גייסט. אַ נייע הויט ווערט פאַרצויגן איבער זיי. דאָס אידיש פאָלק אין בבל'שן לאַנד הויבט אָן זיך צו קריסטאַליזירן, זאַמלען כחות און שמידן די האָפנונג אויף אַ נייעם מלוכה־לעבן מיט אַ נייעם קולטור־אינהאַלט.

און די האָפנונג ווערט אין גיכן מקוים!

# ירמיהו הנביא

דער איינפאַכסטער, דער מענשלאַכסטער און צוגעגנגלאַכסטער פון אַלע נביאים איז געווען דער גרויסער נביא: ירמיהו. זיינע ווערטער, זיינע סימבאָלן, זיינע זעאונגען זענען אַזוינע נאַטירלאַכע, געוויינלאַכע, וואָס זענען יעדן מענשן פאַרשטענדלאַך. ער זעט בלויז פּשוט'ע, ממשות'דיגע זאַכן, און נאָר וועגן אַזוינע זאַכן רעדט ער. און פּשוט'סטע געשעענישן און ערפאַרונגען דינען אים ווי סימבאָלן אין זיינע נביאים'שע ארויסטרעטונגען.

ער איז אָבער דער אומגליקלאַכסטער פון אַלע נביאים. דער מער־געהאַסטער און מער־פאַרפאָלגטער. קיינער פון די גרויסע נביאים האָט ניט איבערגעלעבט אַזוינע גרויסע לעבנס־געפאַרן ווי ירמיהו. קיינער פון די גרויסע נביאים האט אויך ניט גע־האט דאס ביטערע מזל: פאַראויסצוזאָגן אַלדאָסבייז זיין פאָלק און נאָכדעם צוזעען, ווי זיינע ווערטער ווערן מקוים און צוזאַמענ־ברעכן דערפון, וואָס זיינע ווערטער זענען מקוים געוואָרן...

שוין זיין אָפּשטאַמונג האט געטראָגן אין זיך זיין קומענדיגן פּיין. ער האט געשטאַמט ניט פון פּראָסטן פאָלק, נאָר פון אַ כהנים־משפּחה. און דערצו פון אַ פּראָווינציעלער, פון דער שטעטל ענתות, אַן ערך דריי מייל פון ירושלים. אין דער פאַמיליע באַקומט ער צו לייענען די פאַרשריבענע נביאות פון ישעיהו, עמוס, הושע און אַנדערע נביאים. דאָס מאַכט אויף דעם פרומען קינד אַ טיפן איינדרוק.

אָבער נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, טרעפט אין ירושלים דאס גרויסע געשעעניש: דער כהן־גדול, חלקיהו, רעמאָנטירנדיג דעם בית־המקדש, האט דאָרט ערגיץ געפונען דאס געזעץ־בוך פון'ם אַלטן ירושלימער היילינגטום וואס איז געווען פאַרגעסן געוואָרן. דאָס בוך האָט מען איבערגעלייענט פאַר'ן פרומען מלך יאשיהו. און ער האט עס געהייסן פאַרלייענען פאַר'ן גאַנצן פאָלק און

זיך אונטערגענומען צו רעפארמירן דעם גאָטעס־דינסט בא אידן לויט די פארשריפטן פונ'ם ניי־געפונענעם געזעץ־בוך, וואס איז געווען „יאהוועס תורה." די פרומע און גאָטספארכטיגע צווישן אידן האָבן געשטיצט דעם קעניג אין זיין וויכטיגער אונטער־נעמונג. צו די דאָזיגע פרומע און גאָטספאָרכטיגע האָט אויך אָנ־געערט דער יונגער ירמיהו — כמעט אין איין עלטער מיט'ן קעניג. אָבער דער הויפּט־פונקט פון דער נייער רעפארם איז באַ־שטאנען אין דעם, מען זאל אויסראטן די פראווינץ־היילי גטימער מיט זייערע מזבחות, מצבות און אשרות. און קרבנות זאלן פון איצט אָן געבראַכט ווערן נאָר אין א י י ן אָרט, אין י ר ו ש ל י ם. די ירושלימער כהנים זיינען געווען פ א ר דער רעפארם. אָבער די כהנים אין דער פּראָווינץ האָבן אין דעם געזעען אַ „גזרה", אַן אומגליק, זיי וועלן בלייבן אָן ברויט... אין דער צייט הויבט ירמיהו אָן פארצובריינגען זיינע נביאות. און ער הויבט עס אָן אין זיין געבורטס־שטעטל אין ע נ ת ו ת. ע ר, דער זון פון כהנים, רעדט געגן די פראָווינציעלע כהנים, וואָס אָפּפערן „צו אַלע נאַ־רישקייטן," און איז דערפאר, אז קרבנות בריינגען זאל מען נאָר אין ירושלים! איז דאָס ניט אַ העזה? און גלאַט עפּיס, ווי קומט ע ר, אַ היימישן כהנ'ס אַ זון, צו שטראָפן אונז, לערנען אונז און סטראשען אונז? שוין צוויי דורות, אז די חברה נביאים איז ווי פארשוואונדן. ניט מ'הערט זיי, ניט מ'דאַרף זיי. און פּלוצלינג — איז ער דאָ, אונזער היימישער. ער איז א נביא! א י ם גע־פעלט קיין זאך ניט! מ'דארף זיך אקארשט אָפּרעכענען מיט אים. און מ'הויבט אָן צו זוכן מיטלען ווי אזוי אים דאס מויל צו פאר־שטאָפּן... ער ווערט עס געוואָר און אַנטלויפט קיין ירושלים. אָבער דארט איז אים אויך ניט בעסער. די כהנים דארט, וואס זענען געווען שטארק פאראינטערעסירט אין דער רעפאָרם: בטל צו מאכן אַלע פּראָווינציעלע מזבחות, זענען געווען ג ע ג ן ד ע ם, אַז די פּראָווינציעלע כהנים זאָלן צוגעלאָזט ווערן צום מזבח אין ירושלים, ווי דער קעניג האָט פארלאַנגט, כדי זיי זאָלן אויך האָבן צו פארדינען... דאָס איז געווען אַן עולה. אַן אינטערעסן־

פּאָליטיק. און ירמיהו טרעט אַרויס געגן די ירושלימער נביאים, כהנים און פאָלק. „די נביאים" טענה'ט ער, „זאָגן פאַלשע נביאות, די כהנים גייען האַנט־אין־האַנט מיט די נביאים און דעם פאָלק געפעלט עס". איז דען אַ וואונדער, אַז די ירושלימער „גרויסע" זענען אים אויך געוואָרן שונאים? און דאָס פאָלק האָט באַוויינט די צעבראָכענע אָפּגעטער, און געמאַכט הספדים נאָכ'ן בעל און ניט געקענט מוחל זיין יאשיהו'ן זיין אונטערנעמונג און ירמיהו'ן זיינע האַרטע רייד געגן זייערע פרעמדע געטער. אָבער ניט לאַנג דרייט זיך ירמיהו'ס לעבן און ווירקן אַרום דער גרויסער רעפאָרם. גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע געשעעניש'ן קומען אין יענע צייטן פאָר אין נאָענטן מזרח וואָס מוזן האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויך אויף יהודה. און אָט דער גרויסער פּאָליטישער ראָד שלעפּט אויך ירמיהו'ן אַריין אין דער וועלט־פּאָליטיק.

וואָס איז געשעען?

די הערשאַפט איבער'ן מזרח איז אין יענער צייט איבערגעגאַנגען פון אשור צו דער ניי־בבל'ער מאָנאַרכיע מיט נבופּלאסר בראש, און אַז אשור איז געפאַלן, האָט זיך מצרים אונטערגעאיילט צו פאַרכאַפּן אַ חלק פון דער ירושה, וואָס איז געבליבן נאָך אים. האָט דער מצרים'שער קעניג נ כ ה דער צ ו ו י י ט ע ר געוואָלט צונעמען: סיריע, צור, יהודה א. א. און געטראַכט זיך פאַנאַנדערשפּרייטן ביז צום טייך פּרת. אָבער דאָ האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף נבו־פּלאסר'ס זון, אויף נבוכדנצר'ן, און דער האָט געצוואונגען דעם קעניג פון מצרים זיך אָפּצוזאָגן פון דער „גרינגער ירושה", וואָס איז אים צוגעפאַלן.

קוים איז נכה אָפּגעטראָטן צוריק צו זיין טייך נילוס, און אין יהודה הויבט אָן דער קעניג און זיינע ראַטגעבער צו גלויבן, אַז איצט זענען זיי שוין פריי, און אויף לאַנגע יאָרן; איז אָנשטאָט זיך צו באַפעסטיגן אינווייניג, געווינען אָנזען פון אויסן, האָט זיך די מלוכה פאַרנומען מיט אומקערן צוריק די גאַנצע געצנדינסט, וואָס יאשיהו האָט אויסגעראָטן; האָט מען זיך פאַרנומען מיט בויען קאָלאָסאַלע בנינים — צווינגענדיג דאָס

פאָלק צו לייסטן אַרבייט אומזיסט, ווי אַ מין קאָפּ־שטייער... די גאַנצע פּאָליטישע קאָניוקטורע פון יענער צייט איז זיי, ווייזט אויס, לחלוטין פרעמד געבליבן. זיי האָבן ניט איינגעזען, אַז די הערשענדע ראָלע אין מזרח וועט פון איצט אָן שפּילן ב ב ל, און אויב יהודה וויל עקזיסטירן מוז זי איר אויסווערטיגע פּאָליטיק אָריענטירן אויף דער נייער, מעכטיגער בבל'שער מאָנאַרכיע. אָבער וואָס מ'האָט אין קעניגלאַכן הויף נ י ט באַמערקט דאָס האָט זייער גוט געמערקט ירמיהו. שוין אין ערשטן יאָר פון נבוכדנצר'ס רעגירונג שילדערט ער בבל'ס הערשאַפט איבער די אידן. נבוכדנצר איז דאָס געווער אין גאָט'ס האַנט, מיט וועלכן ער וועט די אידן שטראָפן. „איך וועל אים נעמען" זאָגט גאָט, „און וועל אים אַראָפּברענגען אויף דעם לאַנד, אויף זיינע איינוואוינער און אויף אַלע פעלקער אַרום. און פאַרוויסטן וועל איך זיי און חרב מאַכן און מיט אייביגע חרבות וועל איך זיי פול מאַכן". אָבער יהויקים, דער קעניג פון יהודה, מאַכט זיך ניט וויסנדיג דערפון. ער פירט אַלץ נאָך אונטערהאַנדלונגען מיט'ן קעניג פון מצרים און מיט אַנדערע, קלענערע הערשער וועגן אַ פאַראייניגטן אויפטריט געגן בבל. ירמיהו וואָרנט דערפון. ער ווייזט אָן אויף דער פאַנטאַסטישקייט און אומגליק וואָס שטעקט אין אַזאַ קינדער פּאָליטיק. וואָרים, זאָגט ער, גאָט האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

„נעם דעם גיפטיגן כוס מיט וויין פון מיין האַנט און טרינק אָן מיט אים אַלע פעלקער וואָס איך שיק דיך צו זיי. זאָלן זיי טרינקען, זאָלן זיי אויפברויזן און זאָלן זיי משוגע ווערן דערזעענדיג דעם שווערד וואָס איך שיק אַראָפּ אויף זיי.

„און דער שווערד וועט אַלעמען אָנגרייפן. קיינעם, אפילו אייערע הויפּשטיצע מ צ ר י ם , וועט ער ניט אויסמיידן. נאָר אָנהויבן וועל איך פון זיך, פון אייך, פון ירושלים."

אָבער קיינער הערט ניט זיינע וואָרנונגען. און די, וואָס קומען אים יאָ הערן, האָבן דערביי דעם איינציגן צוועק: נאָכדעם מסר'ן אויף אים...

און די היסטארישע נויטווענדיגקייט באווערט זיך. נאָכדעם ווי נבוכדנצר האט איינגענומען סיריע, הויבט ער אָן זיך צו דערנענטערן צו יהודה. ער פאדערט פונ'ם קעניג יהויקים, ער זאָל זיך אים אונטערווארפן — ווייל אין פּאלעסטינע זעט ער דעם שליסל צו מצרים — אויב זיין לעבן איז אים ליב, און ער וויל ניט אומקומען אינאיינעם מיט זיין פאלק און מיט זיין לאנד. אָבער אין דער אייגענער צייט האט אויך מצרים זיך געווענדט צום קעניג פון יהודה מיט הבטחות און מיט איינרעדעניש, נ י ט צו פאלגן נבוכדנצר'ן, ניט אונטערצוגעבן זיך און מצרים וועט אים דערין באהילפיג זיין. דער קעניג און מיט אים די גאנצע רעגירונג און אפילו ס'פאלק הויבן אָן זיך צו וואקלען. ווייסן ניט ווי איז בעסער צו האנדלען. נאָר איין ירמיהו ווייסט ניט פון קיין וואקלעניש. ער האט פארשטאנען, אז דער קאמף מיט נבוכדנצר'ן איז אַ פארשפילטער. דאָס איינציגע וואָס יהויקים, דער קעניג פון יהודה, קאָן נאָך טאָן איז: אויסצומיידן אומזיסטע בלוט־פארגיסונג און באלד זיך אונטערווארפן צו בבל. זעענדיג דאס וואקלעניש ארום און ארום, גלויבט ירמיהו, אז איצט איז עס די רעכטע צייט צו באאיינפלוסן די רעגירונג און דאס פאלק און זיי ראטעווען פון אומגליק. רופט ער צו זיך זיין תלמיד און סעקרעטער, ברוך, הייסט אים איבערשרייבן זיין אמאָליגע רעדע וועגן דער זיגרייכער צוקונפט פון נבוכדנצר'ן און וועגן זיינע נצחונות איבער אלע פעלקער פון סיריע און פּאלעסטינע. און די דאזיגע רעדע הייסט ער אים איבערלייענען אין הויף פון בית־המקדש, וואו גרויסע מענשן־מאסן האבן זיך צונויפגעזאמלט. ער טוט דאס. דער איינדרוק פון דער רעדע איז אזוי שטארק, אז אלע דערזעען דעם טיפן תהום, בא וועלכן זיי שטייען, וועלכן זיי האָבן אליין אויסגעגראָבן, און ביז איצט אפילו דאס ניט באמערקט. מ'הויבט אָן זיך צו באַראטן. ס'וואקסט אן אויפרעגונג. דער צושטאנד קומט אָן אין הויף. און דער קעניג הייסט זיך ברייננגען דעם מאנוסקריפּט פון ירמיהו'ס רעדע. דאָס געשייט. ער זעצט זיך ביים הייצנדיגן

קאמין און הערט פארלייענען די רעדע בלעטל נאָך בלעטל. און בלעטל נאָך בלעטל נעמט ער ארויס פון האנט פונ'ם פאָרלעזער, צערייסט עס און ווארפט עס אריין אין פייער אריין. די דערביי־איגע בעטן אים, ער זאל דאס ניט טאָן, אָבער ער הערט זיי ניט — ווייל אין הארצן איז ער געווען פאר א בונד מיט מצרים געגן בבל... אָבער אויך אויף אים מאכט די רעדע א קאלאָ־סאלן איינדרוק. ער באפעלט, אז מ'זאל באלד אויפזוכן ירמיהו'ן און זיין תלמיד ברוך און ביידן הרג'ענען... נאָר די עטלאכע אָנהענגער וואס ירמיהו האט אין הויף, באהאלטן זיי באצייטנס און זיי ווערן געראטעוועט פון טויט. און אין א קורצע צייט ארום האט ברוך נאָכאמאָל אויפגעשריבן די אייגענע רעדע, צוגעגעבן צו איר נאָך נייע שטיקער און ווידער פארשפרייט אין פאלק. דער קאמף צווישן דעם נביא און דעם קעניג האט זיך אויס־געלאָזט מיט'ן נצחון פון נביא. די מערהייט פון פאָלק איז געווען מיט ירמיהו'ן. א סך פון דער אריסטאָקראטיע און הויפלייט זענען געווען מיט אים. אלע האבן געוואלט אויסמיידן אומזיסטע בלוט־פארגיסונג. און דער קעניג איז געווען געצוואונגען אויפצוהערן זיך פלאָנטערן מיט מצרים און איינצאָלן דעם נויטיגן מס (אָפּ־צאָל) צו בבל. אָבער קוים זענען פארביי דריי יאָר צייט, און יהויקים פארבינט זיך מיט מצרים און צור און הערט ווידער אויף צו צאָלן דעם יערלאכן מס צו נבוכדנצר'ן. דויערט עס ניט לאנג און נבוכדנצר באלאגערט ירושלים. יהויקים שטארבט און זיין זון יהויכין ווערט מלך און האלט אָן זיין פאטער'ס פאָ־ליטיק: ניט צו אנערקענען די אויבערהערשאפט פון בבל. אפילו שוין נאָכדעם ווי צור איז געווען געפאלן, און מצרים האט דער־ווארט דעמזעלבן שיקזאל, איז יהויכין אלץ געבליבן בא זיין הארט־נעקיגקייט. ירמיהו זעט קלאָר דאס גרויסע אומגליק וואס עס דערווארט זיין פאלק פון דער קעניגליכער עקשנות. און ער הערט ניט אויף צו ווארנען דעם קעניג, און אפילו צו שווערן, אז יהויכין און זיין מלוכה וועלן אונטערגיין. „אפילו ווען דו וואלסט מיר געווען אזוי ליב און טייער ווי אן איינגעקריצטע חתימה

אויף מיין אָרעם, — זאגט גאט — וואלט איך דיך אויך אראָפּ־געריסן פון דארט און איבערגעגעבן אין די הענט פון יענע, וואס זיינען אָנגעשטאנען אויף דיין לעבן — אין די הענט פון נבוכדנצר דעם מלך פון בבל." און צום פאלק האט ער זיך גע־ווענדט מיט דער וואָרנונג: „לאָזט זיך ניט איינרעדן פונ'ם קע־ניג און פון זיינע הויף־לייט, ווי פון די נביאים און די כהנים, אז גאט וועט ניט איבערגעבן די שטאט אין נבוכדנצר'ס הענט — ווייל ער וועט דאָך שיצן ז י י ן טעמפל, דעם בית המקדש. פארלאזט זיך ניט אויף זייערע פאלשע רייד. „גאט'ס טעמפל, גאט'ס טעמפל, גאט'ס טעמפל איז עס," וואס וועט אייך ראַ־טעווען. נארישקייט! אויב זיי וועלן ניט אויפהערן אומגערעכט צו משפט'ן, אויב זיי וועלן ניט אויפהערן צו אונטעדריקן דעם אָרימאן, אויב זיי וועלן ניט אויפהערן אומזיסטיג בלוט צו פארגיסן — וועל איך, — זאָגט גאָט, — חרב מאכן ירושלים און דעם בית המקדש פונקט אזוי ווי איך האָב אין עלי'ס צייטן חרב געמאכט שילה. און ווי זאל עס דען אנדערש זיין? יאָרן אויף יארן האט מען אייך געווארנט און איר האט ניט געוואלט פאלגן. איר האט זיך אלץ פארלאזט אויף פרעמדע פריינט. איצט וועט דער ווינט פארטראגן אלע אייערע פריינט, אייערע גע־ליבטע וועלן אוועק אין געפאנגנשאפט, נאָכדעם וועט איר זיך שעמען פאר די נידערטרעכטיגע שטיק אייערע"... סוף־כל־סוף זעט יהויכין איין, אז ער איז ניט אימשטאנד אָנצוהאַלטן דעם ווידערשטאנד געגן בבל און גיט זיך אונטער. נבוכדנצר נעמט דעם קעניג, זיין מוטער, די הויפלייט און צען טויזנט מאָן פון די בעסערע פון פאלק און שיקט זיי אוועק אין געפאנגנשאפט קיין בבל. אויפ'ן לאנד לייגט ער ארויף א הויכן אָפּצאָל, און צדקיהו'ן, יהויכינ'ס א פעטער, באשטימט ער פאר א מלך אין ארץ ישראל. און ווייל די פריערדיגע צוויי אידישע מלכים האבן זייער ווארט ניט געהאלטן, באשווערט נבוכדנצר צדקיהו'ן בא נאָט, אז ער וועט בלייבן טריי צו בבל.

אָבער קוים פינף יאָר האָט צדקיהו געהאַלטן זיין וואָרט.

און ווידער האט ירמיהו צו ווארנען דעם קעניג און דאס פאלק ניט צו לאזן זיך איינרעדן פון די ארומיגע שכנים — זיך צו שטעלן נעגן בבל, ווייל ער וועט ניט גוט אפשניידן. ער טוט אן א הילצערנע יארמא אויפ'ן האלז און קומט אזוי אין בית המקדש אריין. און אז מ'פרעגט אים: וואס באטייט דאס? ענטפערט ער: „אזוי וועט בבל ארויפלייגן זיין יאך אויפ'ן אידישן פאלק"... אבער דאס אלץ העלפט ניט. צדקיהו איז א שוואכער מענש. ער איז כסדר אין איין שרעק. א ביסל האט ער מורא פאר גאט, א ביסל שרעקט ער זיך פאר בבל, ער האט אויך דרך־ארץ פאר ירמיהו, אבער זיינע פארדעטערישע שכנים קאן ער אויך ניט אפזאגן. דערצו איז דער חשק צו זעלבסטשטענ־דיגקייט גרויס; די הויפלייט אין דער בבלשער געפאנגנשאפט הערן אויך ניט אויף צו אינטריגירן דעם קעניג, וואס ג'כער מאכן א סוף צו זייער לאגע, און ער לאזט זיך פארפירן פון די אויפ־שטענדיגע...

ירמיהו ווייסט דערפון. ער פרואווט זיך פון ווייטן צו ווירקן אויף די געפאנגענע אין בבל. יהויכינ'ען, דעם קעניג אין געפאנגנשאפט, לאזט ער זאגן: „פארשרייב דעם דאזיגן מאן אלס קינדערלאזן. קיינמאל אין זיין לעבן וועט ער ניט גליקליך זיין. קיינעם פון זיינע קינדער וועט עס ניט געלינגען צו זיצן אויף דוד'ס טראן און צו געוועלטיגן איבער יהודה." און צום פאלק אין בבל לאזט ער שרייבן: „טראכט נאך ניט וועגן אומקערן זיך צוריק אהיים. בויט זיך הייזער און וואוינט אין זיי. פלאנצט וויינגערטנער און עסט זייער פרוכט. מאכט חתונה אייערע קינדער, פרוכפערט זיך דארט און מינערט זיך ניט. זארגט פאר'ן וואוילשטאנד פון דער שטאט, וואוהין איך (גאט) האב אייך פארשיקט,— ווייל אז איר וועט גוט זיין, וועט אייך אויך זיין גוט." דאס פאלק אין בבל האט מיט באפרידיגונג אנגענומען ירמיהו'ס עצה. אבער די הויף־לייט האבן געקוקט אויף אים ווי אויף א פארדעטער. און איינער פון זיי האט געשריבן קיין יהודה און זיך באקלאגט אויף דעם נביא, וואס הייסט דעם

פאלק שלום צו מאכן מיט זיין לאנע. ער ווארפט אויך פאר די רעגירער פון יהודה דאס, וואס זיי רעכענען זיך ניט אָפּ מיט אים און מיט אלע זיינע אָנהענגער. די אינטריגעס פון די „איי־גענע מענשן,“ וואס געפינען זיך אין געפאנגנשאפט; דער איינ־פלוס פון דער קריגס־פארטיי וואס האט זיך געבילדעט אין הויף און די ווירקונג פון די שכנים ארום, צווינגען צדקיהו'ן זיך צו שטעלן אין די רייען פון בבל'ס געגנער. און אז נבוכדנצר האָט באַ־לאַגערט די שטאָט איז קיינער פון די פארבינדעטע ניט געקומען יהודה'ן צוהילף. אנדערהאלבן יאָר האָט געדויערט די באלאגערונג. ירמיהו האט ניט אויפגעהערט צו פאדערן מען זאל זיך אונטער־געבן. ווארים וואָס לייגער די באלאגערונג וועט דויערן, אלץ מיט מער אכזריות וועט מען נאכדעם באהאנדלען די באלאגערטע באַ־פעלקערונג. דער קעניג, צדקיהו, שיקט אפילו אמאל רופן ירמיהו'ן און עצה'ט זיך מיט אים. אָבער פאָלגן, פאָלגט ער אים ניט. נאָר איין מאָל האט ער אים יא געפאלגט: ער האט באפוילן צו באפרייען אלע אידישע קנעכט און דינסטן וואס די רייכע האבן געהאט. און מען האָט זיי באפרייט. נאָר מ'האָט פון זיי געשאפן לעגיאָנען צו פארטיידיגן די שטאט. קוים איז אָבער נבוכדנצר אויף א ווייל׳ע אָפּגעטראטן פון שטאט (צוליב געוויסע פארוויקלונגען אין בבל), און שוין האבן די הערשנדע גרופן צוריק פארשקלאפט זייערע באַ־פרייטע קנעכט. ירמיהו ווערט זייער אויפגעבראכט אויף דעם. מיט א געוואלדיגער אויפרעגונג פאלט ער אָן אויפ'ן קעניג, אויף זיינע הויפלייט און אויף די רייכע און שטארקע. פארריטער, רופט ער זיי, און שבועה־ברעכער, און אומפארשעמטע מענשן, וואס באַ־שמוצן די מענשלאכע פרייהייט. ער וואָרנט זיי, אז צו־פרי פייערן זיי זייער פרייהייט אויף די רוקנס פון זייערע באפרייטע און ווי־דער פארשקלאפטע קנעכט. ווארים נבוכדנצר וועט באלד צוריק־קומען און וועט ברענגען פאר זיי „שווערד־פרייהייט“. ווייל פריי וועלן זיי זיין פאר'ן שווערד זיינעם. נאָך דער רעדע פאלט ירמיהו אריין אין געפענגניש. מ'ווענדט אָן צו אים א שטרענגן רעזשים. דער קעניג הייסט דעם רעזשים פארגרינגערן. פאלגט מען. ער באַ־

קומט אפילו די מעגליכקייט צו האבן א פארקער מיט מענשן פון אויסן. נאָר אזוי ווי ירמיהו באהאלט ניט זיינע מיינונגען, באהאלט מען אים ווידער וואס ווייטער פון מענשן. אין א זומפיגן גרוב האט מען אים אריינגעווארפן. מיט הונגער האט מען אים געפייניגט. נאָר דער קעניג האט אים פון זיין בעקעריי געשיקט ברויט, אז קיינער זאל ניט וויסן. אזוי דויערט עס ביז וואנען די בבלים רייסן זיך אריין אין שטאט אריין. אין שטאט הויבן זיך אָן געוואלדיגע הריגות. נאָר ווייניגע, און צווישן זיי ירמיהו מיט זיין שילער ברוך, ברענגט מען אין קייטן צו נבוכדנצר'ן, דאָ גיט מען ירמיהו'ן די ברירה: אָדער ער זאָל גיין מיט די איבריגע קיין בבל, אָדער ער קאן בלייבן אין יהודה. ער קלויבט אויס דאס לעצטע, נאָר באגלייטן וויל ער זיינע אומגליקליכע געפאנגענע ברידער ביז דער גרעניץ פון בבל. דאס איז אים ערלויבט.

צוריקקומענדיג, בלייבט ער אין מצפּה אינאיינעם מיט'ן קעניג'ס פארטרעטער אין לאנד, גדליהו בן אחיקם. א באנדע קריגסלייט דעזערטירן מיט אן אָנפירער פון אידישן קעניגלאכן הויז, הרג'נען גדליהו'ן. אויס מורא פאר נבוכדנצר'ן אנטלויפן זיי קיין מצרים און שלעפּן מיט זיך ירמיהו'ן און אויך זיין שילער און תלמיד ברוך.

ירמיהו אין מצרים! אין דעם לאנד וואס ער האט אזוי געהאסט, צו וועלכן ער האט קיין איינציגן טראָפּן צוטרוי ניט געהאט, פון וועלכן ער האט אין א משך פון 40 יאר ניט אויפגעהערט צו ווארנען זיין פאלק — אין דעם לאנד ווערט ער פארוואָרפן, אן אומגליקליכער, א צעבראָכענער א פארצווייפלטער פון גרויסן אומגליק וואס האט זיין פאלק און זיין לאנד געטראפן.

אין מצרים לעבט ער נאָך עטליכע יאָר און שטארבט שטיל אין פארהאסטן לאנד, צווישן פארהאסטע מענשן.

א היסטארישע טראגעדיע, א פאלקס־טראגעדיע, אָן גלייכן!

# עזרא און נחמיה

די אידן וועלכע זיינען געווען אין גלות אין בבל, האבן זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו זייער לאגע. זיי האט זיך דארט נע־לעבט ניט שלעכט — סיי אין מאטריעלן זין, סיי אין גייסטיגן זין. — פונדעסטוועגן האבן זיי דאך ניט אויפגעהערט צו האָפן און צו ווארטן אויף דעם טאג, ווען זיי וועלן זיך קאנען אומקערן צוריק אהיים אין זייער פאטערלאנד. און וואס ווייטער, אלץ מער שטיצע און מער האפט האט באקומען זייער האפנונג — ווייל וואס ווייטער אלץ אויגנשיינליכער איז געווארן, אז עס דערנעענ־טערט זיך דער טאג, ווען די מעכטיגע בבלשע מלוכה וועט אונ־טערגיין: „דער פערסישער עראָבערער כ ו ר ש האָט געוואָרפן אן אויג אויף בבל און וויל זי איינגעמען!" אז בבל וועט ניט קאָ־נעןביישטיין אין קריג מיט פרס, דאס איז געווען קלאָר פון דעם פחד וואס כורש האט אָנגעיאָגט אויף די הערשער און איינוואוי־נער פון בבל. דאָ איז מען געווען שטאַרק אומרואיג. מ'האָט באַ־שטימט גרויסע, אלגעמיינע גאָטעסדינסטן; די געטער האָט מען מטריח געווען פון זייערע טעמפלען און זיי אוועקגעשטעלט אינ־מיטן עפנטליכע פלעצער, כדי זיי זאלן מיט „זייערע אויגן" צו־זעען דעם טרויער און די טרערן פון זייערע אונטערטעניגע. דאס איז אויך געשען אין אלע אנדערע שטעט אין לאנד. יעדע שטאָט מיט איר גאָט־באשיצער, מיט אירע תפלות, קרבנות און אנדערליי גאָטעס־דינסט. נאָר די אידן האבן ניט געגלויבט אין דער מאכט פון די בבלשע געטער. זיי זיינען געווען זיכער, אז כורש וועט זיך ארויסווייזן שטארקער ווי בבל. און אזוי איז דאס אויך געשיין. אין יאר 538 פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג איז כורש, אלס זיגער, אריינגעקומען קיין בבל. עס איז ניט צו באשרייבן מיט וואָס פאר א באגייסטערונג די אידן האָבן באגעגנט דעם נייעם וועלט־באזיגער — וועלכער האָט אין משך פון קוים צוועלף יאָר צייט

איינגענומען גאנץ פאדער־אזיע און פארפעסטיגט די וועלט־הער־שאפט פון זיין פאלק אויף גאנצע 200 יאר. און ניט אומזיסט האבן די אידן זיך געפרייט. צווישן די ערשטע וויכטיגע דעקרעטן וואָס די נייע הערשער האָבן ארויסגעגעבן איז אויך געווען כורש׳ס דעקלאַראַציע: אז ווער פון די אידן אין בבל עס וויל, קאָן זיך אומ־קערן צוריק קיין ארץ ישראל, און ווידער אויפבויען דאָרט זייער צוזאמענלעבן. שפעטער האט ער אפילו אליין אויך מיטגעהאָלפן, אז דער דעקרעט זאל פארווירקליכט ווערן. און אויך צוליב פאָ־ליטישע טעמים. ער האט פאראויסגעזעען אַ מלחמה מיט מצרים, איז אים געווען וויכטיג, אז אויף דער גרעניץ מיט מצרים זאָל לעבן אזא באפעלקערונג, וואס איז גוט געגויגט צו פרס, איז דורכ־געדרונגען מיט דאנקבארקייט צו זיין דינאסטיע און מ׳קען זיך שטיצן אויף אים.

אין פרילינג 537, דאָס איז געווען אין פופציג יאָר נאָכ׳ן חורבן פון ירושלים, האָבן זיך אידן געלאָזט אין וועג אריין צוריק אהיים, דאָס פאטערלאנד ווידער אויפצוריכטן. אָבער ניט פיל האבן זיך אומגעקערט. אינגאנצן קרוב צו 50 טויזנט נפשות. עס איז, ווייזט אויס, א סך, וואָס זענען שוין אין בבל געבוירן געוואָרן, שווער געווען זיך אָפּצורייסן פון דעם געבענשטן לאנד און מיט ווייב און קינד און פארמעגן אונטערצונעמען אזא ווייטע נסיעה. און ארץ ישראל האָט נאָך געטראָגן אויף זיך אלע סימנים פון חורבן. און פיינטלאכע שבטים האָבן נאָך אלץ ניט אויפגעהערט צו באאומ־רואיגן דאָס לאַנד. אינמיטן לאַנד האָבן זיך געפונען די שומרונים — א געמיש פון א ביסל אידן און זייער א סך פון פאר־שיידענע פעלקער וואָס אשור האָט דאָרט אהין פארטריבן. פון מערב האבן ארייגעדרונגען די אשדודים, פון מזרח — די עמונים. פון ווייטן נגב האָבן אהער אריבערגעקוקט די אדומ׳ער — אלץ שטאַ־מען און פעלקער וואס האבן זיך געפרייט מיט׳ן חורבן פון ירושלים און וועלן ניט גרינג צולאָזן, אז דאָ זאל ווידער אויפגעריכט ווערן א אידישע מלוכה — ווייל מען וואלט דאָך פון זיי ווידער איינ־געמאָנט יענע לאַנד־שטיקער, וואָס זיי האָבן באלד נאָכ׳ן חורבן

צוגענומען און אָפּגע'ירש'נט... בא אזוינע פּערספּעקטיוון האבן א סך זיך געזאגט: בעסער — ווי דער דעקרעט פון מלך האט גע־הייסן — זיצן דאָ און העלפן דעם אויפבוי פון ארץ ישראל מיט געלט, איידער אליין אהין צו גיין...

האָבן זיך אומגעקערט די פּאָרשטייער פון אלע חשוב'ע משפחות, וואס האבן זיך געפונען אין בבל, און האבן זיך געפילט ווי די פארשטייער פון גאנצן פאלק. עס האבן זיך אומגעקערט עט־ליכע טויזנט כהנים וואס זיינען אין בבל געזעסן אָן א שטאָך אר־בייט... און אויך פארשטייער פון דער הויכער אריסטאָקראטיע, ווי: זרובבל, א זון פונ'ם פאַרטריבענעם קעניג יהויכין, ישוע — א זון פונ'ם גע'הרג'עטן לעצטן כהן גדול אין ירושלים: יהוצדק און ששבצר — ווייזט אוים אַן עלטערער זון יהויכינ'ם — וועמען כורש האט באשטימט פאר א נציב איבער ארץ ישראל, און נאָך אַנדערע. פון זיי האבן זיך אַן ערך פינף טויזנט, דער־הויפּט כהנים, באזעצט אין ירושלים, די איבריגע אין נאָנטער שכנות צום שטאט. דערוויי̇ל האט מען אויפגעריכט דעם מזבח.

און דעם ערשטן סוכות האט מען געפייערט מיט גרוים פּאַ־ראַד, מיט א סך קרבנות. א סך גרויסע נדבות זענען געפאַלן דעם טאָג לטובת דעם גאָטעס־דינסט און לטובת די כהנים. אָבער וועגן דעם בית המקדש בויען האט מען נאָך ניט געטראכט. א סך גרע־סערע דאגות זענען דערוויי̇ל געווען: אויפריכטן דאָס חרוב'ע לאַנד, אָפּבויען ירושלים א. ד. ג., ערשט אין יאָר 520, נאָכדעם ווי ששבצר איז געשטאָרבן און אויף זיין אָרט איז באשטימט געוואָרן זרובבל, האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם בית־המקדש, און אין 516 איז ער געווען געענדיגט. ער איז אָבער ניט געווען אזוי שיין ווי דער ערשטער בית־המקדש. יענע זקנים וואס האבן נאָך געזעען דעם ערשטן בית־המקדש, האבן זיך ניט געקאָנט זאט אָנוויינען, זעענדיג דעם אָרימען, צווייטן. נאָר דאָס יונגע פאָלק איז געווען צופרידן.

אָבער ניט אזוי גרינג ווי עס רעט זיך, בויט זיך.

ווארים אז די אידישע שונאים פון די פעלקער, וואס האבן איצט געלעבט אין דעם אמאָליגן שמרון, האבן דערהערט, אז אידן

בויען ווידער דעם בית־המקדש — א צייכן פון זעלבסטשטענדיגקייט און הערשאפט, איז זיי דאס ניט געפעלן געווען. האבן זיי געשיקט מענשן צו זרובבל׳ן און אים פארגעלייגט: „מיר ווילן אויך מיט־בויען מיט אייך, ווארים פונקט ווי איר, בעטן מיר גאט, און צו אים ברענגען מיר אונזערע קרבנות, פון זינט־אָן דער מלך פון אשור האָט אונז דאָ אהער פארשיקט". אָבער זרובבל און די אַנדערע פאָרנעמע האָבן דערויף געענטפערט: „מ י ר קאָנען ניט בויען אינאיינעם מיט אייך; א ל י י ן וועלן מיר בויען, ווי כורש, דער מלך פון פרס האָט אונז באפוילן." האָט זיך אָנגעהויבן א פאראיבל מיט אינטריגעס, מיט מסירות, מיט פאלשע עדות־זאגן קעגן די אידן. און צום דעמאָלטיגן מלך פון פרס, ד ר י ו ש, האָט מען געשריבן, אז אויב דער בית־המקדש וועט געבויט ווערן און די שטאָט ירושלים וועט אויפגעריכט ווערן, וועלן די אידן אָפּפאלן פון פערסישער אונטערטעניגקייט. האָט דער מלך באפוילן, מ׳זאָל אויפהערן צו בויען. האָט מען אויפגעהערט ביז צום צווייטן יאָר פון דריוש׳ס קעניגן. אָבער אין דעם יאָר האָבן זיך די אידן געלאָזט איבעררעדן פון די כהנים און פון די נביאים חגי און זכריהו, ניט געמאכט קיין שאלות און זיך ווידער געשטעלט בויען דעם בית־המקדש. אָבער דאָ איז געקומען תתני, דער אויבערשטער פון לאנד, וועמען זרובבל איז געווען אונטערגעוואָרפן, און געפאָדערט אַן ערלויבניש אויף צו בויען. זיין רעפּאָרט האָט ער אוועקגעשיקט קיין בבל צו דריוש׳ן. נאָר ד ע ר ו ו י י ל האָט ער ניט געשטערט צו בויען. און די צ י י ט אין דער פערסישער מלוכה איז געווען אַן אומרואיגע. אין לאנד האָט זיך געשפּירט אַן אויפשטאנדס־באוועגונג געגן דעם נייעם קעניג דריוש. פונדעסטוועגן האָט דריוש געלאָזט ענטפערן צו תתני, אז נאָך פון כורש׳ן האָבן אידן באקומען אַן ערלויבניש דעם בית־המקדש צו בויען; „לאָז די אידן רוען און פון די קעניגלאכע גיטער שטיץ זיי אין זייער ארבעט מיט וואָס זיי וועלן נאָר נויטיג האָבן צו זייער גאָטעס־דינסט אינ׳ם דאָזיגן הויז". ערשט איצט זענען די אידן געווען אימשטאנד דעם בית־המקדש צו פארענדיגן.

אָבער באַלד נאָכדעם פאַלט דאַס פאָלק אַריין אין אַ געדריק־טער שטימונג. וואָרים אויפצוהאַלטן דעם בית־המקדש, זיין דינער־שאַפט, די אַלע מאַסן קרבנות, איז פאַר דער קליינער געמיינדע געווען צו שווער. די אָפּצאָלן דער פּערסישער רעגירונג זענען אויך געווען צו הויך און שווער געדריקט אויף דער ניט פאַרמעגלאַכער באַפעלקערונג. די רייכע האָבן זיך צוגעשניטן גרויסע פעלדער, רייך געוואָרן און ביסלאַכווייז געמאַכט די אָרימע לייט אָפּהענגיג פון זיך און אפילו פאַרשקלאַפט בא זיך. די גאָטספאַרכטיגע האָבן אָנגעהויבן זיך אַריינצומישן אין פּריוואַט־לעבן פון אידן: מיט דעם האָב ניט חתונה, אין די און די טעג זאָלסטו ניט אַרבעטן, דאָס און דאָס איז דיר פאַרבאָטן, וואָס אַנדערע אַרום דיר איז ערלויבט; די „אידישע מלוכה", ווי מ'האָט געהאָפט און די נביאים האָבן צוגעזאָגט, איז ניט באַנייט געוואָרן. פאַרקערט: זרובבל און זיינע נאָכפאָלגער זענען געווען אונטערגעוואָרפן דעם סירישן סאַטראַפּ פון דער פּערסישער מאָנאַרכיע. צווישן זרובבל'ן מיט'ן כהן־גדול איז עס געקומען צו רייבונגען — דער ערשטער סימן פון פּריסטערלאַכן שטרעבן צו מאַכט — אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז מ'איז שוין באַלד ניט געוואָרן געוואָרן דעם גאַנצן צוריקקער.

זענען אָבער די דאָזיגע אומצופרידענע געשטאַנען אין שטענ־דיגן פאַרקער מיט די איבערגעבליבענע אידן אין בבל. פון דאָרטן פלעגן פון צייט צו צייט צוקומען מענשן, געלט, און אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין ארץ ישראל, האָט שטאַרק אינטערעסירט די בבל'דיגע אידן. און דאָרט, ווייל צווישן געצנדינער און ווייל אָפּגעזונדערט אין באַזונדערע קבוצים, און ווייל קיין מזבח מיט קרבנות זיינען ניט געווען, און גוט האָט זיך זיי געלעבט, — האָבן זיך אידן מער אָפּגעגעבן מיט ערלערנען דאָס אידנטום, און פּראַק־טיש לעבן לויט די אָנווייזונגען פון אידנטום, און זיך באַמיען דאָס צו פאַרשפּרייטן צווישן אידן ווי ווייט מעגליך. דערהערנדיג וועלכע שטימונגען עס הערשן אין ארץ ישראל, האָט זיך אין בבל אָנגע־הויבן אַ באַוועגונג פאַר אַ צ ו ו י י ט ע ר עליה קיין ארץ־ישראל. דעם גרויסן אידנטום־געלערטן, ע ז ר א, גיט זיך איין צו פאַר־

אינטערעסירן מיט דער לאגע אין ארץ ישראל דעם דעמאָלטיגן קעניג אַרטאַקסערקסעס. עזרא ווערט באַשטימט פאַר אַ ספּעציעלן קאָמיסאַר מיט אומבאַגרעניצטע פולמאַכטן, כדי דורכצופירן אין ארץ ישראל רעפאַרמען לויט דער אידישער תורה. און מיט גאָלד און מיט זילבער האָט ער אים אויסגעשטאַט און מיט קייזערלאַכע בריוו צו אַלע מאַכטהאָבער אין לאַנד, אַז זיי זאָלן אים באַהילפיג זיין אין אַלץ וואָס ער וועט דאַרפן. מיט אים זענען מיטגעגאַנגען 1,772 מענער, אויסער פרויען און קינדער. ער האָט זיך אויך מכין געווען מיט תענתים און תפלות. דעם 12טען ניסן (458 פ. ק.) איז דער קאַראַוואַן אַרויס אין וועג אַריין. דעם ערשטן אָב איז ער אָנגעקומען קיין ירושלים.

באַלד נאָך זיין אָנקומען האָט עזרא אויפגענומען דעם קאַמף קעגן געמישטע חתונות. עס איז דעמאָלט שוין קלאָר געווען, אַז קוים זאָגט זיך דער איד אָפּ פון זיין נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט און האָט חתונה מיט אַ ניט־אידישער טאָכטער, פירט עס דערצו, אַז ער זאָל זיך פון דער רעליגיע אויך אָפּזאָגן. און פאַרקערט: קוים זאָגט זיך דער איד אָפּ פון זיין רעליגיע, ברענגט עס אים צו אָוועקוואַרפן זיין נאַציאָנאַליטעט אויך. עזרא רופט צונויף דאָס גאַנצע פאָלק, האַלט פאַר אים אַ פלאַמענדיגע רעדע. רייסט אַראָפּ פון זיך די קליידער, רייסט די האָר פון זיין קאָפּ און זיצט אויף דר'ערד ווי אַן אבל. דאָס ברייינגט אַריין די פאַרזאַמלטע אין אַ גרויסן עקסטאַז. און אַז עזרא שטייט אויף, שוין פאַרנאַכט, און האַלט אָפּ אין געוויין און פאַרצווייפלונג אַ שטורמדיגע תפלה און אַ וידוי אויף דער שרעקליכער פאַרדאַרבנקייט פון פאָלק — וויינט מיט אים מיט דאָס גאַנצע פאָלק. אין דער געהויבענער שטימונג שווערן אַלע, אַז זיי וועלן זיך שיידן מיט זייערע ניט־אידישע פרויען.

נאָר אַז מ'האָט אָנגעהויבן די זאַך דורכצופירן אין לעבן, האָט מען ערשט רעכט דערפילט, ווי שווער דאָס איז. דאָס געשריבענע געזעץ ערלויבט אפילו זיך צו גט'ן. אָבער דאָס געזעץ אין הארצן געשריבן לאָזט ניט אַזוי לייכט זיך צו שיידן מיט אַ געליבטער

פרוי, מיט קינדער, מיט קרובה'שע פארבינדונגען... און אָפט איז דער איד דורך זיין ניט־אידישער פרוי געשטאַנען אין מחותנ'־שאפט מיט דער געצענדינערישער אריסטאָקראטיע, מיט פערסישע מלוכה־לייט, א. ד. ג., אונטערנעמען אזא ריס, וואלט הייסן ארויס־רופן א האס צו זיך בא די ארומיגע פעלקערשאפטן. זענען טאקע אוועקגעגאנגען קרוב צו פינף חדשים און די זאך האט זיך ניט גע־רירט פון אָרט. דעם 20טען כסלו 458, איז אין ירושלים פארגע־קומען א גרויסע פאלקס־פארזאמלונג צו וועלכער אלע מענער האבן געמוזט קומען. און אז עזרא האט איצט נאָכאמאָל איבערגע'חזר'ט זיין פאדערונג: זיך צו שיידן מיט די גוי'אישע ווייבער, האבן אלע מודה געווען, אז דאס איז זייער וויכטיג, אָבער אלע האבן אויך אָנגעוויזן מיט וועלכע שוועריגקייטן דאס איז פארבונדן. און עס ווערט אָנגענומען: שאפן א קאמיסיע אונטער עזרא'ס פארזיץ, וואָס זאָל קלאָר מאכן די פאקטן און באשליסן וועגן יעדן פאל באזונדער. דעם ערשטן יאנואר 457 איז די קאָמיסיע צושטאנד געקומען. אין א משך פון דריי חדשים האט מען פעסטגעשטעלט די נעמען פון אלע יענע וואס האבן געהאט ניט־אידישע פרויען, און... דערמיט, ווייזט אויס, האט זיך די זאך געענדיגט. די אונ־טערנעמונג איז, ווייזט אויס, געווען א דורכפאל... קיין פראקט־טישע רעזולטאטן האט זי ניט געהאט. על כל פנים ניט אזוינע רעזולטאטן, ווי עזרא און די זייניגע האבן עס פארלאנגט. אָבער די וויניגע פרויען וואָס זענען יאָ געשיידט געוואָרן פון זייערע מענער, אומקערנדיג זיך צוריק צו זייערע עלטערן און פעלקערשאפטן, און די גאנצע אגיטאציע געגן דעם משדך זיין זיך מיט די ארומיגע גויים, האָט אויפגערייצט יענע פעלקער געגן די אידן. זיי האָבן אפילו אָנגעהויבן צו טראכטן וועגן נקמה... און אז אין סיריע האט אויסגעבראכן אן אויפשטאנד — דער סירישער סאטראפּ האט זיך געוואלט אָפּרייסן פון פרס, — האבן יענע שכנה'שע שבטים אויסגענוצט די מהומה, באפאלן ירושלים, פארברענט די רעשטן פון די שטאט־מויערן, פארברענט די טויערן פון שטאט און ירושלים איז געווארן לחלוטין אָפן און הפקר. זיינען טאקע

געקומען אשדודים, שומרונים, און אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען אין שטאָט.

איצט האָבן די אידישע פּאַטריאָטן אָנגעהויבן איינצוזעען, אַז כדי דאָס פֿאָלק זאָל קאָנען אײנעװײניג, רעליגיעז זיין אָפּגעשיידט פון די אַרומיגע פעלקער, מוז עס אויך אויסערליך, טעריטאָריעל, זיין פאַרפעסטיגט פאַר זיך. „ירושלים, האָט עס געהייסן, מוז ווערן א באַפעסטיגטע שטאָט.״ זי מוז זיין אַרומגערינגלט מיט מויערן. אָבער עזרא, בא זיין גאַנצער טיכטיגקייט באַם רעפאָרמירן די געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג אין גייסט פון דער אידישער רעליגיע, איז ניט אימשטאַנד צו פאַרפעסטיגן די אויסנווייניגסטע לאַגע פון די אידן צווישן די אַרומיגע פעלקער. דערצו איז נויטיג א װעלטלאַכער מענש מיט פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע פייאיגקייטן, וואָס זאָל אויך זיין א חשוב אין קעניגליכן הויף.

און אזא מענש האָט זיך געפונען. דאָס איז געווען נחמיה, דער זון פון חכליה, א חשוב׳ער מענש און אַ דיפּלאָמאַט בא אַרטאַרקסערקס׳ן אין הויף. און דערצו א גוטער איד. אַז ער איז געוואויר געוואָרן פון דער לאַגע אין ארץ ישראל, באַקומט ער פון קעניג אַן ערלויבעניש אָפּצופאָרן אויף אַ לענגערער צייט קיין ארץ ישראל מאַכן אָרדנונג, אויפבויען די חרוב׳ע שטאָט ירושלים און אירע פעסטונגס־מויערן. און די פערסישע סאַטראַפּן אין סיריע און פּאַלעסטינע זענען באַפוילן געוואָרן צו העלפן נחמיה׳ן אין זיינע אונטערנעמונגען.

אין פרילינג 445 איז נחמיה אָנגעקומען פון שושן קיין ירושלים. די ערשטע נאַכט גייט ער אום מיט א קליינער סוויטע א צעווייטאַקטער און באַטראַכט ווי גרויס דער חורבן איז אין שטאָט. נאָכדעם האָט ער איבערגעגעבן די עלטסטע פון פאָלק, וואָס זיין אויפגאַבע איז: אַז ער האָט די קעניגלאַכע ערלויבניש צו באַפעסטיגן די שטאָט. באַלד האָט זיך געמעלדט א גאַנצע אַרמיי פריייוויליגע אַרבעטער פון אַלע שיכטן און קלאַסן פון פאָלק. זיי זיינען געוואָרן איינגעטיילט אין גרופּן און יעדע גרופּע האָט

עס גענומען אויף זיך אויפצובויען א באשטימטן טייל פון די פעסטונגס־מויערן. און די ארבייט האט זיך אָנגעהויבן. אָבער קוים האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן, און די אָנפירער פון די שכנה'שע פעלקער האָבן אָנגעהויבן צו אַגיטירן קעגן נחמיה'ן און אים שטערן אין דער אַרבעט. מ'האָט געפּרואווט חוזק מאַכן פון דער גאנצער אונטערנעמונג, אויסלאכן זי; מ'האט געפּרואווט מסר'ן אין שושן, אז די אידן גרייטן זיך צו אן אויפשטאנד. נחמיה האט אָבער געמאכט צו־נישט אלע זייערע אינטריגעס. זיי האבן אפילו געפּרואווט מיט מאכט און געוואלד ניט צו דערלאזן דאס באפעסטיגן די שטאט, אָבער נחמיה האט ארויסגעשטעלט באַוואפנטע מאכט געגן באוואפנטער מאכט. אפילו די בויער האבן מיט איין האנט געבויט און אין דער צווייטער געהאלטן א שווערד... יענע האבן אונטערגעקויפט און געדונגען מענשן פשוט צו הרג'נען נחמיה'ן, איבערצורעדן זיינע נאָנטע, פּראָוואָצירן זיינע העלפער, א. ד. ג., אָבער אומזיסט. דאס גאנצע פאלק איז געווען אזוי איבערגעגעבן דעם בויען, אז ער האָט זיך אויף קיין פאל ניט געלאזט פארפירן. און אין א משך פון 250 טעג, איז די אַרבעט געווען געענדיגט. ירושלים איז געוואָרן א פארפעסטיגטע, געשלאסענע שטאט און נאָר ב י י ט א ג איז זי געווען אָפן...

איצט, אז פון אויסוויינינג איז די שטאט געווען געשיצט, האט נחמיה אונטערגענומען צו שאפן אַן אָרגאניזירט אידנטום אינעווייניג, פאר זיך. קודם כל פארגרעסערן די באפעלקערונג אין שטאט. אויסער די פרייוויליגע וואס האבן זיך באזעצט אין שטאט, זאָל איינער פון צען אין דער פּראָווינץ מ ו ז ן זיך באַזעצן, לויט דעם גורל, אין ירושלים. ער האָט אויסגענוצט זיין מאכט און געצוואונגען די רייכע, אום'ברחמנות'דיגע מלוים, זיי זאָלן מוחל זיין אלע זייערע חובות, וואָס די אָרימע לייט זענען זיי שולדיג — כדי עס זאָל מעגלאך זיין א נאציאָנאלע פאראייניגונג צווישן אלע שיכטן און קלאסן. ער אליין, נחמיה, האט געדינט אלס ביישפיל. ניט בלויז דאס וואס ער האט געהאט צעליען, האט ער מער ניט געמאנט, נאָר ער האט זיך אָפּגעזאגט אפילו

פון זיין געהאַלט אַלס קעניגלאַכער פאַרוואַלטער. די רייכע האָבן אויך באַפּרייט זייערע קנעכט, אומגעקערט צו זייערע בעלי־חובות אַלע משכנות און הייזער, פעלדער, אָדער גערטנער, און מיט אַ שבועה האָבן זיי זיך פאַרפּליכטעט מער די דאָזיגע חובות ניט צו מאָנען.

האַבנדיג אַ באַרואיגט פאַראייניגט פאָלק, האָט נחמיה אויפגענומען אויך עזראַ'ס רעפאָרמען: באַגרינדן די אינערליכע לעבנס־אָרדנונג אויפ'ן יסוד פון דער אמונה. און ער, אינאיינעם מיט עזראַ'ן, מאַכן גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מ'לייענט עפענטלאַך פאַר די תורה — וואָס דאָס ברייטע פאָלק האָט כמעט ניט געקענט. די כהנים און די לויים האָבן ערקלערט און פאַרטייטשט און אויסגעטייטשט די תורה צו די צוהערער. עס זענען דערביי פאָרגעקומען גרויסע פאַראַדן און פייערלאַכע צערעמאָניעס וואָס האָבן דאָס פאָלק באַגייסטערט. צום סוף האָבן זיך די וועלטלאַכע און גייסטלאַכע פאָרשטייער, פון דער ירושלים'ער געמיינדע, אונטערגעשריבן אויף אַן אָפּמאַך, וואו זיי האָבן זיך מתחייב געווען צו היטן אַלע געזעצן און געבאָטן וואָס גאָט האָט געגעבן דורך משה'ן און וואָס שטייען געשריבן אין דעם „ספר התורה,״ וואָס עזרא האָט זיי פאָרגעלייענט. דאָס איבריגע פאָלק האָט באַשטעטיגט די דאָזיגע התחייבות דורך אַ שבועה וואָס עס האָט געגעבן הויך אויפ'ן קול.

צוועלף יאָר איז נחמיה אָפּגעזעסן אין ארץ ישראל. און ניט אומזיסט. ער האָט דאָך מיט ערפאָלג פעסטגעשטעלט די ריכטונג אין וועלכער עס דאַרף געפירט ווערן די באַפעסטיגונג פון דער נאַציאָנאַלער גייסטיגער אייגנאַרטיגקייט פון אידישן פאָלק. אָבער טיף זיך איינוואָרצלען אין די הערצער, איז אין אַזאַ קורצער צייט ניט מעגלאַך געווען. און קוים איז ער נאָר אָפּגעפאָרן צוריק קיין פּערסיע (433) און די נייע אָרדנונג וואָס ער האָט געשאַפן האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערצופאַלן, אָן דעם „אָפּמאַך״ האָט מען אנגעהויבן צו פאַרגעסן. די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס האָבן ווידער אָנגעהויבן טאָן געמישטע שדוכים. און אַן

אייניקל פון א כהן־גדול האָט געגעבן דערין דעם ערשטן ביישפּיל... מען האט עפנטליך מחלל שבת געווען און שבת איז געווען דער מארק־טאָג; די אָפּצאָלן פון די כהנים און דעם בית־המקדש האט מען אויפגעהערט צו צאָלן פּינקטלאך; די מלוים האָבן ווידער בארויבט און געדריקט די אָרימע... און אידישע שונאים זענען ווידער אריינגעלאזט געווארן אין שטאָט און זייערע בייזע מעשים האבן זיי אָפּגעטאָן אפילו אונטער'ן דאך פון בית־המקדש.

נחמיה ווערט עס געוואר און ווידער קערט ער זיך אום קיין ירושלים, מיט די זעלביגע פולמאכטן וואָס פריער. אויף זיין באפעל ווערן די טויערן פון ירושלים געשלאָסן פון פרייטאָג אָוונט ביז שבת־צו־נאכט. די וואָס האנדלען אום שבת, ווערן שטרענג באשטראָפט. די פאמיליעס, וואו צוליב די ניט־אידישע פרויען האָט מען ניט גערעט העברעאיש, לאָזט ער באשטראָפן. דעם כהן גדול'ס אייניקל, וואָס האָט געהאט א פרעמדע פרוי, שליסט ער אוים פון דער דער געמיינדע. די מלוים צווינגט ער ערליך באהאנדלען זייערע בעלי־חובות. די אידישע שונאים טרייבט ער ארוים פון זייערע געשעפטס־צימערן וואָס זיי האָבן געהאט אין בית המקדש און ווידער באנייט ער דעם פריערינגן אָפּמאך מיט די אידן.

ווי לאנג נחמיה איז נאָכדעם געבליבן נציב אין יהודה, און וואָס מיט אים איז נאָכדעם פאָרגעקומען, ווייסן מיר ניט. די ווייטערדיגע געשיכטע ווייזט אונז אָבער, אז זיין אויפגאבע האט ער דערפילט. אז אים איז געלונגען צו שאפן א נייע אידישע מלוכה אויף הונדערטער יארן און ארויפצוליינן זיין שטעמפל אויף דעם אידנטום, אויף אייביגע צייטן.

# די חשמונאים

הונדערט יאהר צייט, אן ערך, זיינען פארביי פון זינט אָן נחמיה איז געשטארבן, ביז וואנען דער גריכישער קעניג, אַלעקסאַנדר מוקדון, איז ארייננעדרונגען אין מזרח. די דאזיגע גאַנצע צייט ליגט אין פולשטענדיגער טונקלקייט. און אַז די טונקלקייט ווערט דורכגעלויכטן — זייען מיר פאלעסטינע פּאָ־ליטיש אין אַן ערגערן צושטאַנד, ווי מיר האָבן זי איבערגעלאָזט. דאָס לאַנד איז בלויז אַ טייל פון אַ גרעסערער פערסישער סאַ־טראַפּיע. דאס לאַנד האט אויך ניט מער קיין וועלטליכע הערשער — ווי זרובבל, אָדער נחמיה זיינען געוועזן, און דאס איז געוועזן יעדער כהן־גדול אין זיין צייט. דער כהן־גדול האט געהאט בלויז צוויי ערליי צו באַפרידיגן: ערשטנס, דעם פערסישן, קע־ניגליכן הויף דורך פּינקטליכן צושטעלן אַהין די אידישע שטייערן, און באפרידיגן די פאדערונגען פון אידישן פאלק, בנוגע דעם גאָטעסדינסט. אין פערסישן הויף איז מען צופרידן געוועזן מיט'ן דאָזיגן גאַנג פון דער אידישער אנטוויקלונג. מען האָט דאָרט אזוי ווייניג אַכט געלייגט אויף די אידן, אז די פערסער האבן פאר־וואלטעט מיט פאלעסטינע נ י ט פון איר צענטער־אוים, פון ירושלים, נאָר פון שומרון. פּאָליטיש איז עס אפשר געוועזן אַ שטיקל באַליידיגונג פאר'ן אידישן נאַציאָנאַלן שטאָלץ: די הויפּט־שטאט פון לאַנד ווערט איגנאָרירט, ווערט ענטראָנט! מ'האָט זיך אָבער ווייניג געקימערט וועגן דעם. די אידישע פירענדע גייסטער זיינען פארנומען געוועזן מיט בויען גייסטיגע פעסטונגען ארום אידישן פאלק, און דורכדעם עס האלטן אָפּגעשייט פון דער גרוי־סער וועלט ארום. די אידישע געלערנטע זענען פארנומען געוועזן מיט אויספארשן און אויפקלערן אלע פּרטים פון דער תורה, וואס עזרא און נחמיה האבן אוועקגעלייגט אלס גרונדשטיין אינ'ם בנין פון אידנטום. זיי זענען פארנומען געוועזן מיט גייסטיגער זעלבסט-

אָרגאַניזאַציע, מיט שמידן אַ רעליגיעז־עטישע וועלט־אַנשויאונג און אַ מאָראַלישע וועלט־אויפפאַסונג פאַר זייער פאָלק. אין דער שטיל, ווייט פון זייטיגע אויגן און פון זייטיגן איינפלוס, פאַרנעמען זיי זיך רואיג און באַקוועם מיט רעדאַגירן פאַרשיידענע ספרים פון תנ״ך; מיט איינטיילן די היסטאָרישע טיילן זיינע באַזונדער, נביאים׳שע באַזונדער, פּאָעטישע באַזונדער א. ד. גל. און יעדער נביא באַזונדער פאַר־זיך. און האט מען ניט געקאָנט אויסמיידן די ווירקונג פון דער פּערסישער קולטור, האט מען די דאָזיגע ווירקונגען, וואס זיינען ניט ארויפגעצוואונגען געוואָרן די אידן איבערגוואַלט, נאָר וואס זיינען ממילא, שטילשווייגנדיג, אַריינגעקומען, זייער געשייט פאַרוועבט אין׳ם געוועב פון׳ם אידנ־טום. די תורה איז געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון׳ם אידישן פאָלק. די היטער פון דער תורה זענען געוואָרן זייערע פירער. דער גאַנצער שטאַט איז געוואָרן: אַ רעליגיאָנס־שטאַט, און דער כהן־גדול זיין באַפעלער.

און בעת די אידן זיינען רואיג געזעסן אונטער פּערסישן דרוק און פּערסישן שוץ, און געלערנט און געפאָרשט און אָנגע־הויפט גייסטיגע גיטער פאַר זיך, אויף אייביגע צייטן, — האט זיך דרויסן אַ נייע וועלט־קולטור אַנטוויקלט און אַ נייער וועלט־הערשער האָט זיך פּראָקלאַמירט. אין דער אייגענער צייט, ווען אין איין ווינקל, באַם ברעג פון׳ם מיטללענדישן ים, האבן זיך אידן פאַרנומען מיט פאַרגעטליכן דעם מענשן און פאַרזיטליכן אים, זיינען אין אַן אַנדער ווינקל, באַם ברעג פון׳ם זעלבן ים, געזעסן די גריכן און האבן זיך פאַרנומען מיט פאַרמענשליכן די געטער און זיי פאַראומזיטליכן. די ערשטע האבן געלערנט, אַז נאָר אין דער ברכה פון גאָט ליגט די הצלחה פון מענשן, און די לעצטע האבן געלערנט, אַז די געטער דאַרף מען נאָר בעטן, זיי זאָלן קיין בייז ניט טאָן, אָבער דאָס גוטע וועט שוין דער מענש אליין טאָן פאַר זיך. באַ אידן איז דאָס וויכ־טיגסטע געוועזן: צו קולטיווירן דעם גייסט, באַ די גריכן — צו קולטיווירן דעם קערפּער. באַ אידן איז דאס העכסטע געוועזן:

די פרומקייט, בא די גריכן — די שיינקייט. אין ירושלים, דער אידישער הויפט־שטאט, איז געוועזן בלויז איין גאט, אין אטען, דער גריכישער הויפטשטאט, פיל־געטריי. דער חילוק צווישן די צוויי קולטורן, דער אידישער און דער גריכישער, איז אזוי טיף, אזוי ווייט און ברייט פארצווייגט, אז זיי לאזן זיך ניט פאראייניגן, און ווער עס אנערקענט די איינע קולטור, מוז פארלייקענען די אנדערע.

און אין לעצטן פערטל פונ'ם פערטן יארהונדערט, פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג, איז עס געקומען צו א באגעגעניש צווישן די ביידע קולטורן. די גריכן האבן איינגענומען די פערסן. און אין יאר 382 פ. ק. איז אלעקסאנדר מוקדון ארייגעקומען קיין אזיע. ווי אזוי עס זענען פארגעקומען די ערשטע באריזונגען צווישן אלעקסאנדר'ן און די אידן, דערפון דערציילט בלויז די לעגענדע. עס הייסט: בעת דער כהן גדול ידוע (אדער שמעון הצדיק) האט זיך איבערצייגט, אז ירושלים וועט זיך מוזן אונ־טערגעבן אלעקסאנדר'ן, איז ער מיט א גרויסער סוויטע ארויס געגאנגען אים אנטקעגן. אז אלעקסאנדער האט דערזעען דעם כהן גדול איז ער אראפגעקראכן פון זיין פערד און זיך פא־בוקט פאר'ן כהן גדול. איינער פונ'ם קעניג'ס באגלייטער, פארמעניאן, האט געפרעגט בא אלעקסאנדער'ן: וואס באטייט דיין בוקן זיך, מעכטיגער קעניג, פאר א גייסטלאכן? האט אים אלעקסאנדער ער־קלערט, אז דאס געשטאלט פונ'ם דאזיגן הייליגן מאן האט גע־שוועבט פאר אים בא אלע זיינע פעלד־צוגן און האט אים גע־האלפן אין זיינע גרויסע נצחונות. נאכדעם איז אלעקסאנדער, אינאיינעם מיט'ן כהן-גדול, אריינגעקומען קיין ירושלים און געבראכט א קרבן אויפ'ן מזבח פון אידישן גאט.

די לעגענדע מעג זיך בלייבן א לעגענדע. זי איז אבער גע־שאפן געווארן — און אין די פארשיידנסטע נוסחאות — דער־פאר, וואס אלעקסאנדער מוקדון, אדער אלעקסאנדער דער גרויסער, האט זיך באמת פארהאלטן זייער פריינדליך צו אידן. ער האט זיי ניט געשטערט אויך ווייטער צו לעבן אויפ'ן זעלביגן שטייגער,

ווי ביז איצט. נאָר די שטייערן, וואס זיי האבן פריער געצאָלט צו די פּערסער, זאלן זיי פון דאן אָן צאָלן צו די מאקעדאָניער. א גרויסע ווירקונג האט דאָך אלעקסאנדער געהאט אויפ׳ן ווייטערדיגן גאנג פונ׳ם אידנטום. ער האט אין מצרים געגרינדעט א שטאט מיט׳ן נאָמען: אלעקסאנדריע. אין גיכן ווערט זי די הויפּט־שטאט פון לאנד. זי ווערט אויך דער צענטער פון גריכישער, אָדער העלעניסטישער, קולטור אויפ׳ן מזרח. די שטאט הויבט־אָן צו וואקסן, עס ציען אהין פיל מענשן מיט לעבעדיגער ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט. צווישן זיי — אויך פיל אידן. אינגיכן וואקסט דאָרט אויס א גרויסע אידישע קאָלאָניע, וואס איז רייך מאטעריעל און הויך־אנטוויקלט גייסטיג. שפּעטער איז זי א גרויסער און וויכטיגער קולטור־צענטער פאר אלע אידן אין גריכישן און, שפּעטער, אויך אין רוימישן גלות. אָבער אויך פאר די אידן אין ארץ־ישראל איז די אלעקסאנדריער אידישע קאָלאָניע פון גרעסטער וויכטיגקייט. זי שטיצט זייער רייבלאָך דעם בית־המקדש אין ירושלים, און האָט גרויס אינטערעס אין אלע באדערפענישן, וואס די אידן אין ארץ ישראל האבן. א שטענ־דיגער בריוו־וועקסל איז אָנגעגאנגען צווישן די אידן אין מצרים. פיל קרובים און פריינד האָבן די אידן פון איין צענטער צווישן די אידן פונ׳ם אנדערן צענטער. ביידע צענטערן, אי אלעקסאנדריע אי ירושלים, זיינען דארום פאראינטערעסירט געווען, אז אויך פּאָליטיש זאָלן די צוויי לענדער, מצרים און ארץ ישראל, זיין פאראייניגט אין איין האנט.

און אז אלעקסאנדער איז געשטאָרבן האָבן זיינע יורשים, נאָך לאנגע מלחמות, צעטיילט דעם מזרח אין צוויי מלוכות: מצרים און סיריע. פּאלעסטינע האט אָנגעהערט צו מצרים, אונטער דער הערשאפט פון דער דינאסטיע תלמי (פּטאָלאָמייער). אין סיריע האָט געוועלטיגט די דינאסטיע סע־לייקוס. איז אונטער דער אויבערהערשאפט פון די פּטאָלאָ־מייער האָבן זיך די אידן אין ארץ ישראל געפילט זייער גוט. זייער ווייניג ענדערונגען האבן די פּטאָלאָמייער געמאכט אין דער

אידישער פאַרוואַלטונג. ווי פריער, האָבן די אידן געשיקט זייערע שטייערן אין הויף אַריין דורכ'ן כהן גדול, און ווי פריער זיינען די אידישע פירנדע גייסטער פאַרנומען געווען מיט איינוואָרצלען דאָס אידנטום אין אידישע הערצער, און די אידן אַריינפלאַנצן אין אידנטום. נאָר לייכט און אומבאַמערקט האָט זיך, ביסלאַכווייז, די גריכישע, אָדער העלעניסטישע, קולטור אַריינגעקראָגן קיין ארץ ישראל. לכתחילה — אַביסעלע פּאַראַידישט, פאַרמיטלט, דורך אַלעקסאַנדריען און אירע אידן. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ דירעקטער ווערט די ווירקונג, אַלץ שטאַרקער און טיפער. דערהויפּט צווישן די רייכע און די אַריסטאָקראַטן. די פרומע קרייזן זיינען אויפגערעגט געגן דער גייסטיגער אַסימילאַציע, וואָס פירט אויך צו פיזישער אַסימילאַציע. אין דער פּראָווינץ איז די אויפרעגונג געווען נאָך גרעסער ווי אין ירושלים. אָבער דערווייל האָט זיך די אומצופרידנקייט בלויז אָנגעזאַמלט ביז אַ צייט. און די צייט האָט ניט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן.

וואָרים די סעלייקוס־דינאַסטיע האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו רעכענען, אַז זי איז באַ'עולה'ט געוואָרן דערמיט, וואָס ארץ ישראל געהערט ניט צו סיריע, נאָר צו מצרים. פון צייט צו צייט איז עס צווישן די צוויי דינאַסטיעס געקומען אפילו צו מלחמות צוליב דעם. און אין יאָר 200, אַן ערך, (פ. ק.) איז ארץ ישראל איבערגעגאַנגען אין די הענט פונ'ם קעניג פון סיריע. די ערשטע פינף און צוואַנציג יאָר האָט מען די אידן געלאָזט רואיג לעבן. לכתחילה, האָבן זיי נאָך אפילו געהאַט מער פּריווילעגיעס, ווי באַ די פּטאָלאָמייער. אָבער די ווירקונג פון דער גריכישער קולטור אויף די אידן אין ארץ־ישראל איז איצט געוואָרן שטאַרקער. שוין כאָטש דערפאַר אַליין, וואָס געאָגראַפיש איז פּאַלעסטינע ענגער פאַרבונדן מיט סיריע, ווי מיט מצרים. און פון יאָר 175 (פ. ק.) אָן, ווען אַ מלך אין סיריע איז געוואָרן א נ ט י ו כ ס ד ע ר פ ע ר ט ע ר — גערופן האָט מען אים: אַנטיוכוס ע פּ י פ אַ נ ע ס (דער גלענצנדער) און אויך אַנטיוכוס ע פּ י ט אַ נ ע ס (דער מטורף) — ווען ס'איז איינגעפאַלן דורכ־

צופירן, אז זיין גאנצע מלוכה זאל האבן אן איינהייטליכן קולטור־כאראקטער, האט דער העלעניזם געמאכט גרויסן פארטשריט אין ארץ־ישראל. פשוט מיט סאָלדאַטישער געוואַלט האָט מען די אידן נעצוואונגען אָנצונעמען און אויספירן גריכישע אָדער העלענישע פייערליכקייטן, שפּילן, רעליגיעזע און וועלטליכע צערעמאָניעס — הגם זיי זענען געגן דעם אידישן גייסט. און אידישע מנהגים ווי שבת, מילה א. ד. גל. זענען געווען איינגאַנצן פאַרבאָטן. דער דאָזיגער צושטאַנד האָט אויפגעבונדן די הענט פון די אסימילירטע אידן, וואס האבן אויך פריער שוין, נאָר שטילערהייט, ארויסגעשטופּט דאס אידנטום פאַר'ן גריכנטום. די גריכישע שפּראַך, גריכישע נעמען, אַ גריכיש שטייגער לעבן האָט געהערשט אין ירושלים. עס קומען אויף רעליגיעז־פּאָליטישע פּאַרטייען: העלעניסטן (גריכן טרייע) פון איין זייט, און חסידים (גאָט־טרייע) פון דער אַנדערער זייט. עס קומט צו מחלוקות, צו מסירות, צו אינטריגעס און אפילו צו בלוט־פאַרגיסן. די חסידים הויבט מען אָן חושד צו זיין, אז פּאָליטיש זענען זיי מער גענייגט צו מצרים און דער פּטאָלאָמיאישער דינאַסטיע. וואָרים די פּטאָלאָמייער האָבן בלויז די שטייערן געמאָנט, אָבער אין די אינווייניגסטע רעליגיעזע אַנגעלעגנהייטן זיך ניט געמישט. די סעלייקישע דינאַסטיע אָבער נעמט צו דאָס פאַרמעגן, און אויך אויפ'ן גייסטיגן לעבן לייגט זי ארויף איר האנט. דאס האט זיך געלייגט אויפ'ן שכל, און אזוי האט מען אויך, און אפשר ניט מיט אומרעכט, אין אנטיוכוס'עס הויף משער געווען. דערפאר האָט מען די שטייערן נאָך העכער, נאָך שווערער געמאַכט. מ'האָט איינגעפירט אַ זאַלץ־אָפּצאָל, אַ חתונה־אָפּצאָל, אַ דריטל פון דער תבואה אויפ'ן פעלד, אַ העלפט פון די פרוכטן אויף די ביימער א. ד. גל.; דער כהן־גדול האָט די דאָזיגע שווערע שטייערן איינגעמאָנט מיט דער גרעסטער שטרייננקייט. און אויך אין גייסטיגן לעבן האָבן די כהנים געהאָלפן די גריכן. איר הערט איצט אין ירושלים, ווי כהנים־גדולים רופן זיך מיט גריכישע נעמען: יאַזון, מענעלאָוס, אַלקימוס א. ד. גל.; כדי צו געפעלן די

הערשער גרינדן זיי אליין שפילהייזער, וואו אידישע יונגעלייט פארברייננגען אין די אבשייליכסטע גריכישע שפילן. יעדער פון די כהנים וויל זיך אויספיינען פאר די הערשער און אריבערשטייגן דעם קאנקורענט, — באנוצט מען זיך מיט טאדלען איינער דעם אנ־דערן, מיט „מתנות", מיט אונטערקויפן הויכע באאמטע. עס קומט אזוי ווייט, אז מען הויבט־אן צו קויפן די כהונה. און אפילו נ י ט קיין עכטע כהנים קאנען קומען צום הויכן פאסטן פון א כהן־גדול . . . אין הויף הויבט מען, סוף כל סוף, אן צו קוקן אויף די כהנים'שע אינטריגעס מיט פאראכטונג. און אין פאלק רופט מען זיי פאררעטער, גאטס־לעסטערער, רשעים און חונפים. און אויף די גריכן האט מען געקוקט ווי אויף רויב־חיות, וואס „פארצוקן זייערע קרבנות אינמיטן העלן טאג, אויף אלע גרויסע וועגן." און איז די אומצופרידנקייט הויך אנגעוואקסן, האט מלוכה ארייננגעשיקט מיליטער אויף צו „בארואיגן" די אומרואיגע אי־דישע אונטערטאנען: אפילו צו א מיליטערישן פאגראם איז עס אמאל געקומען אין ירושלים. די שנאה צו די סיריער מיט זייערע אידישע העלפער איז געוואקסן אומגעהייער. דער קלענסטער צו־זאמענשטויס האט איצט געקאנט ברייננגען צו ערנסטע פאלגן. אבער אין דער הויפט־שטאט א נ ט י ו כ י ה רעכנט מען זיך ניט דערמיט. דארט נעמט מען עס אונטער צו שאפן איין גרויסע סירישע אימפעריע. פון אלע לענדער, וואס זיינען אונטערגע־ווארפן צו סיריע, מאכן איין לאנד, פון אלע פעלקער — איין פאלק, פון אלע שפראכן איין שפראך און פון אלע געטער איין גאט. און דער איינער גאט זאל עס זיין צ י י ס, דער גאט פון אלימפיען. און אויס זאל עס ווערן מיט'ן אידנטום, א סוף זאל עס נעמען מיט'ן קולט פון יאהווע. שוין ווערט געשיקט מיליטער, און אין הויף פון בית־המקדש שטעלט מען אוועק א מזבח, אנשטאט יאהווע'ן צו צייס'ן, און אין בית־המקדש שטעלט מען אוועק צייס'עס סטאטוע. און עס ווערט באפוילן: דא אהער זאלן אידן ברייננגען זייערע קרבנות, און אט ד ע ם גאט זאלן זיי דינען. ווער עס פאלגט ניט, פארשפילט זיין לעבן. קאפיטעס פון

דער תורה, וואו מ׳האט זיי נאָר געפונען, האט מען פאַרברענט. און עס זיינען אויפגעקומען גאַנצע מחנות אידן־מארטירער, וואס האָבן מקריב געווען זייער לעבן פאַר זייער גלויבן. און עס זענען געשאפן געוואָרן אַ צאָל לעגענדעס, וואס האבן די מאַרטי־רער פאַרהערליכט. דאָס פאָלק איז סוגעסטירט געוואָרן, קיינער האָט מער ניט געשטעלט זיין לעבן העכער פון דעם גלויבן. אלע רעגירונגען פון דער מלוכה האָבן דאָ, באַ די אידן, זיך ארויסגעוויזן פאַלש. אזא לוסטיג מאכן זיך איבער גאט און איבער זיין תורה האָבן אידן ניט געקאָנט פאַרטראָגן. און דערהויפט ניט אין דער פשוט׳ער, פרומער פראווינץ. אזוי איז עס געקומען דערצו, אז ניט פון ירושלים, נאָר פון דער פראווינץ אויס, און ניט פון א כהן־גדול, נאָר פון אַ פשוט׳ן קליינעם כהן, איז ארויס־געלאָזט געוואָרן דער לאָזונג: צום אויפשטאַנד געגן דער גריכישער הערשאפט!

אָבער איידער עס איז געקומען צו אן אויפשטאנד, האבן זייער פיל פון די פרומע און גאטספארכטיגע פארלאזט ירושלים און זיך פארשטעקט אין בערג און טאלן איבער׳ן לאנד. די שטאט ירושלים איז געבליבן אין די הענט פון די גריכן און די אידישע העלעניסטן, וואָס האָבן געפראוועט אָרגיעס אין בית־המקדש פאר׳ן בילד פון צייס. צווישן די אויסגעוואַנדערטע פון שטאט געפינט זיך אויך אן אלטער כהן מתתיהו פון אן אומבאַ־קאַנטער פאַמיליע חשמונאים. און געלעבט האָט ער אויף אַ בארג־שטעטל מודעין, ניט ווייט פון ירושלים. מיט דער צייט (ס׳איז געווען אין יאָר 168 פ. ק), האָט מען אויך דאָרט אויפגעבויט א מזבח צו צייס׳ן. גריכישע באַאמטע האבן אכטונג געגעבן, אז מ׳זאָל ברענגען קרבנות פאַר׳ן גאָט צייס לויט דער געהעריגער אָרדנונג. טרעפט, אז אַ איד קומט מיט זיין קרבן צום מזבח און דער באַאמטער שטייט־צו צום אלטן מתתיהו, אז ער, אלס כהן, זאל דעם קרבן מקריב זיין. אין גרויס צאָרן הרג׳עט מתתיהו אויפ׳ן אָרט אי דעם אידן, אי דעם גריכישן באַאמטן און אנטלויפט באלד אין די בערג אריין. מיט אים אנטלויפן אויך

זיינע פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אלעזר און יונתן. עס איז קלאָר געווען, אז אנטיוכוס וועט אזא אויספאל ניט פארשווייגן. אז ניט היינט, מארגן וועלן זיך באַווייזן די גריכישע שטראף־עקספעדיציעס און מ'וועט מוזן זיך פארטיידיגן. באלד האָבן זיך ארום דעם מוטיגן אלטן צונויפגעקליבן טויזנטער און טויזנטער אומצופרידענע, דערהויפט פון די, וואס האבן אומגעוואנדערט אין די בערג, ארום ירושלים. מ'האט זיך אָרגאניזירט, און גרייט געווען, הגם מיט ווייניג געווער, זיך אנטקעגנצושטעלן דעם שונא. אָבער איידער דער שונא איז געקומען האָבן זיי, פון דער מדבר אוים, אָנגעהויבן אָנפאלן אויף אידישע שטעטלאך, וואו די גריכן האָבן געוועלטיגט. דארט האבן זיי צעווארפן די טמא מזבחות און די רשעים און פאררעטער האבן זיי אויסגע'הרג'ט. אינגיכן איז מתתיהו געשטאָרבן און זיין זון, יהודה המכבי, שטייט בראש פון די אויפשטייענדיגע. דאס חיל, וואס אנטיוכוס האט ארויסגעשיקט געגן די אויפשטייענדיגע אידן, האט יהודה לייכט צעשלאגן. און נאָך דעם נצחון איז ער אזוי דערמוטיגט, אז ער גייט מיט זיין חיל קיין ירושלים, כדי די שטאט אויסצוריינינגן פון די גריכישע געצן און באנייען דעם בית־המקדש. די סירישע סאָלדאטן האָט ער ביי־געקומען, די כהנים העלעניסטן האט ער פארטריבן פון בית־המקדש. ער האָט אויך אָפּגערייניגט דעם בית־המקדש פון צ י י ם בילד און פון זיין מזבח. און דעם 25טען כסלו, אין יאר 165 פ. ק. איז דער בית־המקדש ווידער באנייט געווארן. פון דאן אָן איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן צו פייערן אלע יאר אכט טאָג, און די פייערונג זאָל הייסן „ח נ ו כ ה" — באנייאונג — צום אָנדענקען פונ'ם באנייעם דעם בית־המקדש און באנייען דאָס פאָלק.

דערמיט האט זיך נאָך אָבער דער אויפשטאנד ניט געענדיגט. ביידע צדדים האבן נאָך דאס געוועער ניט אוועקגעלייגט — הגם די גריכן, ווי זייערע אידישע פריינט, האבן איינגעזעען, אז עס קאן מער קיין רייד ניט זיין פון אויספירן דעם באפעל פון קעניג אנטיוכוס, — בנוגע בטל מאכן דעם אידישן קולט.

מ׳האט אויך אָפן ערקלערט, אז דער באפעל ווערט אָפּגעשאפט; אָבער פאַר א כהן־גדול האָט מלוכה באשטימט אירן אן אָנהענגער: אלקימוס. און מיליטער האָט מען געשיקט מיט אים, עס זאָל אים, אויב נויטיג, באהילפיג זיין באם פאַרנעמען און אָנהאלטן זיין פּאָסטן. אויף דעם כהן איז יהודה ניט איינגעגאנגען. ער איז ארויסגעטראטן געגן קעניגליכן מיליטער און די סיריער האבן צע־שלאָגן זיין ארמיי, ער אליין איז אין דעם קאמף דער׳הרג׳עט געוואָרן און אַלקימוס ווערט כהן־גדול. אָבער אלקימוס׳עס כהונה׳־שאפט דויערט ניט לאנג. די סירישע מלוכה איז געווען פאר־וויקלט אין א קאמף מיט די רוימער, וועלכע האבן פון דער סירישער מאנארכיע אָפּגעריסן א לאנד נאָך א לאנד. דערווייל איז אנטיוכוס געשטארבן און זיין יורש דעמעטרי האט אָפּגערופן דאס גריכישע מיליטער פון ארץ־ישראל. דאן האט יהודה המכבי׳ס ברודער, יהונתן, זיך געשטעלט בראש פון די אויפ־שטענדיגע. עס איז געקומען צו א בירגערקריג, און אין דעם קריג איז דער כהן־גדול אלקימוס דער׳הרג׳עט געוואָרן. ניט־קע־נענדיג איצט האָבן צו טאָן מיט׳ן אויפשטאנד בא אידן, איז דעמעטרי געקומען צו אן אויסגלייך מיט יהונתנ׳ען. אפילו די שטייערן, וואָס אידן האָבן געהאט צו צאָלן, האָט ער פאַרקלענערט אויף א העלפט. ביני לביני איז יהונתן געשטארבן און זיין אָרט האָט פאַרנומען אן אנדער ברודער יהודה׳ס, מיט׳ן נאָמען שמעון. דער האָט אָנגעהויבן צו בויען פעסטונגען, זאמלען געלט און אָנ־גרייטן מיליטער אויפ׳ן פאל פון קריג. און אזוי ווי אין סיריע האבן זיך פלוצלינג באוויזן פיר פרעטענדענטן אויפ׳ן טראָן פון אנטיוכוס, האָט שמעון געפּאָדערט און פון דעמעטרי דעם צווייטן באקומען די צושטימונג, אז ארץ־ישראל ווערט א פּאָליטיש־אומאָפּהענגיגע מלוכה. די דאזיגע אומאָפּהענגיגקייט האט גע־בראכט דערצו, אז די שפּעטערדיגע מלכים פון דער דינאסטיע חשמונאים האָבן געבראכט די אידישע מלוכה צו דער גרויס, וואס זי איז געווען אין די צייטן פון דוד און שלמה.

# פּאַרטייען בעת׳ן צווייטן בית־המקדש

## א) די פּרושים

מ׳איז געוואוינט צו רעדן פון דריי פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט, געווירקט און געקעמפט אין ארץ ישראל אין דער צייט פון׳ם צווייטן בית־המקדש: פרושים, צדוקים און אסיים. אַנדערע שטעלן זיי גאָכאַנאַנדער, אין אַ נ ד ע ר אָרדנונג. אַנדערע שויען זיך צו רעדן פון פּ אַ ר ט יי ע ן, רעדן זיי פון „אָרגאַניזאַציעס", „ריכטונגען", „סעקטן" — אָבער קיינער פון די דאָזיגע „צונעמעניש׳ן", לויט ווי מיר פאַרשטייען זיי, פּאַסן ניט צו יענע גרופּירונגען. דערהויפּט לאָזט זיך ניט אָנווענדן איין צונאָמען, — פּאַרטיי, סעקטע א. ד. ג. — צו אַלע. אויב פאַר די צדוקים פּאַסט אפשר דער נאָמען פּאַרטיי, אויב דער נאָמען „ליגע" אָדער „אָרדן" פּאַסט זיך אפשר פאַר די אסיים, פּאַסט אָבער קיין איינציגער פון זיי ניט פאַר די פּ ר ו ש י ם.

וואָרים די „פּרושים" — קיין חילוק ניט, פון וואַנען דער דאָזיגער נאָמען שטאַמט און וואָס ער באַטייט — דאָס איז די געדיכטע טייג־מאַסע, פון וועלכער פּ אַ ר ש י ד נ פּ אָ ר מ י ג ברויט ווערט געקנאָטן. דאָס איז — כדי פּאָלקסטימליך זיך אויסצודריקן — די זיסע מילך, פון וואַנען ס׳ווערט געמאַכט אי קרים, אי קעז, אי פּוטער, אי זויערמילך, געגנויער: דאָס איז די ברייטע פּאָלקסמאַסע, פון וואַנען עס שיידן זיך אויס פאַרשידנערליי גרופּירונגען, לויט באַשטימטע סימנים, הייגט אסיים, מאָרגן צדוקים, איבערמאָרגן פּרושים, נאָכדעם קנאים, שפּעטער סקריקין א. ז. וו., א. ז. וו. יעדער לויט זיין ריכטונג, וועלטאַנשויאונג און לעבנס־אויפפאַסונג. יעדער נויגט אָפּ, מער אָדער ווייניגער, רעכטס אָדער לינקס פון׳ם נאָרמאַלן, פשוט׳ן, פּאָלקסטימליכן, געזונטן און פּראַקטישן לעבנס־

און גלויבנס־שטייגער. אָבער גראָד טאַקע אָט דאָס פּשוט׳ע, פּראַק־טיש־געזונטע און רעליגיעז־לאָגישע — אָט דאָס איז דער קערן פון דעם פּרושים׳טום און זיין פּרוכט. דאָס זיינען די מענער פון „גאָלדענעם מיטן". מענער פון סינטעז. פונ׳ם אויסגלייך. פון דער פּשרה. מענער פונ׳ם לעבן. פּרושים, דאָס איז ניט קיין באַזונדער ריכטונג אינ׳ם אַלגעמיינעם אידנטום, נאָר דאָס איז דאָס פאַרווירקליכטע אידנטום. דאָס אידנטום אין דער פּראַק־טיק. דאָס אידנטום אין לעבן און ווירקן. אַנדערש אויסגעדריקט — פּרושים — דאָס איז די איינציגע און אייביגע ריכטונג פונ׳ם אידנטום... דאָס איז אויך ניט קיין באַזונדערע, רעליגיעזע סעקטע אין אידנטום. נאָר דאָס איז דאָס אידנטום אונטערוועגס — צום אידעאַל פון אבסאָלוטער פרומקייט. צום אידעאַל פון הייליגקייט, פון גאָט. אָט דאָס אידנטום גיט אַרויס פון זיך יענע מענער, וואָס פאַרשטייען אם בעסטן, ווי דאָס וועלטליכע לעבן פון אידן אַזוי צו פאָרמירן, אַז ווען אַלע מענשן וואָלטן געהאַנדלט לויט די דאָזיגע נאָרמען, וואָלט עס דער גרעסטער צאָל מענשן פאַרזי־כערט די גרעסטע מאָס גליק. אָט דאָס אידנטום גיט עס אַרויס די מענער, וואָס פאַרשטייען דאָס רעליגיעזע לעבן פונ׳ם אידן אַזוי צו רעגולירן, אַז עס זאָל אים אם זיכערסטן דערנעענטערן צום דערמאָנטן אידעאַל, און דאָך פון לעבן אים ניט אָפּרייסן. וואָרים צו די פּרושים געהערט דאָס וואָרט: דער שבת איז געשאַפן גע־וואָרן פונ׳ם פאָלקס וועגן, און ניט דאָס פאָלק פונ׳ם שבת וועגן. די פּרושים, דאָס זיינען מענשן, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פונ׳ם פּשוט׳ן פאָלק. און הגם זיי האָבן מיט זייער לערנען און וויסן אַריבערגעשטיגען דאָס פּשוט׳ע פאָלק, האָבן זיי דאָך פון זיינטוועגן געלעבט, פאַר זיין אידישער עקזיסטענץ זייער גאַנצע אַרבעט גע־ווידמעט. באַ זייער גאַנצער שטריינגקייט בנוגע דעם אָפּהיטן די אמונה און אַלע אירע געבאָטן, די לייכטע ווי די שווערע, פאַרגעסן זיי דאָך קיינמאָל ניט, אַז די געבאָטן זיינען געגעבן דערצו, אַז זיי זאָלן אונז העלפן צו לעבן, אָבער ניט, אַז זיי זאָלן אונז ברענ־גען צום שטאַרבן... לערנען זיי דאָס פאָלק, זאָגן זיי אים:

„אפן זאל דיין הויז זיין פאר בארערפטיגע, און ארימעלייט זאלן זיין היימיש בא דיר"; „האב ליב די ארבעט און האב פיינט די פירערשאפט"; „אויף דריי זאכן שטייט די וועלט: אויף לערנען, אויף ארבעטן און אויף „גמילות חסד" טאן אן אנדערן"... משפט'ן זיי דאס פאלק, באמיען זיי זיך תמיד צו געפינען א זכות פאר דעם באשולדיגטן: באמיען זיי זיך פארצושטעלן זיך אליין אויף יענעמס ארט און זען וואסערע פארטיידיגונגס מאטיוון זיי וואלטן דאמאלסט אויסגעטענהט... האט זיי דאס פאלק ליב. האט צו זיי דאס פאלק צוטרוי און די גרויסע מאסן לאזן זיך פירן פון די פרושים. ווארים דאס עצם פאלק, דאס זיינען זיי. דעם העכסטן גראד פון זייער לערנען און לעבן און האנדלען דערגרייכן זיי אין הלל'ן. ער איז דאס פארקערפערטע פרושים'טום. ער און זיינגלייכן, הגם קלענערע ווי ער, זיינען עס די קלאסיקער פון דער רעליגיעז־עטישער אנטוויקלונג פון אידנטום, ווי ס'האט זיך אנגעהויבן נאכ'ן גלות בבל און ציט זיך ביז היינטיגן טאג.

אין נארמאלע צייטן לעבט א פאלק, ווי דער בוים לעבט. בלעטער וואקסן, בליען, וועלקן, פאלן אראפ און אנדערע קומען אויף זייער ארט. אין אזוינע צייטן לעבט דאס אידישע פאלק, ארבעט, לערנט, אנטוויקלט זיך און איר הערט נישט דעם נאמען „פרושים". א גאנץ פאלק איז ניט „אפגעשיידט" און ניט אויסגעטיילט פאר זיך, פון אנדערע. קליינע גרופן, טיילן, קאנען זיך אויסטיילן פאר זיך, מיט א באזונדער נאמען, ארום באשטימטע לאזונגען. אבער א פאלק!.. ערשט ווען עס קומט שטורם, ווען א שונא גרייפט־אן, ווען מען זוכט דעם טיכטיגן, דעם באגייסטערטן, דעם ווילינן צו אפפערן מיט זיך פאר דער רעטונג פון פאלק — דעמאלט קומט עס דא אויך צו דיפערענצירונגען. די טיכטיגערע ארגאניזירן זיך באזונדער, אונטער א באשטימטן נאמען, אין אונזער פאל: פרושים — ווייל זיי פארלאנגען, אז דאס אידישע פאלק, לויט זיין שטייגער לעבן און גלויבן, זאל זיין אפגעשיידט פון אנדערע פעלקער. ניט ענליך צו זיי. אזוי איז געווען אין די צייטן, ווען די חשמונאים האבן געקעמפט געגן אנטיוכס

עפּיפאַנוס, וואָס האָט געוואָלט אויסראָטן די תורה, האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט צום קאַמף — אונטער'ן נאָמען „חסידים". און אַזוי איז עס געווען שפּעטער, ווען זיי זיינען ארויסגעטראָטן אָרגאַניזירט נעגן דעם חשמונאי הורקנוס, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אין פאַלשע וועגן און אָפּגייגן פון דער תורה. דאַסמאָל טרעטן זיי ארויס מיט'ן נאָמען „פּרושים". פאַרשווינדט די נויטווענדיגקייט, ווערט אויס אָרגאַניזאַציע און אירע מיטגלידער מישן זיך אויס מיט'ן פאָלק.

אָבער איינמאָל אָרגאַניזירט באַזונדער, און ארום געוויסע פּרינציפּן און באַשטימטע לאָזונגען, דערקענט מען זיי שוין, דער־הויפּט די אָנגעזעענערע. און אויך די, וואָס גייען אין זייערע וועגן און אונטערשטרייכן זייער דאָזיגן גאַנג. קוקט מען שוין שטענדיג אויף זיי, ווי אויף אַ באַזונדער גרופּירונג מיט אַ באַזונדער נאָמען — אין הסכם מיט זייערע פּרינציפּן.

און די דאָזיגע פּרינציפּן און לאָזונגען לאָזן זיך מערקן אויף אַלע געביטן פון לעבן. אין לעבן פון פּרט, ווי אין לעבן פון כלל. אין דער טעאָריע, ווי אין דער פּראַקטיק. אַ נ ד ע ר ש דענקען זיי ווי אַנדערע — אָנגעזעענע און מיוחס'דיגע — דענקען.

עטליכע ביישפּילן:

שטרענג זיינען זיי אין זייערע פאָדערונגען אָפּצוהיטן די געבאָטן פון תורה. אָבער יעדער מנהג, וואָס איז אָנגענומען אין פאָלק פון פאַרצייטן, איז אויך געגליכן צו דער תורה — ווייל ניט אַלץ, וואָס איז וויכטיג און הייליג, איז אין דער תורה פאַר־שריבן. און עס איז אויך ריכטיג אַזוי. וואָרים לאַנג פריער, איידער נאָך די אידן האָבן געקענט די ג ע ש ר י ב ע נ ע תורה (תורה שבכתב), האָבן זיי דאָך אויך שוין געלעבט לויט געוויסע עטישע נאָרמען, וואָס האָבן אין פאָלק געלעבט אויסנווענינ (בעל פה). אין פיל פאַלן האָט זיך די געשריבענע תורה געשטיצט אויף די אויסנווענינ באַקאַנטע נאָרמען, האָט אָנגעקניפּט אָן זיי, האָט זיי אָדער פאַרבאָטן, אָדער פאַרקערט, געשטיצט און פאַרפעסטיגט. נאָר ווייל זיי זיינען געווען באַקאַנט געווען אין פאָלק, אָנגענומען

און געלעבט, זיינען זיי ניט דירעקט פאַרשריבן געוואָרן. אָבער זיי העלפן אָפּט צו ערקלערן די געשריבענע געבאָטן. דערפאַר איז בא די פּרושים ניט געווען אָפּצוטיילן די תורה שבכתב פון דער תורה שבעל פה, בעת אַז די צדוקים האָבן פון תורה שבעל פה גאָרניט געהאַלטן און זי ניט אָנערקענט.

אָדער:

די פּרושים האָבן געגלויבט אַז גאָט ווייסט פאָראויס, וואָס דער מענש וועט טאָן. סאַי גוטס, סאַי שלעכטס. נאָך מער: גאָט באַשטימט פאָראויס יעדע גוטע, ווי יעדע שלעכטע האַנד־לונג פון'ם מענשן. און די פּרושים האָבן אויך געגלויבט אָן אַ יענער וועלט, און אַז אויף יענער וועלט באַקומט דער מענש שכר פאַר די גוטע מעשים, וואָס דער מענש האָט געטאָן אויף דער וועלט און עונש (שטראָף) פאַר די שלעכטע מעשים, וואָס ער האָט אויף דער וועלט געטאָן.

איז דען דאָ ניט קלאָר די סתירה צווישן די צוויי באַהויפּ־טונגען? וואָרים עס איז דאָך קלאָר: אויב גאָט ווייסט שוין פאָראויס, וואָס דער מענש וועט טאָן — גוטס צי שלעכטס — און בפרט אויב גאָט באַשטימט פאָראויס דעם מענשנס האַנדלונגען — דאַן האָט דאָך שוין דער מענש קיין ברירה ניט יאָ צו האַנדלען אָדער ניט צו האַנדלען, גוט צו טאָן, אָדער בייז צו טאָן, נאָר ער איז געצוואונגען צו האַנדלען אַזוי, ווי עס איז פון גאָט באַשטימט. אָדער האַנדלען אַזוי, ווי גאָט ווייסט, אַז ער וועט האַנדלען. וואָרים אויב ס'וואָלט מעגליך געווען, אַז דער מענש זאָל האַנדלען ניט אַזוי, ווי גאָט ווייסט, אַז ער וועט האַנדלען, וואָלט דאָך געהייסן, אַז גאָט קאָן אַ טעות האָבן. נעמליך: ער מיינט, אַז ער ווייסט, דאָס דער מענש וועט האַנדלען אַזוי און אַזוי, צום סוף קומט דער מענש און האַנדלט ניט אַזוי... אָבער אַזוי ווי גאָט קאָן קיין טעות ניט האָבן, קומט אויס, אַז דער מענש איז געצוואונגען צו האַנדלען דוקא אַזוי ווי גאָט ווייסט, אַז ער וועט האַנדלען. איז אָבער דער מענש געצוואונגען צו טאָן דאָס, וואָס ער טוט, און ער האָט ניט די ברירה אַליין

אויסצוקלייבן, וואָס ער זאָל יאָ טאָן, אָדער ניט טאָן לויט זיין פרייען ווילן, דאַן קומט אים ניט קיין לוין פאַר'ן גוטן, וואָס ער טוט, און עס קומט אים ניט קיין שטראָף פאַר'ן שלעכטן, וואָס ער טוט. וואָרים אויב געצוואונגען, איז ער דאָך ניט פאַר־אנטוואָרטליך פאַר זיינע האַנדלונגען. און עס קומט אים אויך ניט קיין דאַנק פאַר זיין גוטס און ניט קיין טאַדל פאַר זיין שלעכטס.

די סתירה איז קלאָר און בולט. די פּרושים האָבן זי איינגעזען און זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר איר. זיי האָבן די גאַנצע פראַגע ערליידיגט אין פיר ווערטער: „הכל צפוי והרשות נתונה", „אַלץ איז פאָראויסגעזען, אָבער די פרייהייט איז געגעבן" דעם מענטשן צו ווײלן דאָס גוטע אָדער דאָס בייזע, לויט זיין איינזען. און קוים האָט ער יאָ די פרייע וואַל, קומט אים לוין פאַר ווײלן דאָס גוטע און ס'קומט אים שטראָף פאַר ווײלן דאָס בייזע.

אָבער די צדוקים האָבן ניט געגלויבט אין קיין יענער וועלט, ניט אין לוין און שטראָף דאָרט פאַר מעשים אויף דער וועלט, און דער מענטש איז — לויט זייער מיינונג — פראַנק און פריי צו טאָן, וואָס זיין האַרץ גלוסט.

אָדער:

די פרושים האָבן געהאַלטן, אַז אַזוי ווי דאָס געשריבענע געזעץ קאָן ניט אויסשרייבן אַלע מעגליכע פאַלן, וואָס מען וועט דאַרפן, לויט'ן געשריבענעם געזעץ, באַשיידן, דאַרום מוז ניט דער ריכטער זיך האַלטן אָן בוכשטאַב, אָן טויטן אות פון'ם געזעץ, נאָר יעדער באַזונדער פאַל מוז ער באַשיידן לויט'ן גייסט פון'ם געשריבענעם געזעץ, און די צדוקים — די שטענדיגע געגנער פון די פרושים — האָבן זיך געהאַלטן אָן די אותיות בלויז. דאַרום, אַז עס שטייט אין דער תורה: „אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן", א. ז. וו., זאָגן די פרושים, אַז ס'קאָן ניט זיין, די תורה זאָל האָבן געמיינט, אַז אויב איינער האָט דעם אַנדערן אויסגעשלאָגן אַן אויג, זאָל מען אים אויך אויסשלאָגן אַן אויג, ממש. נאָר וואָס דען? געלט פאַר'ן אויג זאָל ער באַצאָלן. געלט פאַר'ן צאָן זאָל ער באַצאָלן. בעת די צדוקים, האַלטנדיג זיך

אַן א ו ת, האָבן געלערנט, אַז פאַר אויסשלאָגן אַן אויג דאַרף מען יענעם זיין אויג ממש אויסשלאָגן...

און אַזוינע ביישפּילן זיינען דאָ פיל.

און אויך אין זייער קוק אויף די אויפגאַבן פון מענטשן און אויף די גייסטיגע ווערטן פאַר'ן מענטשן, זיינען זיי אָפּגעשיידט פון די אַנדערע.

לויט זייער מיינונג, למשל, קאָן ניט די וועלטליכע הערשאַפט און די רעליגיעזע פירערשאַפט זיך געפינען אין איין האַנט. און דער מלך, דער וועלטליכער, אָדער פּאָליטישער פירער פון דער מלוכה, וועלכער טרעט אַרויס אויך אין מלחמה, הרג'עט מענטשן, פאַרגיסט בלוט, קאָן ניט זיין אין דערזעלבער צייט אויך א כהן־גדול, וואָס האָט צו בעטן שלום און לעבן פאַר א ל ע מ ע נ ט ש ן אויף דער וועלט. די דאָזיגע צוויי אויפגאַבן שטימען ניט מיט אַן אַנדער. צענדליגע פסוקים אין תנ"ך באַווייזן עס. די אידישע געשיכטע ביז די חשמונאים באַווייזט עס. קיינמאָל איז די קרוין פון מלך און די קרוין פון כהן־גדול ניט געלעגן אויף איין קאָפּ. אינאיינעם מיט משה'ן (הגם אפיציעל האָט ער ניט געהייסן מ ל ך) שטייט אהרן; אינאיינעם מיט יהושע'ן, דעם מיליטער־פירער, שטייט אלעזר, דער כהן־גדול; אינאיינעם מיט זרובבל'ן שטייט דער כהן יהושע; אינאיינעם מיט'ן וועלטליכן פאָרשטייער נ ח מ י ה שטייט דער רעליגיעזער פאָרשטייער — דער כהן עזרא. אַזוי איז עס שטענדיג געווען. און אין די קנאַפּע פיר הונדערט יאָר (פון אַן ערך 588 פ. ק. ביז קרוב צו 167), וואָס אידן האָבן זיך אָפּגעווײנט פון האַלטן א שווערד אין האַנט, האָט די קריגס־העלדישקייט פאַרלוירן בײַ אידן דעם חן. אַן אמת'ער ה ע ל ד איז ביים אידן געוואָרן ניט דער, וואָס זיגט אויפ'ן שלאַכטפעלד, נאָר דער, וואָס באַזיגט זיין בייזן ווילן, דעם יצר הרע. אין די לאַנגע יאָרן וואָרצלען זיך איין אין אידישן גייסט די אידעאַלן פון די נביאים: קיין פאָלק וועט מער ניט אויפהויבן קיין שווערט קעגן אַנאַנדער פאָלק; פונ'ם שווערד וועט מען מאַכן אַן אַקעראייזן. און א כהן־גדול, וואָס

דארף פלעגן די דאָזיגע אידעאלן, זאָל ערשיינען מיט אַ שווערד ביים זייט? איז דען מלחמה און בלוטפארגיסען די אויפגאבע פון אַ מלוכה? געוויס, אין שלעכטע צייטען פאר דער אמונה — קיין חילוק צי דאָס שלעכטס קומט פון אויסן צי פון אינוועניג — מוז מען זיך נעמען צום שווערד. דערפאר מוז מען העלפן די חשמונאים אין זייער הייליגן קאמף קעגן די גריכן. און די פרושים טוען עס. אָבער נאָר אַזוי לאַנג, ווי דאָס איז נויטיג, כדי ווידער אויפצוריכטן דעם בית־המקדש, און די עבודה אין אים זאָל קאָנען אָנגיין אין ריינקייט און אין הייליגקייט. איז אָבער די רעליגיע געזיכערט, מוז מען דאָס אנדערע, דעם פאָליטישן יאָך, געדולדיג אריבערטראָגן, ווי א שטראָף פון גאָט פאר די אייגענע זינד. דערפאַר, אז דיזעלבע געפייערטע חשמונאים הויבן אָן צו קעמפן פאר פאליטישער זעלבסט־שטענדיקייט, און בפרט ווען זיי הויבן אָן שטרעבן צו פאליטישער מאכט אויסער די גרעניצן פון זייער לאנד און פארנעמען זיך מיט אונטערדריקן אַנדערע, קלענערע פעלקער און שבטים — דאַן שיידן זיך די פרושים אָפּ פון זיי. זיי שיידן זיך אָבער ניט אָפּ פון לעבן. נאָר זיי העלפן דעם פאָלק אריבערצוליייגן דאָס הויפט געוויכט פון אידנטום, דעם הויפטווערט פונ'ם מענשנ'ס טאָן און ווירקן, פון דער פאָליטישער וואָגשאָל אויף דער רעליגיעזער. דעמאָלט רעדט מען פון דרייערליי קרוינען: די קרוין פון מלך, די קרוין פון כהן־גדול, אָבער די קרוין פון א גוטן נאָמען שטייגט אריבער די ערשטע צוויי. אָדער: זאָל דיך ניט ציען צום טיש פון מלכים, ווארים דיין טיש — פון תורה — איז גרעסער פון זייער טיש און דיין קרוין איז גרעסער פון זייער קרוין. תורה איז גרעסער פון כהונה און גרעסער פון מלכות. דאָס טייערסטע אייגנטום, וואָס אפילו גאָט אליין פאר־מאָגט, איז די תורה...

ביישפילן פון אזוינע לערן זיינען דאָ אָן א שיעור. אין יענער צייט, ווען זיי זיינען געשאפן געוואָרן, האָבן זיי אריבערגעוואויגן די לערן פון די אַנדערע, און באהערשט און צוגעצויגן די הערצער

פון דעם ווייט גרעסטן רוב פון פאָלק. זיי האָבן אָבער זייער וואָג איינגעהאַלטן אויך אין משך פון די ווייטע, קומענדיגע דורות, און זייער שטעמפּל געפינען מיר אַרויפגעדריקט אויפ'ן אידנטום ביז'ן היינטיגן טאָג. וואָרים אַלץ, וואָס עס איז געווען און וואָס עס איז פאַראַן שאַפנדיגעס אין אידנטום, שטאַמט פון ז י י, פון די פּרושים.

## ב) די צדוקים

„צדוקים“ — דאָס איז די איינציגע גרופּירונג אינ׳ם דעמאָלטיגן אידנטום, צו וועלכער מ׳קאָן אָנווענדן דעם נאָמען „פּאַרטיי“, אפילו ווי מיר פאַרשטייען אים איצט. לכתחילה האָט זיך די דאָזיגע גרופּע אויסגעטיילט פונ׳ם מאסנאידנטום צוליב חלוקי־דעות אין פאַרשידענע רעליגיעזע פראַגן, און רעליגיעזער פּראַקטיק. די דאָזיגע פאַרשידנקייטן גילטן אויך שפּעטער; ווערן, מיט דער צייט, אַלץ מערער. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער ווערן די רעליגיעזע פּראָבלעמען אָפּגערוקט אָן אַ זייט, און די הויפּט אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס ווידמעט די גרופּע צו פּאָליטישע פראַגן און דעם וועלטליכן לעבן. ניט גרויס אין צאָל אָנהענגער איז די צדוקים־פּאַרטיי געווען. אָבער אינערליך שטאַרק און וויכטיג איז זי. זי האָט איר באַשטימטע פּאָליטישע ריכטונג, וואָס שטיצט זיך אויף פּאָליטישע פּרינציפּן. און אַ קולטור־פּראָגראַם האָט זי, וואָס זי איז צו יעדער צייט צוגעפּאַסט צו דער פּאָליטיק. און אַן אייגענע וועלטאַנשויאונג האָט זי, וואָס שטימט שטענדיג מיט אירע פּאָליטישע פּרינציפּן. און טעטיג איז זי געווען און תמיד געשטרעבט צו פאַרגרעסערן און צו באַפעסטיגן איר ווירקונגס־קרייז. דערהויפּט אין די העכערע ספערן פון פאָלק.

דער *קערן* פון דער פּאַרטיי איז געווען די הויכע גייסטליכקייט. די העכסטע אידישע אריסטאָקראַטיע אין יענער צייט — די כהנים. אָבער ניט *אַלע* כהנים האָבן אָנגעהערט אהער. כהנים־פאַמיליעס זיינען געווען פיל און מיר טרעפן זיי אין אַלע פאַרשידענע אידישע גרופּירונגען. נאָר די *עלטסטע* און דערפאַר *חשוב׳סטע* כהנים־פאַמיליע איז געווען דער קערן פון דער דאָזיגער פּאַרטיי. זי האָט געשטאַמט, אָדער האָט בלויז געהאַט אַ יחוס־בריף, דאָס זי שטאַמט פון דער משפּחה *צדוק*, וואָס האָט געטראָגן די כהונה־קרוין נאָך אין די צייטן

פון שלמה־המלך, ביז צום חורבן פונ'ם ערשטן בית־המקדש. און פון דער צייט, פון צווייטן בית־המקדש אָן, זיינען זיי אינאיינעם דערמיט אויך די פּ אָ ל י ט י ש ע פאַרשטייער פון פאָלק געגן אויסן. דאָס פאָלק האָט הויך געשעצט דעם דאָזיגן אַלטן יחוס — הגם איינצלנע מיטגלידער פון דעם שטאַם האָבן ניט ווייניג פאַר־ראַטן דאָס אידנטום, און הגם דאָס פאָלק איז געווען דורכגעדרונגען מיט די לערן פון די פרושים, וואָס די צדוקים האָבן ניט אנערקענט. ווארים אפילו די ג ע ל ע ר נ ט ע פרושים זיינען אויך ניט געווען געגן דעם עצם: כ ה ו נ ה און כהנים, נאָר געגן דער ה ו י כ ע ר גייסטליכקייט און אירע זינדיגע כהנים. און — ווי שוין געזאָגט — צווישן די פרושים גופא זיינען אויך געווען כהנים. די פרושים גופא האָבן אויך אנערקענט די חשיבות פונ'ם כהנים־שטאַנד און זיינע רעכט אויף געוויסע אָפּצאָלן פון פעלד־הכנסה און פון פיך־צואוואַקס. האָבן דאָך נאָך מענשן געוואוסט און געדענקט יענע צייטן, ווען אויפ'ן כהן האָט מען געקוקט, ווי אויפ'ן טרעגער פון יעדר וויסן, און „תורה האָט מען פון זיין מויל דערוואַרט", ווייל ער איז געווען דער איינציגער ל ע ר־שטאַנד בא אידן. ערשט שפּעטער ענדערט זיך דער צושטאַנד — אין די צייטן ווען דאָס פאָלק איז געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון די פערסער און נאָכדעם פון די גריכן. און דער'הויפּט אין די ל ע צ ט ע צייטן. דאַן ליגט די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט איבער'ן גאַנצן אידישן לאַנד אין די הענט פון די כהנים. און מאַכט איז א „געשמאַקער ביסן": ס'ווילט זיך ניט זי ארויסלאָזן פון האַנט. און בפרט, אז זי ברענגט אויך אָנזען, גרויסן כבוד און געוואַלטיגן רייכטום. די כהנים זיינען עס דעמאָלט די יעניגע וואָס שטייען אין פאַרקער מיט דער אויסנוועלט און מיט די גרעסטע און מעכטיגסטע פון יענער צייט. פון זיי לערנען די כהנים, און זיי זוכט מען צו געפעלן, בא זיי אויסצונעמען און פון זיי ניט אָפּצושטיין. אין קיין פּרט ניט אָפּשטיין. ווי גלייכע זאָל מען זיך באַגעגנען. מיט איינע און דיזעלבע מיינונגען, קענטשאַפטן, אָנשויאונגען און לעבנסאויפפאַ־

סונגען. זיי האָבן אפשר געגלויבט אז דער כבוד און דאָס אָנזען און דאָס גליק פון פאָלק פאָדערן עס. קלאָר איז אָבער, אז זייערע שטאַנד־אינטערעסן האָבן זיי דיקטירט אזא האַלטן־זיך, און די מאַכט, וואָס זיי האָבן געהאַט, אינאיינעם מיט׳ן רייכקייט, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט — אלס גייסטליכע און וועלטליכע הערשער — האָט זיי געגעבן די מעגלאַכקייט אויף זייערע אינטערעסן צו באַשטיין, אָנצור־ווענדן אַלע נויטיגע מיטלען דערצו.

איז די לייטזעליקייט, וואָס מ׳האָט אין די אויגן פון דער פרעמדער הערשאַפט, די קוועלע און די פאַרזיכערונג פון דער איי־גענער מאַכט, — באַמיט מען זיך מיט אַלע מיטלען און מיט אַלע מעגלאַכקייטן די לייטזעליקייט אויפצוהאַלטן, צו פאַרגרע־סערן און צו פאַרשטאַרקן. איז דערצו נויטיג רייכע מתנות, גאָלד און זילבער — קאַרגט מען דאָס ניט: א פאָלק איז דאָך פאַראַן, וואָס מ׳קאָן עס אַלע מאָל צווינגען, אז ס׳זאָל דעם נויטיגן שאַץ צונויפברענגען, איז נויטיג דערצו, אז מ׳זאָל די קולטור פונ׳ם הערשנדן פאָלק פפלעגן און לאָזן בליען אויף אידישן באָדן — טוט מען דאָס אויך. די אייגענע קולטור פאַררוקט מען אין א ווינקל, מאַכט מען זיך פאַרגעסן און מיט דעם גאַנצן אייפער לאָזט מען וואַקסן און פאַרשפרייטן די פרעמדע קול־טור אינ׳ם אייגענעם לאַנד. פּאַסט מען צו דאָס לעבן צו די קולטור־פאָדערונגען פון די פרעמדע הערשער. און מעגן זיך די הערשער בייטן, די פאָדערונגען בייטן — די נאָכגעביגקייט בלייבט תמיד דיזעלבע. ד א ר ף מען — פּירט מען איין פרעמדע נאַציאָנאַלע שפּילן, אפילו ווען זיי זיינען דורכאויס ג ע ג ן די אידישע באַ־גריפן פון מאָראַל און אנשטענדיקייט; איז נ ו י ט י ג — רופט מען זיך מיט ניט־אידישע נעמען, דערלאָזט מען אינ׳ם אייגענעם שטאַנד געמישטע חתונות — דאָס שטאַרקסטע מיטל צו פולשטענ־דיגער אסימילאַציע. און ווערט עס פ א ר ל א נ ג ט — פירט מען איין דעם פרעמדן ג ע ט ע ר־ד י נ ס ט אין ארץ ישראל.

אַלץ פאַר׳ן וואוילגעפעלן — ווייל פאַר דער מאַכט און פאַר דער הערשאַפט!

און אז מען איז שטאַרק פאַרנומען מיט נאָכמאַכן דאָס פרעמ־דע, מיט צופּאַסן זיך און אַנדערע צו פרעמדע מנהגים, פרעמדע געוואוינהייטן און פרעמדן לעבנס־שטייגער — איז מער קיין אינטע־רעס ניטאָ צום אייגענעם. ווערט ממילא שוין פאַרנאַכלעסיגט דאָס אידנטום, די לעבנס־תורה פונ'ם אייגענעם פאָלק.

ערשיינט מען געגן אויסן געפּוצט און געפאַרבט און אין פרעמדן פאַריק. ערשיינט מען געגן אינווייניג פאַרוועלקט און פאַר־שטאַרט און מיט'ן לאַנגן צאָפּ. איז מען געגן אויסן זייער און זייער פאָרשריטליך. מ'קאָן און מען האַלט־אָן די לעצטע מאָדע, דאָס גייסטיגע וואָרט פון דעם העלענענטום. אָבער אינוועניג, בנוגע צו אידן און אידנטום איז מען קאָנסערוואַטיוו, אַלטמאָדיש, פאַר־שטאַרט. דאָ אנערקענט מען ניט קיין נייע מעטאָדע און ניט קיין נייע ערקלערונג. וואָס איינמאָל אָנגעשריבן, איז אויף שטענ־דיג אָנגעשריבן. ווי אַזוי איינמאָל פאַרשריבן, איז אויף אַלע מאָל פאַרשריבן, פעסטגעשטעלט, און איז גילטיג אויף „לעולם ועד". קיין שום אויסוועניג געבליבענע, אויפ־געהאַלטענע און גילטיגע טראַדיציע האָט קיין שום ממשות ניט. זאָל ניט געברויכט, ניט פּאַרווענדט און ניט אָנגעווענדט ווערן. נאָר דער בוכשטאַב, דאָס אות — דאָס גייסטלאָזע, איינצעלן-געגנו־מענע אות — ווי עס שטייט געשריבן: נאָר דאָס וואָרט ווי עס איז געזאָגט — האָט מאַכט און האָט גילטיקייט. בנוגע דעם גע־שריבענעם אות זיינען אַלע צייטן גלייך. ניטאָ קיין איינזעעניש מיט באַדינגונגען, קיין רעכנען־זיך מיט אומשטענדן, ניטאָ אַזוינע באַדינגונגען וואו דעם מענשן זאָל דאָס פאַרבאָטענע ערלויבט זיין, און ניטאָ אַזוינע אומשטענדן, וואָס זאָלן כשר'ן דאָס טרפה. שטרענג מוז דאָס געזעץ זיין. קיינמאָל ניט נאָכגעביג. אין אַלע פאַלן גלייך. און ווי אין פּסוק שטייט: „אַן אויג פאַר אַן אויג"...

רופט טאַקע דאָס פאָלק דאָס צדוקימ'ישע געזעץ־בוך „דאָס בוך פון די גזירות". וואָרים אין זייערע געריכטן איז קיין אָרט ניט געווען און קיין נויטיקייט ניט געווען צו קלערן, צו פאָרשן און צו באַטראַכטן. איז נאָר פעסטגעשטעלט געוואָרן

דער פאקט, אז דער און דער האָט אפּגעטאָן דאָס און דאָס און זיין משפּט און זיין שטראָף איז געווען פאַרטיג. אין „גזירות־בוך" איז פאַרשריבן געווען: „די ווערן פאַרברענט, די ווערן פאַרשטיינט, די ווערן דערשטיקט" און ד. ג. משפּט מען וועמען, פרעגט מען אים אויס, מען בלעטערט אויף דעם בוך און מען זעט וואָס „עס קומט אים". קיין טענות העלפן דאָ ניט. דער־פאַר האָט זיך יעדער פון פאָלק געפרייט, אז קומענדיג אין גע־ריכט האָט ער געטראָפן אין סנהדרין פ ר ו ש י ם זיצן, וואָס וועלן אים משפּט'ן. און דאָס הארץ איז אים איינגעפאַלן ווען ער האָט דערזען, אז צדוקים, אָט די כהנים, וועלן אים משפּט'ן. דאָס פאָלק האָט געוואוסט, אז די לייט זאָרגן נאָר פאַר זיך, פאַר זייער אָנזען און וואוילשטאַנד — אָבער דאָס וואויל פון פאָלק גייט זיי ניט אָן. און בכלל איז די באַציאונג פון די צדוקים צו אַנדערע מענטשן, ניט פון זייער גראַד, געווען אַ באַליידיגענדע. אַן אינטערעסאַנטן ביישפּיל ברייננט די גמרא:

„די צדוקים זאָגן: מיר באַקלאָגן זיך אויף אייך, פרושים, דערפאַר וואָס איר האַלט, אַז מיין אָקס אָדער מיין אייזל האָבן אָנגעטאָן שאָדן, בין איך מחויב צו באַצאָלן דעם שאָדן, און אַז מיין קנעכט אָדער מיין דינסט האָבן אָנגעטאָן שאָדן, בין איך פּטור פון באַצאָלן. פאַרקערט וואָלט געדאַרפט זיין. וואָרים מה־דאָך מיין אָקס און מיין אייזל, וואָס קיין שום מצוות פאַרפליכטן מיך ניט בנוגע זיי, דאַרף איך זייער שאָדן באַצאָלן, הײנט כל־שכן מיין קנעכט און מיין דינסט, וואָס בנוגע זיי בין איך יאָ פאַרפליכטעט צו טאָן געוויסע מצוות, דאַרף איך דאָך זייער שאָדן געוויס דאַרפן באַצאָלן! דאַרויף האָבן געענטפערט די פרושים: „ניין! אויב מיר זאָגן, אַז דער מענטש דאַרף באַצאָלן דעם שאָדן וואָס זיין אָקס אָדער זיין אייזל האָבן אָנגעטאָן, זאָגן מיר עס דערפאַר, ווייל זיי האָבן קיין שכל ניט. מ'קאָן אָבער ניט זאָגן דאָס אייגענע בא אַ קנעכט אָדער אַ דינסט, וואָס האָבן איי־גענעם שכל — און קאָנען אליין זיין פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר זיי־ערע מעשים".

אָבער די אַריסטאָקראַטישע צדוקים לייגט עס זיך ניט אויפ'ן שכל, אַז עס זאָל זיין אַ חילוק צווישן דעם קנעכט און דעם אייזל; אַז דער קנעכט זאָל אויך האָבן שכל אַזוי גוט ווי דער בעל הבית און אַז ער, דער אייגענטימער, זאָל נ י ט זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים פון זיין קנעכט.

און ניט ב ל ו י ז די כהנים האָבן אָנגעהערט צו דער פּאַרטיי פון די צדוקים. רייכע און שטאַרקע און מענטשן מיט איינפלוס, אָדער וואָס האָבן געוואָלט ע ר ו ו ע ר ב ן איינ־פלוס און אָנזען, האָבן זיך צוגעשאַרט צו דער צדוקים־פּאַרטיי. און דאָס אפילו ניט קיין כהנים. האָט דאָך דאָס לעבן אין יענע קרייזן מער גלאַנץ און מער אינטערעס און מער פאַרנעם. מ'באַ־געגנט זיך און מ'פאַרקערט מיט די העכסטע באַאַמטע אין לאַנד, מיט די געבילדעטסטע, אייגענע און פרעמדע. דאָ ווערט באַ־ראַטן און דאָ ווערט געשמידט די הויך־פּאָליטיק פון לאַנד. גענוג אָנציענד און דערצו איז אויך נאָך די לעבנסאָנשויאונג פון די צדוקים זייער באַקוועם.

„נישטאָ קיין קלאָגער און נישטאָ קיין ריכטער" — דאָס איז דער קורצער אויסדרוק פון זייער וועלט־און־לעבנס אָנשוי־אונג. ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט! געוויס. אָבער ער אינטערעסירט זיך ניט מיט'ן איינצעלנעם מענטשן, מיט'ן פּרט, און אינטערעסירט זיך ניט מיט זיין טאָן און שאַפן. גאָט האָט באַ־שאַפן די וועלט, גאָט פ י ר ט די וועלט, ער האָט השגחה אויף דער מ ע נ ט ש ה י י ט, אויף גאַנצע פעלקער און לענ־דער. אַנדערש אויסגעדריקט: גאָט „פאַרוואַלטעט" מיט כללים, מיט'ן כ ל ל וועלט, כלל מענטש און כלל פאָלק. אָבער די פּרטים, מענטש און מענטש און זיינע טועכצן — דאָס גייט אים ניט אָן. דער איינצעלנער מענטש קאָן טאָן וואָס ער וויל — אויסער יענע האַנדלונגען וואָס זיינען אין דער תורה בפירוש פאַרבאָטן, קאָן ער אַליין שמידן זיין גליק און אַליין זיך אויס־ריכטן אַן אומגליק. וואָרים דער מענטש איז פריי אין דער וואַל פון זיינע מעשים. ער קאָן ווילן און טאָן וואָס אים טוט וואויל

געפעלן — לויט זיינע פערזענליכע נייגונגען און זיינע פערזענ־ליכן איינזעען. וואויל איז דעם מענטשן, וואָס זעט איין, אַז דאָס וואָס איז גוט פאַר'ן פאָלק, גינסטיג פאַר דער געזעלשאַפט, איז גוט און גינסטיג פאַר'ן פּרט אויך. וואָס שלעכט און אומגינסטיג פאַר'ן פאָלק אָדער פאַר'ן קבוץ, לוינט אויך פאַר'ן פּרט נישט. אזוי איז שוין דער שטענדיגער רעזולטאַט אָדער „פּועל־יוצא" פונ'ם מענטשנ'ס האַנדלונגען. אָבער אַלץ, אי לוין אי שטראָף, איז שייך בלויז אויף דער וועלט, וואו די שטייסט און גייסט און ווירקסט. דאָ רופט דיין ווירקן אַרויס קעגן־ווירקונג. אָבער אָן יענער וועלט פאַרגעס. דאָס האָבן „די פּרושים אַזאַ שטייגער, זיך מצער צו זיין אויף דער וועלט, כדי צו פאַר־דינען יענע וועלט, און אַז זיי קומען אויף יענער וועלט — האָבן זיי גאַרנישט". און אַ סימן האָט איר: „ווען אונזערע עלטערן וואָלטן געוואוסט, אַז עס איז דאָ נאָך אַ יענע וועלט און אַ תחית־המתים, וואָלטן זיי ניט געווען געזאָגט, מען זאָל דינען גאָט ניט כדי באַלוינט צו ווערן". האָבן זיי דאָס אָבער יאָ געזאָגט, איז זיכער, אַז קיין יענע וועלט איז נישטאָ. און קיין לוין און קיין שטראָף נאָכ'ן טויט איז נישטאָ. נישטאָ קיין גיהנם און נישטאָ קיין גן־עדן. וואָס־זשע, מענטש, שטערט דיר נאָך צום לעבן, אויב דו ביזט נאָר אימשטאַנדה צו לעבן ?!

איז דאָס ניט אַ באַקוועמע לעבנס־אָנשויאונג ? איז זי ניט צוגעפּאַסט צום לעבן פון די רייכע און די לעבנסלוסטיגע ?

האָט מען טאַקע אין יענע קרייזן געלעבט אין לוקסוס. מ'האָט געלעבט פאַרשווענדעריש. מ'האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון קיין געלוסט. גאָלדענע געשיר האָט מען באַנוצט, אין די טייַ־ערסטע פּורפּורן האָט מען זיך געקלייט און מיט די טייערסטע בוימלען האָט מען זיך געשמירט. און פון די דאָזיגע רייכע, אַריסטאָקראַטישע קרייזן איז אויסגעוואַקסן און זיך גענערט די שענדליכסטע אסימילאַציע, וואָס האָט געבראַכט צו פאָלקס־אויפשטאַנדן, פון וועלכע די צדוקים אַליין האָבן אויך געליטן.

אָבער אפילו נאָכ'ן אויפשטאַנד און נצחון פון די חשמונאים — אין עצם: אַן אויפשטאַנד אויך קעגן דער אַסימילאַטאָרישער פּראַקטיק פון די צדוקים — ווען די כהנים פון דער „צדוק" דינאַסטיע האָבן פאַרלוירן זייערע פּאָזיציעס, האָבן זיי אַלץ נאָך גרויס אָנזען און חשיבות, סיי אין בית המקדש צווישן די כהנים, סיי אין דער רייכער, אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט. און אפילו צום הויף האָבן זיי אַ צוטריט. און דאָרט הערן זיי ניט אויף צו ווירקן אין זייער גייסט, ביז זיי ברענגען עס דערצו, אַז אפילו כהנים־מלכים פון הויז „חשמונאים", ווערן גענייגט צו זיי, צו די צדוקים. אויך ביי זיי, ביי די חשמונאים, הויבט אָן דער פּאָליטישער עלעמענט אַריבערוועגן דעם רעליגיעזן. אויך זייער רעגירונגס־שטייגער ווערט אַלץ וועלטלאַכער און וועלטלאַכער. אויך זיי הויבן אָן זיך צו פילן מיוחס'דיגער, געהויבענער און אַריסטאָקראַטישער. האָבן זיי דאָך אויך צו פאַרקערן און אונטערהאַלטן פאַרבינדונגען מיט די גריכישע און רוימישע פאַרשטייער, מוזן זיי אויך קענען דאָס העלעניסטישע וויסן, און הויבן אָן וועלן אויף אַ העלעניסטישן אופן הנאה צו האָבן פון לעבן... ווערט זיי אויך צו שווער די פּרושים'ישע תורה מיט אירע תרי"ג געזעצן. אַזוי אַ טריט נאָך אַ טריט און די לעצטע כהנים־מלכים פון חשמונאים־הויז קערן זיך אָפּ פון די פּרושים און זיינען זיך מקרב צו די צדוקים מיט זייערע לערן. און אַז די חשמונאים גייען אַראָפּ פון דער פּאָליטישער אַרענע, קומען די צדוקים ווידער צו זייער אָנזען און מאַכט.

דער אמת מוז אָבער געזאָגט ווערן: ניט אַ ל ע צדוקים זיינען געווען איינהייטיג, און ניט אַלע זייערע האָבן געהאַט דעם מוט צו האַנדלען אַ ז ו י ווי זיי האָבן געלערנט. דערפאַר, געפינט מען צומאָל, ווי דער איינער אָדער אַנדערער ערקלערט: „הגם מיר לערנען אַזוי און אַזוי, אָבער אין דער פּראַקטיק פאָלגן מיר דאָס, וואָס די חכמים (פּרושים) זאָגן". „הגם מיר זענען פרויען פון צדוקים, האָבן מיר דאָך מורא פאַר די פּרושים", „הגם מיר זיינען אליין צדוקים, האָבן מיר פונדעסטוועגן אויך

מורא פאר די פרושים". אבער ניט אלעמאל איז דאס געזאגט געווארן אויס איבערצייגונג און לויט'ן אייגענעם געוויסן. אפ־טער — צוליב א געזעלשאפטליכן פאסטן, ווייל די צדוקים האבן געוואוסט, אז מיט ז י י ע ר ע גענג וועלן זיי מיט'ן פאלק גארנישט אויספירן, און דאס פאלק האט זיך פארשטאנען אויף זיי, אויף די דאזיגע עולם־הזה'ניקעס. און דער נאמען „צדוקי" האט געגאלטן ווי א זידל־ווארט. עס האט אזוי פיל באטייט, ווי „פארקויפטע נשמה", „פארדעטער", „רוימישער קנעכט" און ד. ג.

דערהויפט אבער האט דאס ווארט „צדוקי" געהאט אזא באדייטונג אין די לעצטע יארן וואס פאר'ן חורבן פון צווייטן בית־המקדש. דאס גאנצע פאלק, ווי איין מענטש, איז עמפערט געוועזן קעגן די אכזריות פון די רוימער. איין גרויסע פאלקס־פארטיידיגונג איז געווען ארגאניזירט. און די צדוקים, ניט קאנענדיג אפען אריבערגיין צו די רוימער, האבן זיי מיטגעמאכט די פארטיידיגונג, אבער ניט מיט'ן גאנצן הארצן. מיט די הענט האבן זיי עפעס געטאן, מיט'ן מויל האבן זיי עפעס גערעדט, אבער די אויגן זענען געווען געווענדט צום רוימישן אדלער. זיי — אזוי גוט ווי דער רוימיש־אנגעשטעלטער אידישער קעניג, אגריפּוס דער צווייטער, און ווי דער פאררעטערישער כהן, דער „פארטיידיגער" פון גליל, יוסף בן מתתיהו.

ירושלים איז חרוב געווארן, דער בית־המקדש פארברענט געווארן, דאס אידישע פאלק איז פארשפרייט געווארן איבער אלע עקן פון דער וועלט.

און פון די צדוקים איז מער קיין זכר נישט געבליבן. וואס מיר ווייסן פון זיי, האבן מיר עס, דערהויפט, די פרושים צו פארדאנקען. אבער זיי אליין האבן נישט איבערגעלאזט אין אי־דענטום נישט קיין ווארצלען און נישט קיין צווייגען.

געוועזן — און פארשוואונדען אין אלע אייביקייטן...

## ג) די איסיים

א י ס י י ם — זיי זיינען געקנאָטן פונ'ם זעלבן טייג וואָס די פּרושים. זיי זענען אַליין אויך פּרושים. פרומע, טרייע, נאָר פיל איינזייטיגער, פיל עקסטרעמער ווי די פּרושים. פיל פאַנאַ־טישער — וואָלט מען איצט געזאָגט. פון אַ וואָרט האָבן זיי גע־מאַכט אַ קוואָרט, פון אַ קערנדל — אַ באַרג און פון אַ פינטעלע — אַ גאַנצן בוך. צען צוימען האָבן זיי געבויט אַרום דעם מינדסטן פאַרבאָט, און ווי אין קייטן געשמידט האָבן זיי גע־האַלטן זייערע געלוסטן. דאָס געוועב פון זייער ריכטונג איז אָנגעקניפּט אָן אור־אַלטער פאַרגאַנגענהייט: אָן אַ שטאַם ר כ ב י ם, וואָס מען האָט געקענט נאָך אין די צייטן פון פאַר די ערשטע אידישע מלכים. און דער פאָדים ציט זיך דורך די נביאים, סופרים, „ערשטע חסידים", פּרושים, ביז צו די איסיים.

זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז זייער קוק אויפ'ן לעבן איז גע־ווען דער אייגענער וואָס בא די פּרושים, און אויך די אויפגאַבן פונ'ם מענטשן אויף דער וועלט — די אייגענע, און די מיטלען זיי אַזוי די דאָזיגע אויפגאַבן צו דערפילן — די אייגענע. נאָר האָבן די איסיים זיי דערווייטערט, דערהויפּט די מיטלען, ביז צום העכסטן גראַד. דער ציל צו וועלכן דער מענטש דאַרף שטרעבן אין לעבן איז: הייליג צו זיין, דערגרייכן צו רוח־הקודש. העכער: צו נבואה. דאָס קען מען דערגרייכן דורך גייסטיגער און פיזישער ריינקייט. די ריינקייט ווערט דערגרייכט — דורכ'ן מקיים זיין די מצוות פון דער תורה. דורך אָפּהיטן די געבאָטן און די פאַרבאָטן פון משה רבינו. דערין זיינען אַלע איינינג: פּרושים און איסיים.

אָבער שוין פון דאַנען אָן הויבט זיך אָן דער חילוק אין א ו י ס ט י י ט ש ן צווישן די פּרושים און איסיים. די פּרושים זאָגן: דער איד דאַרף לעבן לויט דער תורה, לויט אירע

געבאָטן. שטימט אָבער ניט דאָס לעבן מיט'ן געבאָט, דאַרף מען דאָס געבאָט אַזוי א ו י ס ט י י ט ש ן, אַז עס זאָל יאָ פּאַסן צום לעבן. און די איסיים זאָגן: מ'דאַרף לעבן לויט די געבאָטן פון דער תורה, און דאָרט וואו דאָס לעבן שטימט נישט מיט'ן געבאָט, דאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון לעבן. דאַרף מען שאַפן פאַר זיך אַזעלכע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט צום געבאָט. וואָרים דאָס הויפּט געוויכט דאַרף דער מענטש לייגן אויף דער נשמה און די נשמה פילט זיך אין גוף, ווי אין אַ געפענגעניש. ערשט ווען דער גוף שטאַרבט אָפּ, פילט זיך די נשמה, וואָס איז געשאַפן פונ'ם ריינסטן עפיר, באַפרייט, און דערהויבט זיך צום הימל. ערשט דעמאָלסט רוט זי אויף יענער זייט אויקיאַנוס, וואו ס'איז נישטאָ נישט קיין רעגן און נישט קיין שניי, נישט קיין היץ און נישט קיין קעלט, נאָר אַ לייכטער עפיר־ווינט בלאָזט שטענדיג. דאָס געשייט מיט די נשמות פון די צדיקים, וואָס זיינען מדקדק אין מצוות. אָבער די נשמות פון די רשעים, זיי פאַלן אַריין אין גיהנום, וואו ס'איז קאַלט און פינס־טער און פול מיט אייביגן פּיין.

און וואָס הייסט מ ד ק ד ק זיין אין מצוות, לויט דער מיינונג פון די איסיים? — „אָן זייערע טאַטן זאָלט איר עס דער־קענען".

אויב שבת דאַרף מען ניט אַ ר ב ע ט ן — איז לחלוטין קיין זאַך ניט צו טאָן. אפילו אַ האָר ניט אויפצוהויבן, אַ טעלער ניט איבערצושטעלן פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערן. אויב אומזיסט שווערן איז פאַרבאָטן — שווערן זיי קיינמאָל נישט, און ביי קיין שום אומשטענדן נישט; זייערע באַשעפטיגונגען פאָדערן עס אויך נישט פון זיי. דאַרף מען זיך אָפּהיטן פון דער מעג־ליכקייט אָנצורירן זיך אין אומריינעס — נעהמען זיי נישט קיין פרויען, ווייל זיי האָבן דאָך אַן אומריינע צייט. דאַרף אַ מענטש ריין זיין, זיינען זיי זיך טובל וויפיל מאָל אין טאָג: באַלד ביים אויפשטיין, פאַר יעדן עסן, נאָך יעדער אַרבעט, נאָך יעדער אַנ־

רירן זיך אָן אַ מענטשן, נישט פון די זייעריגע — ווייל אַלע וואָס לעבן נישט לויט די פאַראָרדנונגען פון די איסיים, זיינען אומריין. טאָר מען אום שבת ניט ג ר אָ ב ן — גייט ניט דער איסיי אום שבת „אויף צורך", ווייל אמאָל איז געווען דער שטייגער, אַז מען האָט עס געדאַרפט באַגראָבן און פאַרשאַרן. האָט מען נישט געטאָרט עסן קיין תבואה אָן מעשר, האָט זי דער איסיי אפילו זיין אייזל נישט געגעבן. נאָכמער: דעם איסיי'ס אייזל — אַזוי האָט מען געלאַכט — דערשמעקט שוין אַליין וואָסערע גערשטן עס מעג עסן און וואָסערע נישט (דאָס באַרימטע אייזל פון רבי פנחס בן יאיר, למשל).

מ'דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז די דאָזיגע טשיקאווע מענטשן זיינען אויסגעשעפט דערמיט וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן זיי. ווייט נישט. צום טשיקאַוון קומט דאָס פאַרניפטיגע. דאָס געזונטע און דאָס ווינשנסווערטע. דאָס גאַנצע לעבן האָבן די מענטשן געאַרבעט אויף זעלבסט־קאָנטראָל, זעלבסט־דערציאונג און זעלבסטצוכט. דאָס גאַנצע לעבן האָבן זיי נישט אויפגעהערט זיך צוצואייגענען די פיינסטע מידות, אָפצושוואַכן אָדער גאָר אויסצוראָטן פון זיך דעם פאַרלאַנג צו איבעריגע זאַכן און אומנויטיגע פאַרגעניגנס. עס איז אפשר ניט געווי פאָרמולירט געווען, אָבער עס האָט געהייסן: צוריק צום נאַטירליכן לעבנסשטייגער! אָדער: צוריק צו דער נאַטור. דערפאַר באַמיען זיך די מענטשן אויסצומיידן די שטעט. אמבעסטן פילן זיי זיך אין דער מדבר אָדער אין דאָרף. אַמליבסטן פאַרנעמען זיי זיך מיט דער אַרבעט. זיי אַרבעטן אָבער אויך אין די שטעט אַלס טאָג־לוינער אָדער אַלס בעל מלאכות. כל'ערליי מלאכות טוען זיי, אַלערליי זאַכן מאַכן זיי, נאָר ניט קיין געווער — ווייל עס דינט צום בלוט־פאַרגיסן. און בלוט פאַרגיסן איז ביי זיי דאָס גרעסטע פאַרברעכן. אפילו דאָס בלוט פון עופות אָדער בהמות. דערפאַר זיינען אפילו זייערע קרבנות באַשטאַנען ניט פון לעבעדיגע באַשעפענישן, נאָר פון מעל מיט בוימל געמישט. אָבער פאַר זיך בוימל צום שמירן האָבן זיי ניט באַנוצט.

ווייל זיי האָבן בכלל אויסגעמיטן „מותרות", איבעריגס, אָדער לוקסוס. אזוי אין עסן און טרינקען און אזוי אין קליידער. קליין אין צאָל, קיינמאָל ניט מער ווי פיר, פינף טויזנט מיטגלידער; באגרענעצט אין אָרט — קיינמאָל געפינט מען זיי נישט טעטיג אויסער די גרעניצן פון ארץ ישראל — זיינען זיי נישט אימשטאַנד פעסט צו האַלטן זיך אָן זייער קאָנסטיטוציע און השגחה האָבן אויפ'ן לעבן און ווירקן פון אַלע חברים פון זייער אָרדן.

און ווי האָט דער אָרדן אויסגעזען לויט זיין קאָנסטיטוציע?

יעדער חבר וואָס איז געווען אַרבעטספעאיג, האָט געמוזט אַרבעטן און פאַרדינען. באַזונדער אַרבעטן, ווי איינעם טוט וואוילגעפעלן, נאָר אינאיינעם געברויכן. און די חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין איין אָרט, האָבן געלעבט אַלע אין איין הויז און געהאַט איבער זיך אַן עלטסטן, וועמען די חברים זע־נען געווען אַבסאָלוט געהאָרכזאַם. איינער האָט געקענט ווערן אַ חבר אין אָרדן ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעהאַלטן אַ ד ר י י־יאָריגע פּראָבע. האָט ער די פּראָבע אויסגעהאַלטן, באַ־שווערט מען אים (דאָס איז דאָס איינציגע מאָל, ווען אַן איסיי איז ערלויבט צו שווערן) אַז ער וועט ניט האָבן קיין סודות פאַר זיינע חברים, און אַז די סודות פון די חברים און פונ'ם אָרדן וועט ער ניט אויסגעבן פאַר פרעמדע. דעמאָלט באַקומט ער דריי זאַכן: 1) אַ גראָב־אייזן, 2) אַ פאַרטוך און 3) אַ שטיק ווייסע לייוונט. דעם גראָב־אייזן אויף צו פאַרגראָבן און פאַר־שאַרן זיין אויסשיידונג. דעם פאַרטוך — צום טובל'ן זיך און די ווייסע לייוונט אויף קליידער. נאָכדעם ערשט ווערט ער צו־געלאָזט צו די געמיינזאַמע מאָלצייטן. אַ חבר קאָן נאָר ווערן אַ דערוואַקסענער מאַנסביל. קינדער קאָנען דאָ אויפגעהאַלטן ווערן בלויז ווי ת ל מ י ד י ם. פאַר אַ פאַרברעכן ווערט אַ חבר נע'משפט פון אַ חברים־געריכט, וואָס באַשטייט פון ניט ווייני־גער ווי 100 מיטגלידער. דער אורטייל איז אַן ענדגילטיגער; אַפּעלאַציעס זיינען ניט דערלאָזבאַר, און נישטאָ אויך קיין העכ־ער געריכט, צו וועמען מען זאָל ק ע נ ע ן אַפּעלירן. די

הארבסטע שטראף, איז דאס אויסשליסן פון פאראיין; זי איז געגליכן צום אמאליגן כרת, אדער טויט־שטראף...

דאס פארמעגן פונ'ם ארדן געהערט אלע חברים גלייך. וואס איינער פארדינט פון באדן אדער פון לוין־ארבעט, טראגט ער אריין אין דער אלגעמיינער קאסע. נישטא קיין קויפן און פאר־קויפן צווישן זיך, יעדער גיט אוועק דער קאסע וואס ער האט, און נעמט פון איר וואס ער דארף. קיין נוימבטדערפטיגע זיינען דא נישט געווען. קראנקע און אלטע זיינען געווען גלייכע חברים ווי אלע. און חברים פלעגן זיי באדינען מיט דערזעלבער גוטס־קייט און איבערגעבנקייט ווי קינדער. יעדער חבר האט געקענט שטיצן ארימעלייט אין די שטעט אפילו, לויט זיין איינזעען פון דער אלגעמיינער קאסע. נאר אויב דער ארימאן איז גע־ווען דעם חבר'ס א קרוב, האט ער זיך פאר'ן ארויסגעבן די שטי־צע געדארפט באראטן מיט די פארוואלטער פון דער קאסע אין זיין ארט. וואוהין א חבר איז געקומען, איז ער געווען, אינ'ם ארטיגן פונקט פון די איסיים, ווי ביי זיך אין דער היים. אין יעדן פונקט איז אפילו געווען א באשטימטער מענטש, וואס האט באזארגט דעם אורח מיט ראט און מיט טאט, ווי ווייט יענער האט נויטיג געהאט. קיינער פארלאנגט ניט צו האבן פאר זיך דוקא אן אייגן הויז, א גרוים פעלד, א קנעכט אדער עפעס אנדערש, וואס מאכט רייך. דערפאר האבן זיי אויך געקוקט אויף דעם האנדל, ווי אויף אן אומריינעם קוואל פון רייכטום.

מיט שאריען אויף טאג, זיינען זיי אויפגעשטאנען, זיך טובל געווען און זיך געשטעלט דאוונען, אזוי אויסגערעכנט, אז בעת די ערשטע זונענשטראלן וועלן זיך באווייזן זאלן זיי זאגן קריאת־שמע. נאכ'ן דאוונען גייען זיי צו דער ארבעט. קומענדיג מיטאג־צייט צוריק, טובל'ן זיי זיך, עסן אפ און קערן זיך ווידער אום צו דער ארבעט. אין אוונט, אז זיי קערן זיך אום פון דער טאג־ארבעט, טובל'ן זיי זיך נאכאמאל און עסן אוונט־ברויט. נאך יעדן מאל גיין „אויף צורך" טובל'ן זיי זיך. און טובל'ן זיך ניט אנדערש ווי

ארומגעבונדן מיט א פארטוך, וואס זאל גילטן ווי א מין „באד־קאסטיום“.

און די געמיינזאמע מאלצייטן זיינען אנגעגאנגען ווי א מין גאטעס־דינסט. שוין זיי אליין, נאך דער ארבייט אנגעטאן אלע אין ווייסן, האבן געמאכט דעם איינדרוק פון א מחנה הייליגע, אדער שטרענג־אפגעהיטע כהנים. די קוכער זייערע זיינען געווען אלע כהנים, און ביים צוגרייטן דאס עסן האבן זיי אפגעהיט געוויסע ריינליכקייטס דינים, וואס זיינען גילטיג געווען ביים מזבח. און ווייל כהנים, זיינען זיי געניט געווען אין אלע דינים פון ריינליכקייט און געוואוסט, ווי אזוי פראקטיש זיי דורכצופירן. פון כהנ׳ס האנט האט יעדער חבר באקומען זיין חלק ברויט און זיין טעלער געקעכטס, בלויז איין מין געקעכטס און אלע טאג דאס אייגענע. בעת׳ן עסן איז געווען אבסאלוט שטיל. קיין ווארט פון קיינעם. אבער נאכ׳ן עסן האט דער גרעס־טער למדן צווישן זיי געזאגט דברי תורה און — ווי געמיינט — דערהויפט סתרי תורה, מיינונגען און אלעגאריעס, וואס מ׳פלעגט ארייננטייטשן אין די ווערטער פון דער תורה. דאס אייגענע פלעגט אויך פארקומען יעדעס מאל ביים לייענען אין דער תורה, בעת׳ן דאווענען. „סתרי־תורה“, אדער „קבלה“ — ווי מען האט עס שפעטער גערופן, — איז אויך דער אינהאלט פון די ספרים, וואס מען רעכנט, אז זיי שטאמען פון זייערע קרייזן. און לויט זייער רעליגיעזן עקסטאז, אסקעטענטום, דעם שטרעבן צום רוח־הקודש, דעם קוקן אויף ד ע ר וועלט, ווי אויף א יאמער־טאל, פון וואנען ס׳איז א גליק זיך ארויסצורייסן — דאס אלץ מאכט ווארשיינלאך, אז יענע ספרים מיט פאנטאסטישע זע־אונגען און אויסגעקליגעלטע אלעגאריעס זאלן ווירקליך שטאמען פון זיי. אויך אפאריזמען זיינען פאראן, וואס עס איז אנצונע־מען אז זיי קומען פון די איסיים. ווארום ווער, אז ניט זיי האבן געהאט צו ווארענען: „ניט רייד פיל מיט א פרוי“? פאר ווע־מען פאסט מער, ווי פאר די איסיים דאס ווארט: „נישטא קיין בעסער׳ס פאר׳ן גוף, ווי שווייגן“? „ווער עס זאגט, מיינס איז

מיינס און דיינס איז דיינס, איז אַ מיטלמעסיקייט, אָדער אַ סדום'ער. מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס, איז אַן עם־הארץ. מיינס איז דיינס און דיינס איז דיינס, איז אַ חסיד. דיינס איז מיינס, און מיינס איז אויך מיינס, דער איז אַ רשע". גאַנץ אין גייסט פון די איסיים!

מיט די פּרושים לעבן זיי אין גוטער פריינדשאַפט. אין עס דאַך דער פרומער וואונש אויך פון יעדן פרוש צו דערווייטערן זיך אַביסל מער פון דעם הבל־הבלים, וואָס מאַכט פול די וועלט!... און בפרט, אַז אין פּאָליטישן לעבן מישן זיי זיך נישט, און אַרום די גיטער פון דער וועלט קאָנקורירן זיי ניט. פונדעסטוועגן האָבן די פּרושים צומאָל, אַזוי־זיך, אומבאַמערקטערהייט און אינדירעקט באַקעמפט זייער איבערטריבענע חסידות — ווייל זי איז נישט אָננעמבאַר אין נאָרמאַלן לעבן.

היטן זיך די איסיים פון פרויען בכלל — ווייל זיי האָבן אַן אומריינע צייט, קומען די פּרושים און פּסק'נען, אַז אפילו *אין דער צייט זייערער* מעגן זיך פרויען פּוצן און פאַרבן און שמירן, כדי זיי זאָלן נישט מיאוס ווערן זייערע מענער... ווילן די איסיים נישט חתונה האָבן, קומען די פּרושים און ערקלערן, אַז די, וואָס האָבן נישט חתונה און פאַרמערן נישט דאָס מענטשן־געשלעכט, איז גלייך ווי זיי וואָלטן מענטשן גע'הרג'עט און בלוט פאַרגאָסן; און ווער עס לעבט אָן אַ פרוי, לעבט אָן אַ הויז, אָן מזל־ברכה א. ז. וו.; אַנטלויפן די איסיים פון דער געזעלשאַפט, וואָרנען די פּרושים: „זאָלסט נישט אָפּגעשיידט זיין פון דער געזעלשאַפט", וואָרים וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען דער מענטש, ווען ער איז אַליין פאַר זיך? און קעגן זייערע איבערטרייבונגען האָבן די פּרושים געוואָרנט: „קיין זאַך דאַרף מען נישט איבערטרייבן"... און אַמאָל פלעגט מען זיך אין די פּרושים'שע קרייזן ערלויבן אַ שאַרף וואָרט קעגן די איסיים. אָבער בכלל האָבן זיי געלעבט פרידלאַך צווישן זיך. און אַמאָל ווידער זיינען די אסיים געקומען צו הילף די פּרושים, הגם ס'האָט אויסגעזען, אַז ס'איז קעגן דער קאָנסטיטוציע פון

אָרדן. אין מאָמענטן פון פאָלקס־פאַרטיידיגונג קעגן די רוימער, געפינען מיר אפילו אָנפירער פון דער פאַרטיידיגונג, איסיים. אָבער אַזוינע זיינען געווען אויסנאַמען. די מערהייט אָבער — און דאָס איז געווען דער לעבנסגייסט פונ'ם אָרדן — האָט עס געהאַלטן פאַר ניט צוועקמעסיג זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שלעכטס מיט מאַכט און מיט שווערט. דער גערעכטער פאַר־לאָזט זיך אויף גאָט, ע ר וועט שוין שאַפן גערעכטיקייט. אַזוי פאַררוקן זיך די איסיים אַלץ ווייטער און ווייטער אין אַ באַזונדער ווינקל. פון זיי און אַרום זיי אַנטוויקלען זיך און ווירקן נאָך עקסטרימערע פאַרבאַנדן. מ'ווייסט, למשל, פון אַ „הייליגער געזעלשאַפט," וואָס האָט אין יענע צייטן געלעבט. מ'האָט זי גערופן: „די הייליגע" — ווייל, ווי די גמרא באַמערקט: אַ דריטל פון טאָג האָט זי געלערנט, אַ דריטל — געדאַוונט און אַ דריטל — געאַרבעט. אָדער: זומער האָט זי געאַרבעט און ווינטער בלויז געלערנט. אַ חברה „בויער" קען מען. די דאָזיגע ב ו י ע ר האָבן געגלויבט, אַז זיי זענען בכח אויסצובויען אַן אַנדערע מאָראַלישע וועלט דורך אַנדערע מיטלען, אויף אַנדערע יסודות. פון אַ חברה ענוים (פרומע) ווייסט מען, א. ד. גל.

און וואָס שווערער די צייטן, וואָס אומדערטרעגלאַבער דער יאָך, וואָס שוואַכער די אייגענע מאַכט, אַלץ מער און מער זאַמלט מען די האָפנונגען אויף אַ בעסערער צוקונפט, אויפ'ן הימל... וואָס ווייניגער האָפנונג דורך מאַטעריעלער מאַכט אויסגעלייזט צו ווערן, אַלץ מער האָפט מען אויף ניסים. וואונ־דער מוזן געשעען, אַ וואונדער־קעניג, אַ משיח מוז פון גאָט גע־שיקט ווערן און ער וועט אויסלייזן זיין פאָלק, און ברענגען רעטונג פאַר דער גאַנצער וועלט. וואָס צוויי־פלהאַפטער ס'איז געוואָרן די זיכערקייט פונ'ם פרט, אַז ער וועט באַלוינט ווערן אין דער צוקונפט, אין דער עקזיסטענץ פונ'ם כלל, אַלץ מער און מער האָט מען אָנגעהויבן צו אונטערשטרייכן דעם לוין, וואָס דערוואַרט יעדן פרט פאַר זיך, יעדן אינדיווידיאום סיי נאָכ'ן טויט, אויף יענער וועלט, סיי שפּעטער, נאָך „תחית־המתים",

ווען די טויטע וועלן אויפשטיין, ווען משיח'ס קעניגרייך וועט געגרינדעט ווערן אויף דער ערד.

און דער מ ש י ח — „זיין פנים איז מלא חן: ווי דאָס פנים פון הייליגע מלאכים. ביי אים איז דער אוצר פון דער גערעכטיקייט, און ער אַנטפּלעקט אים פאַר אַלע יענע, פאַר וועמען דער אוצר איז פאַרבאָרגן. וואָרים דער האַר פון די גייסטער האָט אים דערצו געוויילט. זיין גרויסקייט גילט פון אייביקייט צו אייביקייט, און זיין מאַכט — פון דור צו דור. דער גייסט פון חכמה לעבט אין אים, דער גייסט פון דעם, וואָס ג י ט פאַרשטענדיקייט, איז ז י י ן גייסט. דער גייסט פון תורה און דער גייסט פון קראַפט און דער גייסט פון יענע וואָס רוען אין גערעכטיקייט, איז ז י י ן גייסט". עס ווערן אויך דערציילט וואונדער איבער וואונדער. אזוי, למשל, אַז משיח איז געבוירן געוואָרן אין בית־לחם, אין דעמזעלביגן טאָג ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, נאָר אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אים אַ שטורם־ווינט פאַרטראָגן און קיינער ווייסט ניט וואוהין. אָבער אין זיין צייט וועט ער זיך באַווייזן.

און אַז ער וועט זיך באַווייזן, וועט ער ברענגען דער וועלט שלום, גערעכטיקייט, ליבשאַפט און טריישאַפט. און הייליג וועט זיין דאָס אידישע פאָלק. און גע'משפט וועט ווערן פאַר אים די גאַנצע וועלט, די דערוואַכטע, איצט טויטע און די לעבעדיגע, אָן אונטערשייד צווישן אידן און היידן.

די און עהנלאַכע אידעען זענען פאַרשפּרייט געוואָרן און האָבן געלעבט אין פאָלק. די אָפּגעריסענע פון פּראַקטישן לעבן, פון פּאָליטישע אינטערעסן, סיי איסיים, סיי זיי ענלאַכע גרופּן, פלעגן אומוואַנדערן איבערן לאַנד און פּרעדיגן זייערע מיינונגען און איבערנאַטירלאַכע, עקסטאַטישע זעאונגען. און קליינע גרופּן, אָדער איינצלנע פערזאָנען האָבן פאַרבראַכט יאָרן אין דער מדבר, צווישן בערג, און נאָר פון צייט צו צייט פלעגן זיי אַרויסקומען, כדי צו פּראָפּאַגאַנדירן זייערע אידעען צווישן מענשן. פון צווישן זיי איז אַרויסגעקומען „יוחנן דער טויפער",

דער טויף־פאָטער פון יעזוס'ען. די רעגירונג האָט זיך פאַרהאַלטן צו זיי ניִשט פריינטלאַך. די רוימישע הערשער, וויסנדיק אַז זיי ריידן פון אַ נייער אָרדנונג, פון אַ דערוואַרטעטן נייעם מלך, מיט חכמה און מיט גבורה, האָט זיי חושד געווען אין רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. פלעגט מען זיי פאַרפאָלגן. האָבן זיי זיך נאָך טיפער באַהאַלטן אין דער מדבר. האָט אויף זיי גערוט די שכינה פון מאַרטירערטום. זענען זיי געהייליגט געוואָרן ביים פאָלק, און פרויען אָדער מענער עקזאַלטירטע און אָנגעשטעקטע מיט רעליגיעזן עקסטאַז, פלעגן זיי מיט אַכטונג און פאַרגעטערונג נאָכגיין און אויסהערן...

אָט די גאַנצע באַוועגונג האָט אירע וואָרצלען אין די איסיים.

און דער סוף פון דעם אָרדן?

לויט זיין גאַנצן כאַראַקטער און טעטיקייט איז דער אָרדן געווען איינגעוואַקסן אין לאַנד און צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון לאַנד. אינאיינעם מיט'ן חורבן, אָפּגעריסן פון באָדן, ווערט ער אָפּגעשוואַכט און אויפגעלייזט. דער גרעסטער טייל מישט זיך אוים מיט'ן פאָלק, מיט די פּרושים, אַ טייל גייט אונטער און אַ טייל קומט אריין אין דער קריסטלאַכער געזעלשאַפט, וואָס הויבט זיך דעמאָלסט אָן אויסצובילדן. דאַרום איז דאָס קריסטענטום דורכגעזאַפּט מיט איסיימ'שע געדאַנקען און אָנשויאונגען.

אָבער דאָ רירן מיר שוין אָן אַ באַזונדערן גרויסן מאָמענט פון דער אידישער געשיכטע, וואָס גרייפט אַריבער אין דער וועלט־געשיכטע.

# די סנהדרין

## אידישע אינערליכע זעלבסטפארוואלטונג בעת'ן צווייטען בית־המקדש.

אז עזרא האט זיך אומגעקערט פון בבל קיין ארץ־ישראל, האט ער געפונען די לאגע אין ארץ־ישראל דאפלט אזוי שלעכט, ווי מ'האט עס זיך אין בבל פארגעשטעלט. דארט האט מען געקענט דעם חורבן פון בית־המקדש, דעם חורבן פון לאנד, אבער ניט דעם חורבן פון פאלק. מ'האט געמיינט, אז דער חורבן האט אויף די אידן אין ארץ ישראל געהאט דיזעלבע ווירקונג, וואס אויף די אידן אין בבל, נעמליך: זיי זאלן זיך קלאמערן אן אידנטום מער ווי פריער. איז עס אבער ניט געווען אזוי. אין בבל האט זיך די פאר־וואגלטע אידן געלעבט גאר ניט שלעכט. פונדעסטוועגן האבן זיי זיך פעסט געהאלטן אן די געזעצן פון דער תורה — דאס איינציגע, וואס האט זיי דערמאנט אן זייער היים, זייער זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט. די דאזיגע געזעצן האבן זיי ענטוויקלט, פארטיפט, פארברייטערט און מיט מסירת־נפש אפגעהיט. שוין דאמאלט, כדי צו זיין אפגעשיידט פון די ארומיגע, האבן זיי קיין גוי'ש עסן ניט געגעסן און קיין גוי'שן וויין ניט געטרונקען . . . דערפאר האבן זיי דאן שוין געהאט גרויסע געלערנטע, וועלכע האבן דאס תורה־אידנ־טום אויסגעטייטשט, ערקלערט און געפארשט. אנדערש איז עס געווען אין ארץ־ישראל. דאס ביסל אידן, וואס איז דארט געבליבן, איז געווען צעווארפן איבער דער וויסטער פראווינץ, און האט זיך געפונען אין זייער א שפל'דיגען צושטאנד. ווי פאריאגטע און פאר־וואגלטע האבן זיי זיך איינגעגראבן אין די חורבות פון זייער פאַ־טערלאנד. פארהעצטע און בארויבטע פון די שכנים, וואס האבן זיך נאכ'ן חורבן אראפגעלאזט אויפ'ן לאנד נאך „ירושה"... פאר־

אָרימטע און פאַרצווייפלטע, אָן יעדער האָפנונג אויף ווידערגעבורט, זענען זיי אויך גייסטיג פאַרווילדעט געוואָרן. הויבן זיי אָן ביס־לאַכווייז זיך אויסצומישן מיט זייערע שטאַרקערע, ניט־אידישע שכנים. אפילו פרויען האָבן זיי אָנגעהויבן נעמען פון צווישן זיי. אזוי, אז אינגיכן וואָלטן זיי גאָר אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

געגן דעם האָט זיך עזרא איינגעשטעלט. ער האָט צונויפגע־רופן א „גרויסע פאַרזאמלונג" פון גייסטליכע און וועלטליכע מענער, וואָס האָט געגומען אויף זיך אויסצופאָרשן, אָדער „שטודירן" די לאַגע און אויסגעפינען די פאַסנדע מיטלען, ווי זי צו פאַרבעסערן. אָבער דערמיט האָט זיך די אויפגאַבע פון דער פאַרזאמלונג ניט אויסגענומען. דאָס לעבן לאָזט זיך ניט אויסשעפן. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע פראַגן, נייע פּראָבלעמען, וואָס האָבן געפאָדערט באַשייד. בלייבט די „גרויסע פאַרזאמלונג" ווי א פּערמאַנענטע איינריכטונג, אויף שטענדיג, און זי האָט די אויפגאַבע אזוינע פאָ־דערונגען צו באַפרידיגן — שאַפן נאָרמען און רעגולירן דאָס אינ־וועניגסטע, רעליגיעזע, ווי דאָס געזעלשאַפטליכע לעבן, געשטיצט אויף די גרונט־געזעצן וואָס געפינען זיך אין דער תורה. די דאָזיגע אינסטיטוציע איז באַקאַנט אין דער געשיכטע מיט'ן נאָמען: „כנסת הגדולה" וואָס איז טייטש: „גרויסע פאַרזאמלונג".

די מיטגלידער פון דער „כנסת־הגדולה" זיינען באַשטאַנען פון דער אריסטאָקראַטיע: כהנים, לויים און סתם חשוב'ע „פּאַטרי־ציער", וואָס האָבן געהאָלפן אויפבויען און באַפעסטיגן די אידישע „מלוכה". קיין וואַלן זיינען דאָ ניט געווען. באַשטימט בלויז זיינען די מענער געוואָרן אין דער פאַרזאמלונג אריין, און דאָס גאַנצע לעבן האָבן זיי אָנגעהאַלטן זייער אמט. אָבער צו יעדער צייט האָט מען באַשטימט אין דער פאַרזאמלונג די חשוב־סטע מענשן, וואָס דאָס פאָלק האָט פאַרמאָגט. זייער צאָל איז ניט אלעמאָל גלייך. צוערשט, אין עזרא'ס צייט, טרעפן מיר אין איר פינף־און־אכציג מיטגלידער. שפּעטער — אמאָל הונדערט מיט צוואַנציג, אמאָל זיבעציג, אמאָל איין־און־זיבעציג און אמאָל

צוויי־און־זיבעציג. און אויך די אויפגאבן אירע ענדערן זיך מיט דער צייט. און אויך איר נאָמען. דער פּאָרזיצנדער פון דער „כנסת הגדולה" איז דער כהן־גדול. די מיטגלידער פון דער כנסת־הגדולה זיינען באַרימט ווי: „א נ ש י כנסת־הגדולה" — די מ ע נ ע ר פון דער גרויסער פאַרזאַמלונג. און דאָס איז שטענדיג געווען באַ אידן די העכסטע געזעצגעבערישע און געריכטליכע אינ־סטאַנץ אין לאַנד. און אויך אויסער די גרעניצן פון לאַנד, וואָס זיינען ניט אַלעמאָל פעסט געווען, איז די אויטאָריטעט פון דער „כנסת־הגדולה" אין ירושלים געווען אין גרויסער חשיבות: דאָס פאָלק האָט גערן געבויגן זיין נאַקן פאַר איר. און די „כנסת־הגדולה" איז זיך באַוואוסט געווען איר מאַכט און איר אָנזען, און האָט זיך באַנוצט דערמיט — צו גונסטן פון פאָלק.

איין ביישפּיל:

פריער האָט זיך די גאַנצע באַציאונג צווישן מענש און גאָט אויסגעדריקט אין מקריב זיין אַ קרבן צו גאָט. דער קרבן־ברענגער איז דערביי געשטאַנען, בעת דער כהן האָט די אַרבעט זיינע אָפּ־געטאָן ביים מזבח, און דערמיט איז די גאַנצע פליכט צו גאָט געווען אָפּגעטאָן. ווייל ניט אַלעמאָל האָט דאָך אָבער יעדער איינציגער אין דער ווייטער, צעוואָרפענער פּראָווינץ געקאָנט אַוועקוואַרפן הויז און אַרבעט און אויפשטייגן קיין ירושלים — דאָס א י נ צ י ג ע אָרט, וואו עס איז פון איצט אָן ערלויבט געווען צו ברענגען קרבנות, איז רעכט געווען, אַז דער איד זאָל קוילען זיין ציקעלע אָדער קעלבל אויפ'ן מזבח פון אַן אנדער גאָט. וואָס האָט געגאָלטן אין זיין אָרט. ווי זשע אַנדערש? מען מוז דאָך ווי עס איז דורכקומען מיט גאָט אויך און אים אָפּ'סילוק'ן זיין חוב!... זיינען געקומען די „אנשי כנסת הגדולה" און האָבן פון גרונט־אויס געענדערט דעם אידנ'ס קוק אויף דעם ענין. אַנשטאָט ק ר ב נ ו ת — האָבן זיי געלערנט — איז געווען תפלות. ד א ו ו נ ע ן צו גאָט איז אַזוי גוט ווי אַ קרבן ברענגען. און דאַוונען קאָן אַ מענש אַלע מאָל און אומעטום. דער עיקר תפלה איז: ק ר י א ת ־ ש מ ע. קורץ און ערהאַבן!

נאָך דעם קומען נאָך אנדערע תפלות, אָבער יענע קאָנען שוין זיין אָפּהענגיג פון געוויסע באַדינגונגען. און דאָס פאָלק האָט די דאָזיגע פאַראָרדנונג אָנגענומען. וואָס פאַר אַ גרויסן ווערט די דאָזיגע תקנה האָט געהאַט פאַר דעם גאַנצן וויטערדיגן לעבן פון די אידן אין גלות — לאָזט זיך דאָ ניט אָפּשאַצן.

אָבער ניט בלויז די מענער פון דער „כנסת הגדולה" האָבן זיך פאַרנומען מיט קאָמענטירן די געזעצן און אויסדרינגען פון זיי, ווי אַזוי און אין וועלכע פאַלן זיי זאָלן אָנגעווענדט ווערן. מיט דער צייט ענטוויקלט זיך אַן אָנגעזעענער סופרים שטאַנד, וואָס פאַר־נעמט זיך מיט מאַכן פּ י ר ו ש י ם (קאָמענטאַרן) צו די גרונט־געזעצן. זיי, די סופרים, זיינען זייער געשולט. גרויסע חריפים אין פאַרגלייכן אַ פאַל צו אַ פאַל און אין אונטערשיידן אַ פאַל פון אַ פאַל; אין אַנאַליזירן אַ געזעץ און אין געפינען אַ סינטעז צווישן צוויי באַזונדערע געזעצן. זיי זיינען גרויסע אויטאָריטעטן אין אַלע טעאָרעטישע פראַגן. רעליגיעזע ווי יורידישע. אָבער אַלע זייערע באַשטימונגען, אויסדרינגענישן און פעסטשטעלונגען האָבן ניט קיין פּראַקטישן ווערט. זיי זענען פאַר קיינעם ניט קיין חיוב. ערשט די כנסת־הגדולה, אויב זי אנערקענט זיי, קאָן זיי צוגעבן דעם כח און די אויטאָריטעט פון אַ געזעץ. אָבער זייערע טעאָרעטישע ארבעטן העלפן זייער פיל דער כנסת הגדולה און פאַרשפּאָרן איר איבעריגע ארבעט,ביים ארויסגעבן פאַרשיידענע באַשטימונגען און געזעצן. די „כנסת־הגדולה" ווייזט אויך אָן די סופרים די ריכטונג, אָן וועלכער זיי דאַרפן זיך האַלטן אין זייערע טעאָרעטישע ארבעטן. עס הייסט:

„זייט פאָרזיכטיג אין אייער אורטייל: גיט ארויס וואָס מער געלערנטע שילער, און מאַכט אַ צוים ארום די געזעצן פון דער תורה...."

דאָס זיינען אָבער געווען די הויפּט־טענדענצן פון דער „כנסת־הגדולה" אליין אויך אין איר גאַנצער ארבעט.

די דאָזיגע אינסטיטוציע פון פאָלקס־פאָרשטייער האָט עק־זיסטירט פון 450טן יאָר ביז'ן יאָר 180 פאַר דער איצטיגער צייט־רעכענונג, וואָס מאַכט אויס קרוב צו 270 יאָר, ביז ווייט אין דער צייט ווען די גריכן האָבן געהערשט איבער ארץ־ישראל. אָבער אין דער צייט האָט זי שוין ניט מער איר העברעאישן נאָמען „כנסת־הגדולה", נאָר זי טראָגט דעם גריכישן נאָמען: ס נ ה ד ר י ן. מ'רעכנט, אַז בעת די גרויסע גזרות פון די גריכישע הערשער, ווערט דער סנהדרין אפשר בטל אויף אַ קורצער צייט. אָבער נאָכדעם ווי די חשמונאים מאַכן פון ארץ־ישראל אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, קומט אויך דער סנהדרין צוריק צו מאַכט. נאָר אַ געענדערטער, אַ פאָלקסטימליכער. אמת, דער כהן גדול איז אויך איצט נאָך דער פאָרזיצער פון סנהדרין, אָבער די מיטגלידערשאַפט איז אַן אַנדערע. פיל א ו י ס ו ו ע נ י ג ס ט ע עלעמענטן זיינען איצט געוואָרן א י נ ו ו ע נ י ג ס ט ע. די „אייניקלאַך", אָדער ריכטיגער, די י ו ר ש י ם פון די אַמאָליגע סופרים — די „פרושים", האָבן איצט פּלאַץ א י ן סנהדרין. און געוועזן צייטן, ווען זיי האָבן אין סנהדרין געבילדעט אַ מערהייט. די הויך־אַריסטאָקראַטיע, די כהנים פון דער צ ד ו ק ־ דינאַסטיע, וואָס האָבן פריער געהאַט די גאַנצע מאַכט אי אין „כנסת־הגדולה" אי אין לאַנד, וואָס האָבן פאַר־טיידיגט די וועלט־אַנשויאונג און די אינטערעסן פון די „אויבערשטע צען טויזנט", שפּילן זינט לאַנג נאָר קיין ראָלע ניט. אַנשטאָט זיי קומט די דינאַסטיע „חשמונאים", וואָס איז נאָענטער צום פאָלק ווי די צדוקים. צוערשט ווערן אפילו מטבעות געשמאָלצן אין נאָמען פון דער העכערער מאַכט און אין נאָמען פון דער פאָלקס־פאַרטרע־טונג (געהייסן: חבר היהודים). אָבער שפּעטער, אפילו ווען די דאָזיגע אויפשריפט אויף די מטבעות ווערט בטל, אפילו בעת דער חשמונאי אלכסנדר ינאי, למשל, שטרעבט צו אַבסאָלוטער אליין־הערשאַפט, און די פאָלקס־פאַרטרעטונג באַגרעניצט זיין „אַל־מעכטיקייט" — אפילו ע ר ערלויבט זיך ניט בטל צו מאַכן די אינסטיטוציע צו וועלכער דאָס פאָלק פאַרהאַלט זיך מיט זיין גאַנצן

צומרוי. אפילו הורדוס, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין מלוכה דערפון, וואָס ער האָט אויסגע'הרג'עט צענדליגער מיטגלידער פון סנהדרין, האָט זיך אויך ניט ערלויבט דעם סנהדרין בטל צו מאַכן — ווייל דערמיט וואָלט ער דאָס גאַנצע פאָלק אויפגעבראַכט קעגן זיך. ער האָט נאָר געפּרואווט אליין צו באַשטימען אַ סנהדרין פון זיינע מקורבים. פאַלסיפיצירט האָט ער אים — ווי די קנאים האָבן עס אויך שפּעטער געטאָן — אָבער אינגאַנצן אים בטל מאַכן האָט ער ניט געוואַגט. און קוים האָט דער סנהדרין עקזיסטירט, איז ער די קליינע „קראַנקהייטן" איבערגעקומען און ווידער זיך אומגעקערט צו זיין מאַכט און צו זיין קאָמפּעטענץ.

און זיין מאַכט איז געווען גרויס גענוג. און זיין קאָמפּעטענץ גענוג ברייט. אויסער זיין געזעצגעבערשער פונקציע האָט דער סנהדרין אָדער ס ע נ אַ ט — ווי ער האָט געהייסן בא די רוימער — געהאַט אויך געריכטליכע פונקציעס. וויכטיגע פּאָליטישע פּראָצעסן, פּראָצעסן פון כהנים גדולים, וואָס זיינען „אַראָפּ פון וועג", אָדער שטעט גאַנצע, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון די פאַרצייטיגע מיסיאָנערן, האָט דער סנהדרין אַליין גע'משפּט. ער האָט אויך געדינט ווי אַן אַפּעלאַציאָנס־געריכט, וואו מען האָט זיך געקאָנט באַקלאָגן אויף די אורטיילן פון די „קליינע סנהדרינ'ס". אזוינע קליינע סנהדרינ'ס, פון 23 מיטגלידער, האָבן פונקציאָנירט אין די פּראָווינץ־שטעט. און אויך אין ירושלים האָט אזא „קליינער סנהדרין" פונקציאָנירט. דערפאַר האָט דער סנהדרין אויך געהייסן: „בית־דין הגדול" — „דער גרויסער בית־דין". אָן דעם הסכם פון סנהדרין האָט מען ניט געטאָרט אָנהויבן קיין מלחמה. אָן זיין ערלויבניש האָט מען ניט געטאָרט פאַרגרעסערן די טעריטאָריע פון ירושלים. דער סנהדרין איז געווען איינגעטיילט אין צוויי אָפּטיילונגען, אין אַ פּאָליטישער און אַ יורידישער, אָדער געריכטליכער, וואָס איז צונויפגעפאַלן מיט דער רעליגיעזער. אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג איז דער כהן־גדול (אלס פאָרשטייער פון אידן קעגן אויסן) געווען פאָרזיצנדער. אין דער יורידישער (אהער האָט אויך

געהערט דאָס פירן דעם לוח: באַשטימען די ימים־טובים און אַנ־דערע רעליגיעזע פאַראָרדנונגען) איז געווען פאָרזיצער דער נ ש י א פון סנהדרין — געוועגליך דער גרעסטער מענש פון זיין צייט, סיי אין לערנען, סיי אין גוטע מדות. זיין וויצע־פאָרזיצנדער האָט אויך געהייסן „א ב ־ ב י ת ־ ד י ן".

די לעצטע אָפּטיילונג האָט געהאַט צו קאָמענטירן און אינטער־פּרעטירן די גרונט־געזעצן. דער ווערט פון די דאָזיגע באַשטימונגען גרייכט ווייטער פון דער צייט און דעם אָרט וואו זיי זיינען געמאַכט געוואָרן. דערצו זיינען די דאָזיגע ארבייטן פאָרגעקומען עפנטליך. דאַרום זיינען א טייל פון זיי נצול געוואָרן פון פאַרגעסנהייט און האָבן געגרייכט ביז צו אונז. אָבער די ארבייטן פון דער פּאָליטי־שער אָפּטיילונג, וואָס זיינען, ווי דער שטייגער איז, געפירט גע־וואָרן פאַרטרויליך און זייער ווערט איז געווען א צייטלאַכער בלויז, זיינען צו אונז ניט אָנגעקומען.

די מיטגלידער פון סנהדרין זיינען ניט געקליבן געוואָרן פון פאָלק. נייע מיטגלידער פלעגן אָדער קאָאָפּטירט ווערן פון סנהדרין אָדער באַשטימט ווערן פון אויבן. אָבער סיי ביים קאָאָפּטירן, סיי ביים באַשטימען האָט מען געקאָנט צוציען בלויז גרויסע תלמידי־חכמים. דערביי האָבן זיי געדאַרפט האָבן סמיכה פון עלטערע און גרעסערע פון זיי. גרים האָבן ניט געטאָרט זיין קיין מיטגלידער פון סנהדרין.

אָבער אויך די גרעניצן פון קאָמפּעטענץ פון סנהדרין זיינען ניט שטענדיג געווען גלייך. זיי זיינען געווען ברייטער אָדער שמע־לער — אָפּהענגיג דערפון, אין וואָסערע הענט די אויבערהערשאַפט פון לאַנד איז געלעגן.

זיינע זיצונגען פלעגט דער סנהדרין אָפּהאַלטן אין איינעם פון די אויסנווייניגסטע צימערן פון בית־המקדש. די זיצונגען, דער־הויפּט יענע וואו עס פלעגן פאָרקומען געריכטן און בפרט קרימי־נעלע געריכטן, זיינען שטענדיג געווען עפנטליכע. די מיטגלידער פון געריכט פלעגן זיצן אַמפיטעאַטערמעסיג, אין א האַלבן עגול,

כדי אלע זאָלן קאָנען זעען איינער דעם אנדערן. צוויי סעקרעטארן זיינען געשטאַנען אויף ביידע זייטן פון האלב־רונד, איינער רעכטס און דער צווייטער לינקס, און געגוי פארשריבן די מיינונגען, וואָס די ריכטער האָבן ארויסגעזאָגט. די וואָס האָבן זיך ארויסגעזאָגט צו גונסטן פון דעם אָנגעקלאָגטן באזונדער, און יענע וואָס זיינען געווען לרעת דעם אָנגעקלאָגטן באזונדער. דער קרימינעל־אָנגעקלאָגטער האָט זיך געדאַרפט שטעלן פאַר די ריכטער אין טרויער־קליידער און מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אין פּראָצעסן, וואו דעם אָנגעקלאָגטן האָט געדראָהט טויט־שטראָף, האָט מען פריער אויס־געהערט די מיינונגען צו גונסטן פון דעם אָנגעקלאָגטן און נאָכדעם די מיינונגען קעגן אים. האָט איין ריכטער ארויסגעזאָגט זיין מיי־נונג ל ט ו ב ת דעם אָנגעקלאָגטן, קאָן ער מער זיין מיינונג ניט ענדערן ל ר ע ת דעם אָנגעקלאָגטן. האָט ער אָבער ארויסגעזאָגט זיין מיינונג צום שלעכטן, קאָן ער זי נאָכדעם ענדערן צו גוטען. די אנוועזנדע תלמידים אָבער, האָבן רעכט צו רעדן בלויז פ א ר ' ן אָנגעקלאָגטן, אָבער ניט קעגן אים. איז דער פסק־דין אויסגעפאלן צו באפרייען דעם נע'משפט'ן — האָט מען אים גערארפט ארויס־טראָגן דעמזעלבן טאָג ווען דער משפט איז פאָרגעקומען. איז ער אָבער אויסגעפאלן צום באשטראָפן, האָט מען דעם פסק־דין גע־דאַרפט ארויסטראָגן ערשט צו מאָרגן. דערפאַר פלעגט מען ערב־שבת און ערב־יום־טוב ניט משפט'ן קיין קרימינעלע משפטים. די אפשטימונג פלעגט פאָרקומען דורך אויפשטיין פון די ערטער. און אָנגעהויבן האָט מען די אפשטימונג פון דעם אינגסטן — כדי זיין אורטייל זאָל ניט באאיינפלוסט ווערן פון דער מיינונג פון אן עלטערן, אויב מען זאָל אן עלטערן פריער פרעגן. אויף באפרייען דעם נע'משפט'ן איז גענוג געווען א מערהייט פון איין שטים. אין א בית־דין פון 23, למשל, איז גענוג געווען אז 12 זאָלן זיך ארויס־זאָגן לטובת דעם אָנגעקלאָגטן, ער זאָל ווערן באפרייט. אָבער אויף צו באשולדיגן מוז מען האָבן א מערהייט פון צ ו ו י י. פון 23 מוזען זיין 1 3 קעגן אים. אָבער אז נאָר צוועלף זיינען געווען

קעגן אים — דאַן האָט מען פאַרגרעסערט דעם צוזאַמענשטעל פון די ריכטער מיט 4 מאַן, צו צוויי אויף יעדער זייט, און מען האָט נאָכאַמאָל אָפּגעשטימט. האָט די צווייטע אָפּשטימונג געגעבן אַ קלאָרן רעזולטאַט פ א ר אָדער ג ע ג ן, איז רעכט. אויב ניט, האָט מען ווידער צוגעגעבן צו פיר ריכטער. און אַזוי ווייטער, ביז וואַנען אין משפּט האָבן זיך באַטייליגט 71 מאַן. און דאַן, אויב עס איז ניט געווען קיין מערהייט פון צוויי קעגן אָנגעקלאָגטן, איז ער אַרויס פריי. צוליב אָט דער שווערער פּראָצעדורע פלעגט עס זייער זעלטן טרעפן, אַז דער סנהדרין זאָל אַרויסטראָגן אַ טויט־אורטייל. דעם דאָזיגן גייסט פון מענשן־ליבע האָבן די פאָלקס־טימליכע און גוט־געלערנטע פּרושים אַריינגעטראָגן אין דער סנהדרינ׳שער געריכטס־פּראַקטיק. די אַריסטאָקראַטישע צדוקים זיינען געווען פיל שטרענגער ביים משפּט׳ן און פאַר׳משפּט׳ן אַ מענשן. אפילו צום טויט. אָבער טאַקע דערפאַר האָבן אין אַזוינע פאַלן די פּרושים געהאַט מער ווירקונג אין סנהדרין און מער אויטאָריטעט.

נאָכדעם ווי ירושלים איז חרוב געוואָרן (אין 70 נ. ק.) האָט רבי יוחנן בן זכאי געגרינדעט אַ „גרויסן בית־דין“, אָדער אַ סנהדרין, אין יבנה. עס האָט געקאָסט אַ סך מי, כדי צו איבערצייגן דאָס פאָלק און די געלערנטע אין פאָלק, אַז ניט פון אָ ר ט איז אָפּהענגיג די אויטאָריטעט און די וויכטיגקייט פון אַן אינסטיטוציע, נאָר פון איר אַליין. דערפאַר דאַרף ניט זיין קיין חילוק וואו דער סנהדרין עקזיסטירט, אין ירושלים צי אין יבנה. ער באַמיט זיך אויך אַרויפצוציען אויף אים דיזעלבע קדושה ווי אויפ׳ן סנהדרין אין ירושלים. אָבער ניט אַלע האָבן פאַרשטאַנען זיין ציל: מ אָ ב י ל מאַכן די וויכטיגסטע יסודות פון אידישן קיום. מען זאָל זיי קאָנען אַריבערטראָגן פון אָרט צו אָרט — לויט באַדערפעניש, און ניט מוזן זיין צוגעבונדן דוקא צו איין פונקט אויף גאָט׳ס וועלט. אין זיין צייט, באַלד נאָכ׳ן חורבן, וואו דאָס פאָלק איז צעבראָקלט געוואָרן און צעשטרייט געוואָרן, איז עס געווען זייער וויכטיג, עס

זאָל זיך געפינען ערגעץ א גייסטיגער צענטער, וואוהין אלע אויגן זאָלן זיין געווענדט. אָבער די חשוב'ע ארום אים האָבן דאָס ניט איינגעזעהן. בא זיין גאנצער תקיפות האָט ער זיך דאָך ניט ער־לויבט אָנצורופן זיין „גרויסן בית־דין" מיט'ן נאָמען סנהדרין, און ער האָט זיך ניט גענומען דעם טיטל נשיא. דער טיטל און די אויטאָריטעט פון סנהדרין — און מיט דער צייט אויך די פונקציעס פון סנהדרין קעגן דער אויסן־וועלט — קערן זיך אום צום גרויסן בית־דין ערשט נאָכדעם ווי הלל'ס אייניקלאך ווערן דאָרט די פאָרזיצער.

אָבער פון איצט אָן הויבט אָן דער סנהדרין צו וואנדערן. פון יבנה ווערט ער אריבערגעטראָגן קיין אושא (גליל), פון אושא קיין צפורי, פון צפורי קיין טבריה. אמאָל האָט ער געהאט מער אָנזען אין פאָלק, אמאָל ווייניגער — אָפּהענגיג אָן דעם, ווער עס איז גע־ווען דער נשיא פון סנהדרין. זיין גלאנץ־פונקט דערגרייכט דער סנהדרין פון נאָכ'ן חורבן אין די טעג פון רבי יהודה הנשיא. ניט בלויז בא אידן איז ער גרויס געווען, נאָר אויך בא די רוימישע הערשער. אָבער נאָך זיין טויט האָט דאָס אָנזען פון סנהדרין אָנגעהויבן פאַלן און פאַלן. עס קומען אויף אנדערע גייסטיגע צענטערס, סיי אין ארץ־ישראל סיי אין בבל, וואָס קאָנקורירן מיט'ן סנהדרין בנוגע חשיבות און אָנזען. און אָן ערך פון 425 נ. ק. איז ער אינגאנצן פארשוואונדן פון צווישן אידן.

# הלל, שמאי און זייערע תלמידים

ה ל ל — איינער פון די גאַר וויייניגע ריזן־גייסטער, וואָס די וועלט־געשיכטע קען. איינער פון יענע געציילטע, וואס האבן די מענשהייט, אויף איר וועג צו מאָראַלישן פּאָרטשריט, א גרויסן מהלך ווייטער געבראַכט. ער פאָרמולירט מענשלאך־פּראַקטיש דעם הויפּט־יסוד פון יעדער מאָראַל אין מענשלאַכן צוזאַמענלעבן: „וואָס דו האסט פיינט, זאלסטו דעם אַנדערן ניט טאָן". דערמיט איז ער געשטעלט אין די ערשטע רייען פון די בויער פון דעם מענשלאַכן קולטור לעבן אין אלע צייטן. זיינע מאראלישע לערן און אָנוויי־זונגען האבן נאָכגעפאָלגט, פאלגן איצט אויך נאָך, הונדערטער מי־ליאָנען מענשן, דורך זייערע רעליגיעס, אָבער קודם כל: א י ד ן. ווי עזרא האט געפעסטיגט די יסודות פון דער ג ע ש ר י ב ע נ ע ר תורה (תורה שבכתב) אזוי האט הלל געפעסטיגט די יסודות פון דער מ י נ ד ל א כ ע ר תורה (תורה שבעל־פה). און דערצו — דער סימ־באָל פון באַשיידנקייט. א מאַן פון העכסטן יחוס — פון א פאַ־מיליע מיט יחוס־בריוו ביז דוד המלך, פאַרהאַלט ער זיך מיט די איינפאַכסטע, אפילו מיט די נידריגסטע, ווי א גלייכער מיט גלייכע. און דורות האבן צו דורות איבערגעגעבן: „זיי אזא ענו, ווי הלל!" א מאַן, באַקאַנט אין בבל מיט זיין גרויסער געלערנטקייט, מיט זיין אייגענעם קוק אויף דער תורה, און ווי זי דאַרף ערקלערט ווערן און ווי זי דאַרף אָנגעווענט ווערן, — נעמט, צו פ ע ר צ י ג יאָר, און שטייגט־אויף קיין ארץ־ישראל און זעצט זיך אוועק לערנען אין דער ישיבה פון שמעיה און אבטליון, ווי איינער אַן אומבאַמערקטער.

כדי צו עקזיסטירן, ווערט ער א טאַג־לוינער. ארבעט ער א האַלבן טאָג. דאס פאַרדינסט קלעקט אים אויף איבערצוקומען דעם טאָג און אויף צו באַצאָלן דעם טיר־וועכטער פון דער ישיבה, וואו ער האט געלערנט דעם אַנדערן האַלבן טאָג. טרעפט א ווינטער

טאָג, ווען הלל געפינט ניט צו פארדינען, האט ער ניט צו באַצאָלן דעם טיר־וועכטער. לאזט ער אים ניט אריין אין דער ישיבה אריין. קריכט הלל ארויף אויפ׳ן דאך און דורכ׳ן דאך־פענסטער הערט ער צו דאס לערנען. קומט דער שניי און פארשיט אים. ליגט ער איבער נאַכט. ערשט אין דער פרי, ווען דער עולם איז זיך ווידער צונויפגעקומען אין דער ישיבה אריין, און מען האט באמערקט אז עס איז פינסטער און מען איז אַרויף אויפ׳ן דאך זען וואָס דאָס איז, האט מען אים אראפּגענומען און אָפּגעמינטערט.. אָנגעזאפּט מיט תורה, קערט ער זיך ווידער אום אַהיים, קיין בבל, לערנט זי דארט מיט אַנדערע, און נאָכדעם קערט ער זיך ווידער אום קיין ארץ־ישראל — צום ריכטיגן פּלאץ, וואו מען האט די תורה גע־פארשט, די דינים געשאפן און די געזעצן געפארמט. אינגיכן ווערט ער דער נשיא פון סנהדרין און שאפט ערשט רעכט געזעצן פאר אידן. און דאס, פאר די אידן פון דער גאנצער דעמאלסדיגער וועלט. און דאס אין א צייט, ווען דאס אומרעכט האט געהערשט און די מוטוויליקייט פון רוימישע טיראנען האט קיין אָפּהאלט ניט גע־וואוסט.

ווארים דאס רוימישע ווארט: „בעת די שווערד רעדט שווייגט דאָס געזעץ“, האָבן אידן ניט אָנערקענט. פארקערט. בעת די שווערד פון די רוימישע סאַטראַפּן און אָנגעשטעלטע האט פארהילכט די ארץ־ישראל־לופט מיט ווייגעשרייען און די גאסן־שטיינער מיט בלוט געשווינקט, זענען די אידישע חכמים געזעסן און געשליפן געזעצן. געווים, אונטער׳ן איינפלוס פון די געשעענישן, אין הסכם מיט די פאדערונגען פון יענע גרויזאמע צייטן. אָבער ניט בלויז פאר זייערע צייטן האבן זיי געשאפן. שטענדיג האבן זיי געהאט אַן אויסקוק אין דער ווייטער צוקונפט... און די מענשן פון דער ווייטער צוקונפט האָבן שטענדיג געהאַט די מעגלאַכקייט זיך צו איבערצייגן, אז יענע געזעצן — ווי מיר האבן זיי איצט געזאמלט אין דער גמרא — האבן בעסער געזיכערט די אידישע עקזיסטענץ ווי די שווערד איז אימשטאנד געווען צו זיכערן די עקזיסטענץ פון די רוימער...

בא דער גאנצער גענויקייט און קענטשאפט פון הלל'ן אפצו־לערנען און אויסצודרינגען דינים פון די פסוקים אין דער תורה, איז דאך בא אים דער ש ט י י ג ע ר ־ ל ע ב ן פון פאלק דער זיכערסטער קוואל פאר א דין. בא זיין גרויסן אכטן די אידישע קבלה, אדער טראדיציע, בנוגע דעם אדער יענעם אנגענומענעם געזעץ און ווי אזוי דער געזעץ דארף פארשטאנען און אויסגע־טייטשט ווערן, — און הגם די דאזיגע קבלה איז אים א „לייבלאכע טאכטער" פון דער געטלאכער אנטפלעקונג, — איז ער דאך דער ערשטער וואס ערקלערט, אז מען מוז אונטערשיידן פון איין צייט ביז דער אנדער צייט, פון איינע באדינגונגען און אנדערע בא־דינגונגען — ווייל ניט אלע צייטן זענען גלייך, און ניט אלע גע־זעצן זענען אין אלע פארשיידענע צייטן גלייך גילטיג. און מעגן עס אפילו זיין אזוינע געזעצן, וואס שטייען בפירוש אין דער תורה.

א פאר ביישפילן:

לויט דער תורה איז דער דין, אז אויב איינער איז שולדיג דעם אנדערן געלט, און איידער ער האט אים באצאלט איז אונ־טערגעקומען דאס שמיטה־יאר (יעדער זיבעטער יאר איז געווען שמיטה), איז דער חוב פארפאלן: דאס שמיטה־יאר מאכט בטל אלע חובות. זענען אבער געקומען צייטן, ווען די מלוים האבן געמאכט יד־אחת און נאענט צום שמיטה־יאר האבן זיי קיינעם קיין געלט ניט געליען — אויס מורא, טאמער וועט זיך דער חוב פארציען ביז אין שמיטה אריין און וועט בטל ווערן. עס האבן אויך ניט געפעלט קיין מענשן, וואס האבן מיט א כיון פארהאלטן בא זיך פרעמד געלט, כדי דאס שמיטה־יאר זאל זיי פטר'ן באצאלן. דערפון האבן שטארק געליטן ארימעלייט, וואס נויטיגן זיך אין הלוואות; דערפון האט אויך געליטן דער האנדל, וואס קאן ניט אויסקומען אן קרעדיט. איז געקומען הלל און האט איינגעפירט: פאר'ן שמיטה־יאר זאל דער מלוה ערקלערן פאר בית־דין, אז ער פארלאנגט דאס רעכט איינצומאנען דעם און דעם חוב צו יעדער צייט, וואס ער וועט וועלן. און אט די ערקלערונג זאל גענוג זיין, אז דאס שמיטה־יאר זאל דעם חוב ניט בטל מאכן.

אן אנדער ביישפיל:

לויט דעם פסוק פון דער תורה, איז ווען איינער פארקויפט א הויז אין א פעסטונגס־שטאט, האט ער א רעכט דאס הויז צוריק אויסצוקויפן אין משך פון צוועלף חדשים. איז אריבער דער לעצטער טאג פון דעם צוועלפטן חודש און יענער האט דאס הויז נ י ט אויסגעלייזט, איז פארפאלן; בלייבט עס שוין אויף תמיד באם קונה.

האבן זיך געפונען קונים קלוגע מענשן, וואס פלעגן זיך אויס־באהאלטן דעם לעצטן טאג פון דעם צוועלפטן חודש, כדי יענער זאל דאס הויז ניט קאנען אויסלייזן. האט דאס געשאפן פיל אומ־רעכט, געבראכט פיל צער פאר די באדערפטיגע. איז געקומען הלל און האט איינגעפירט:

עס איז ניט נויטיג, אז דער אויסלייזער זאל אומקערן דאס געלט דעם קונה אין האנט אריין. גענוג, אז ער טראגט אריין דאס געלט צו בית־דין און באקומט א קבלה. דערמיט איז דאס הויז אויסגעקויפט — מעג דער קונה אפנעמען זיין געלט ווען ער וויל.

דער מענש האט געזאלט צופאסן זיין שטייגער לעבן צום געזעץ. אבער דאס געזעץ האט אויך געמוזט זיך רעכענען מיט׳ן לעבן. דערפאר איז הלל געווען דער ערשטער צווישן די תנאים, וואס האט אפן ערקלערט, אז אפהיטן די פליכטן צווישן מענש און מענש, דאס איז דער צוועק פון דער רעליגיע, אלץ וואס אויסער דעם, זענען בלויז מיטלען צום צוועק... און קומט־צו א גוי, וואס וויל זיך מגייר זיין, נאר ער וויל וויסן דעם עיקר דערפון, צו וואס דאס אידנטום פארפליכטעט זיינע אנהענגער, ענטפערט אים הלל: „וואס דו האסט פיינט זאלסטו דעם אנדערן ניט טאן, דאס איז די גאנצע תורה“. דער עיקר איז: ליבשאפט צווישן מענשן, אכטונג צום אנדערן און צו דער מיינונג פון דעם אנדערן. און משפט ניט אפ דעם אנדערן, ביז דו געפינסט ניט זיך אויף זיין ארט. פאדער ניט פון דעם צווייטן דאס, וואס ער איז איצט ניט אימשטאנד אויסצופירן, טאמער וועט ער א מ א ל אימשטאנד זיין אויסצו־פירן דאס. לערנען מוז א מענש, און זאל ער דאס ניט אפלייגן אויף

דעמאָלט, ווען ער וועט האָבן לײדיגע צײַט, טאָמער וועט ער קיין־מאָל קיין לײדיגע צײַט ניט האָבן. אָבער אַ גראָבער־יונג, וואָס לערנט ניט, קאָן ניט זײַן קיין פרומער. דער עם־הארץ קאָן ניט זײַן קיין חסיד. און דער גרויסער סוחר איז נאָך ווײַט ניט דער גרויסער חכם. און זאָל ניט אַ מענטש זיך יאָגן נאָך גרויסע פאַרמעגנס. באַנוגענען זאָל ער זיך מיט ווייניק, און זיך באַפרידיגן מיט׳ן הײַנטיגן טאָג. וואָרים „ווער עס מערט אויף זיך פלייש, מערט אויף זיך ווערים; מערט ער גיטער, מערט ער זאָרגן; מערט ער פרויען, מער ער כישוף; מערט ער דינסטן, מערט ער זנות; מערט ער קנעכט, מערט ער גזלה". וואָס ווייניגער אײַנער פאַרמאָגט פון דעם אַלעמען, אַלץ געזינטער. אָבער צו אַסקעטיזם, צו אָפּגעשיידט זײַן פון דער וועלט, קומט עס ניט. וואָרים אויך קעגן זיך אַליין, קעגן זײַן גוף אפילו, האָט דער מענטש פליכטן. עסן אין דער צײַט — איז אַ פליכט. זיך באָדן אין דער צײַט — איז אַ מצוה. „וואָס פאַר אַ מצוה איז עס דען?" — האָבן אים זײַנע תלמידים געפרעגט. און ער האָט גע־ענטפערט: „דער מענטש איז דאָך באַשאַפן אין גאָט׳ס געשטאַלט, ווי זשע זאָל ער די דאָזיגע געשטאַלט ניט ריין האַלטן, ניט ציכטיג האַלטן?" געוויס האָט דער מענטש פליכטן קעגן זיך. ער טאָר זיך אָבער ניט אָפּשיידן פון געזעלשאַפט, און ניט פון די געזעלשאַפט־לאַכע פליכטן. אויב דער מענטש וועט ניט אַליין טאָן פאַר זיך, ווער זאָל דען טאָן פאַר אים? אָבער אויב נ אָ ר פאַר זיך אַליין טאָן און זאָרגן, וואָס איז דען דער אײַנצעלנער מענטש? וואָס איז ער דען ווערט אַליין, פאַר זיך גענומען, וואָס קאָן ער דען דערגרייכן מיט אייגענע קרעפטן בלויז?

נאָך פון זײַנע רביים האָט הלל געלערנט: „האָב ליב די מלאכה און האָב פײַנט די פירערשאַפט". אָבער — גיט ער צו פון זיך — דאָרט וואו עס איז אַ מאַנגל אין מענטשן, איז יעדער אײנער מחויב זיך צו באַמיען צו ווערן דער נויטיגער מענטש... ניט שייך דאָ קיין שעמען זיך. ווער עס וויל אַליין עפּעס לערנען, דאַרף ניט זײַן קיין שעמעוודיגער, פּונקט ווי דער, וואָס וויל אַנדערע לערנען, טאָר ניט זײַן קיין האַסטיגער... האָט טאַקע הלל׳ס געלאַסנ־

קיט אלס לערער געהאט א שם. מענשן פלעגן זיך ווענדן צו אים אין געלט: ווער וועט קאנען הלל'ן ארויסברייגגען פון גערולד? דאס איז אבער קיינמאל קיינעם ניט געלונגען. געווים זענען די אלע גוטע מדות הלל'ס די פרוכט פון זיין מאראלישן באוואוסטזיין און פון זיין זיטלאכער דערקענטעניש. עס איז אבער קיין צווייפל ניט, אז דער טעמפעראמענט האט אויך דא וואס צו זאגן. דאס איז צו זען פון זיין שטעלונג צו דער רויב און בלוט־פאליטיק, וואס די רוימער און זייערע אידישע „אנגעשטעלטע" האבן צו יענער צייט געפירט אין ארץ־ישראל. און ניט אזוי הלל אליין, ווי זיין „שולע", וואס האט געלעבט און געווירקט נאך אים. געווים זענען זיי אויך געווען עמפערט פון דער גרויזאמער מוטוויליקייט, רויב און טויט, וואס האט אומבאגרעניצט געהערשט אין לאנד. אבער דאס ברענגט זיי ניט צו אקטועלער געגנערשאפט. אויך דא זענען זיי רואיג און געלאסן און גערולדיג... און דאס לאזט זיך ניט ערקלערן מיט מוח'שן איינזעען אדער ווייטזעען, צי מיט מאראלישן באוואוסטזיין. אין אזוינע אומשטענדן האט דער טעמפעראמענט דאס ערשטע ווארט. און דאס זעען מיר אויך בא הלל'ס חבר און געגנער ש מ א י.

בעת הלל איז געווען דער ערשטער, דער נשיא אין סנהדרין, האט ער געהאט א פאר (זוג) צו זיך, ש מ א י ' ן. ער איז ניט אפגעשטאנען פון הלל'ן אין לומדות, אין תלמידים־קרייז און אויך אין ווירקונג. נאר אין טעמפעראמענט איז געווען א חילוק צווישן זיי. און דאס האט שוין געבראכט אויך צו חילוקים אין דער ריכטונג פון לערנען און פארשן די תורה און באציאונג צו מענשן.

א שטרענגער רעגאריסט איז שמאי געווען. ניטא קיין נאכגעבן זיך, ניטא קיין נאכגעבן אנדערע. „וואס אנגעשריבן מיט א פעדער, איז ניט אויסצוהאקן מיט א האק". וואס איינמאל אנגעשריבן און אנגענומען, בלייבט הייליג אויף אלע צייטן און פאר אלע אידן. די אלטקייט טראגט הייליקייט מיט זיך. דער שכל, אפילו דער שכל הישר, מוז זיך אונטערגעבן דער הייליקייט, דער טראדיציע. ניטא זיך צו רעכענען מיט שוואכקייטן. שוואכקייט פון א

פּרט, צי אפילו פון פּרטים, איז אַן אויסנאַם. און אויף אַן אויסנאַם קאָן מען ניט בויען קיין רעגעל. געוויס דאַרף מען יעדן מענטשן אָננעמען פריינטלאַך, אָבער ניט לאָזן זיך אויסנוצן אין די הענט פון דעם נאַרן. און קומען צו אים „קרענקס" אדער „נודניקעס", ווי מען רופט זיי דאָ אין אמעריקע, מיט נ י י ן מאָס רייד און מיט ניט־געשטויגענע פראגן, טרייבט ער זיי ארויס. ער דולדעט ניט קיין קאַלטקייט. ער דולדעט ניט קיין גלייכגילטיקייט. ניט קיין פּשרות און ניט קיין לייכטע „היתרים". ניט פאַר זיך און ניט פאַר אנדערע. איז דער דין אזוי און אזוי, מעג ער דאַרפן בערג דורכ־לעבערן, מוז מען אים דערפילן. שטייט אין דער תורה: „אין סוכות זאָלט אין זיצן זיבן טעג" — איז ניטאָ קיין אויסנאַמען. און האָט זיין שנור געבוירן אַ אינגל אום סוכות, רייסט ער אַראָפּ דעם דאַך פון שטוב, איבער דער געווינעריג׳ס בעט, און דעקט אים צו מיט סכך, כדי דער ניי־געבוירענער זאָל זיצן אָדער ליגן אין סוכה... שטייט אין דער תורה: „אין דעם טאג (יום כפּור) זאָלט איר פאַסטן", דאַרף י ע ד ע ר פאַסטן. אַ קליין אינגעלע האָט ער געהאַט, האָט ער אים געצוואונגען צו פאַסטן יום־כפּור.

דער אָנגענומענער אָדער געשריבענער דין לאָזט ניט צו קיין סברות, קיין נייע פּירושים און ניט קיין שום ענדערונגען אָדער מאָדיפיקאַציעס. קיין שום קריטיק איז ניט צו אָנערקענען — סיידן זי שטימט מיט דער טראַדיציע. צ י י ט ן בייטן זיך, אבער דינים קאָנען זיך ניט בייטן. אנדערש וועט דאָך יעדער נייער דור קומען מיט זיין נייער תורה. קומען אָן נייע פאַלן, וואָס זענען פריער ניט פאַר־אויסגעזעען, און מען מוז פּסק׳נען וועגן זיי, געפין אַ ג ל י י כ ן צו זיי אין די אַלטע דינים, דרינג עס אויס, פּלפּול עס אויס, און ווענד זיי אָן אויף די נייע פאַלן. וואו הלל האָט אָנגעווענדט די סברא, האט שמאי אָנגעווענדט די קבלה; וואו הלל איז געווען דער מבלן, איז שמאי געווען דער קפּדן. איז הלל געווען פּאָפּולער, באַ־ליבט און הויך־געאַכטעט ביים פאָלק, און שמאי׳ן האט מען אָפּגע־געבן כבוד, אָבער מען האט מורא געהאַט פאַר אים. נאָר פאַלן זיינען געווען אין אידישן לעבן אין יענער צייט, וואס שטעלן

אוועק שמאי'ן א י ב ע ר אלע זיינע חברים און סנהדרין, אפילו איבער הלל'ן אויך.

עס איז געווען דעמאָלט, ווען הורדוס האט אָנגעהויבן פלאס־טערן פאר זיך דעם וועג צום אידישן טראָן. מיט מענשן־קערפערס האָט ער דעם וועג געפלאַסטערט. טויזנטער, אים אומאנגענעמע, אָדער וואָס וואָלטן אים אפשר שפעטער אַמאָל געקאָנט געפערלאַך זיין, ראַמט ער אָפּ פון וועג. אַ שטורם פון וויינען און קרעכצן ברויזט אויף דאָס לאַנד. הונדערטער און טויזנטער פאַמיליעס גייען אין טרויער געהילט. און דער שאָטן־קעניג הורקנוס זעט זיך גע־צוואונגען צו ערלויבן דעם סנהדרין אָנצוקלאָגן הורדוס'ן פאר'ן געריכט. מען האט אים אָנגעקלאגט. ער איז געקומען. אָבער מיט דער גאַנצער חוצפה, צו וועלכער דער אדומ'שער קנעכט איז פייאיג געווען: אויסגעפּוצט אין גאָלד און אין פורפור, באוואפנט מיט שווערד און מיט דאָלך, באַגלייט פון אַ גרויסער מיליטערישער וואך.

אז ער איז א ז ו י געקומען, איז געפאַלן אן אימה אויף די חברים פון סנהדרין. אלע האבן געשוויגן און אראָפּגעלאָזן די קעפּ צו דער ערד. הורדוס האָט געזען, געשיינט און טריאומפירט: „אָבער זיי ציטערן, די אלטע!"... דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען שמאי און געזאגט פאָלגנדעס:

„חברים, ריכטער, און דו, קעניג! געוויס, ניט איך און ניט איר האָבן אַמאָל געזען, אַז אַן אָנגעקלאָגטער זאָל קומען אין געריכט אריין אויף אַזא אופן. ווער עס איז אַמאָל איינגעלאדן געווארן אין געריכט אלס אָנגעקלאָגטער, פלעגט קומען אן אומרואיגער, א צעשראָקענער, און האָט אויסגעזען ווי איינער, וואָס וויל דער־וועקן רחמנות צו זיך: ניט קיין געקעמטער פלעגט ער קומען, געהילט אין שווארצן. אָבער אונזער פריינט הורדוס, וואס ווערט באשולדיגט אין מאַסן מאָרד, וואס איז איינגעלאדן געווארן ווי א גרויסער פארברעכער, האט זיך אויסגעפּוצט אין פורפור, האט זיך אויסגעקרייזלט די האר ווי פון יום־טוב־וועגן, און געקומען איז ער באַגלייט פון מיליטער — כדי צו לאָזן אונז אַלע אויס'הרג'נען,

אויב מיר וועלן אים געריכטלאך פאר׳משפט׳ן, און ער וועט זיך ראטעווען ניט פאלגנדיג דעם משפט. אבער איך באשולדיג ניט הורדוס׳ן, וועלכער זארגט מער פאר זיין אומבארירלאכקייט ווי פאר דער אומבארירלאכקייט פון געריכט — ווארים איר אליין, דער מלך אויך אין כלל, האט אים ערלויבט, ער זאל זיך אזוי אויפ־פירן. אבער וויסן זאלט איר, אז גאט איז מער תקיף פון אונז אלע. און עס וועט קומען דער טאג, ווען אט דער מאן, וואס איר ווילט אים ריינוואשן אין געריכט, כדי צופרידנצושטעלן הורקנוס׳ן, וועט שטרענג שטראפן אי אייך אי דעם קעניג אונזער׳ן".

לאנגע יארן נאכדעם האט די רעדע שמאי׳ס געקלונגען אין די אויערן פון די וואס האבן זי געהערט, און נאך לענגערע יארן האט זי געקלונגען איבער׳ן לאנד, צוליב דעם אמת וואס איז אין איר אויסגעדריקט, צוליב דער ווייטזיכטיקייט וואס שמאי האט ארויס־געוויזן.

און שפעטער, אז די רוימער האבן אונטערדריקט די אידן אין ארץ־ישראל; אז עס איז אויפגעקומען די פארטיי פון די קנאים, — האט מען אין געזעצן רעאגירט דערויף. זיי זיינען באצייכנט געווען אויף מאכן צו שאנד יעדן אידן, וואס וועט אויסשטרעקן א האנט צו די רוימער, וואס וועט זיי העלפן ביים איינמאנען די שטייערן פון אידן א. ד. ג. מען האט געקוקט אויף די רוימישע העלפער ווי אויף גזלנים, רויבער און רוצחים. אפילו קיין צדקה האט מען פון זיי ניט גענומען. די תלמידים פון הלל (בית הלל) האבן זיך באנוגנט מיט דעם אינדירעקטן קאמף קעגן די רוימער און זייערע מיטלויפער צווישן אידן. אבער די תלמידים פון שמאי (בית שמאי) האבן זיך באטייליגט אין אקטיוון קאמף אינאיינעם מיט די קנאים. דערפאר איז עס צווישן די תלמידים אפט געקומען צו גרויסע מחלוקת׳ן. אפילו צו א האנט־געשלעג איז עס אמאל געקומען צווישן די תלמידים פון די ביידע שולן. דאס געשלעג האט געמאכט אזא שוידערליכן איינדרוק אין פאלק, אז מען האט גע־זאגט: אז יענער טאג, ווען די תלמידים פון בית־שמאי האבן זיך

געשלאָגן מיט די תלמידים פון בית-הלל, איז געווען אזא אומגליק פאר אידן, ווי דער טאָג, ווען אידן האָבן געמאכט דעם עגל...

די בית־שמאי זענען געווען אָפענע געגנער פון דער רעגירונג. דאס געשלעג איז פארגעקומען אין הויז פון חנניה בן חזקיה, וואס זיין זון אליעזר איז געשטאנען בראש פון די קנאים... און די בית־הלל זיינען געווען פאר אונטערגעבן זיך די רוימער, אבי צו ראטעווען דאס פאלק, דאס לאנד און דעם בית־המקדש פון אונ־טערגאנג. דאָס זענען געווען שאַרפע אונטערשיידן, אז עס זאָל צוליב זיי קומען צו העפטיגע צוזאמענשטויסן, מען זאל קוקן איינע אויף די אנדערע ווי אויף שונאים. חלוקי דעות בלויז בנוגע די מע־טאָדן פון פארשן, ערקלערן און פעסטשטעלן די דינים, וואלטן צו אזוינע העפטיקייטן ניט געבראכט. ווארים אין דעם וויכטיגן פרט זיינען זיי נאָר אין פארשיידענע וועגן געגאנגען, מיט פארשיידענע מעטאָדן נאר האבן זיי געאַרבעט, אָבער אלע האבן זיי נאָר איין ציל געהאט פאר זיך:

העלפן איבערפלאנצן די אידן פון דעם פיזישן באָדן, וואס די וועלט־פּאָליטיק האָט געמאכט וואקלען אונטער זייערע פיס, אין א גייסטיגן באדן, וואס קיין וועלט־פאליטיק קאן ניט ברענגען צו וואקלען. און דעם ציל האבן זיי דערגרייכט. מיט זייער הילף האט זיך דאס תורה־אידנטום אזוי איינגעווארצלט אין פאלק און אזוי פארצווייגט, אז זיין אנטוויקלונג אין דעם לעבן פון פאָלק איז גע־זיכערט געווארן אויף צייטן ווען זיי זענען פון זייער לאנד און באָדן אויסגעווארצלט געווארן.

# דער מלך הורדוס

די חשמונאים האבן אויסגעקעמפט פאליטישע פרייהייט און אומאפהענגיגקייט פאר'ן אידישן פאלק. און די חשמונאים זענען עס געווען די, וואס האבן שפעטער די דאזיגע אומאפהענגיקייט אונטערגעגראבן און דאס אידיש פאלק געבראכט צו פארשקלא־פונג. אוים ליבע צום פאלק, האבן זיי מיט דער גרעסטער זעלבסט־אויפאפפערונג פארטריבן פון לאנד די פרעמדע, גריכישע הערשאפט, און אוים ליבע צום רעגירן, צום הערשן, האבן זיי שפעטער מיט דער גרעסטער זעלבסט־אונטערטעניקייט איינגעלאדן אין לאנד אריין די פרעמדע רוימישע הערשאפט. מיט פלאמענדיגן רעליגיעזן פאנאטיזם האבן זיי באקעמפט דעם העלעניזם וואס האט זיך אנ־געהויבן איינווארצלען בא אידן, און זיי אליין האבן נאכדעם ארויסגעבראכט פון זיך מלכים וואס זענען געווען אנהענגער און פאשפרייטער פון העלעניזם אין פאלק. דורך מלחמות און נצחונות האבן זיי פארברייטערט די אידישע טעריטאריע און געצוואונגען אנדערע צו ווערן אידן. און דערמיט גופא האבן זיי אריינגעבראכט אין אידנטום אזוינע עלעמענטן, וואס האבן פון אינעווייניג אויפגע־ריסן די גאנצע אידישע זעלבסטשטענדיקייט.

א י י ן מ ל ך פון דער דינאסטיע חשמונאים (יוחנן הורקנוס) האט איינגענומען דאס קליינע שכנ'ישע לאנד אדום. לויט דער ראסע זיינען די אדומים בלוט־פארוואנדט מיט די אידן. און אז דער זיגער האט זיי געשטעלט אן אולטימאטום: אדער זיך מגייר זיין און ווערן אידן, אדער פארלאזן דאס לאנד, — האבן די אדומים אנגענומען דאס ערשטע: זיי האבן זיך מגייר געווען און אנגעהויבן זיך אויסצומישן מיט די אידן.

צווישן די דאזיגע גרים האט זיך געפונען איינער מיט'ן נאמען א נ ט י פ א ט א ר. א מאן מיט קאלאסאלע פייאיקייטן. א ווייט־זיכטיגער דיפלאמאט. א פארטרעפליכער ראטמאן בא פארוויקלטע

אינטערנאציאָנאַלע סיטואַציעס. אַ העלד אויפ'ן שלאַכטפעלד. אַ פּאַקטישער רעגירער און אַן „אונטערטעניגער דינער" אין די אויגן פון זיין הערשער. און אין זיין הערשער'ס נאָמען מאַכט ער די פּאָליטיק פון לאַנד. אָבער מער ווי אַלץ האָט ער פאַרשטאַנען זיך צו דערווערבן אָנזען און צוטרוי בא די מאַכטהאָבער אין זייער צייט. און מער ווי אַלץ האָט ער שטענדיג אין זינען געהאַט אויס־צונוצן פּאָליטישע קאָניונקטורן צו זיין אייגענעם נוצן און צום נוצן פון זיינע יורשים.

און עס איז געווען אין דער צייט (אַן ערך 64 פ. ק.), ווען דער באַרימטער רוימישער קריגס־פירער פּאַמפּעיוס איז געשטאַנען מיט זיין חיל אין קליין־אַזיע כדי דעם מזרח צוצושניידן אויפ'ן רוימישן פּאַסאַן, איז אין ארץ־ישראל פאָרגעקומען אַ בלוטיגער קאַמף צווישן די צוויי ברידער: הורקנוס דער צווייטער און אַריסטאָבעל דער צוויי־טער, אַרום טראָן. לויט צוואה, האָט הורקנוס, דער עלטערער און שוואַכערער, געזאָלט זיין דער כהן־גדול, און אַריסטאָבעל, דער אינגערער און ענערגישער — דער וועלטלאַכער הערשער. איז אָבער דער אדומיאַנער אַנטיפּאַטאַר געווען דער פּאַרטרווילאַכסטער פריינט בא הורקנוס'ן און אין ז י י נ ע אינטערעסן איז עס געלעגן, אַז דוקא הורקנוס, דער אומפּייאיגער און ווילנס־שוואַכער, זאָל זיין דער איינציגער פולער הערשער אין לאַנד — ווייל דאַן וועט ער, אַנטיפּאַטאַר, זיין דער אמת'ער הערשער. האָט ער הורקנוס'ן גע־העצט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט עס געבראַכט צו אַ קאַמף צווישן די ברידער, און דורך זיי צו אַ בירגער־קריג.

ביידע ברידער האָבן זיך געווענדט צום רוימישן־קריגס־פירער, אַז ער זאָל אַנטשיידן צווישן זיי. ער איז מער גענייגט געווען צום עלטערן ברודער, צו הורקנוס'ן. און אַז די רוימער זענען געקומען צו ירושלים, האָט דער צד פון הורקנוס געעפנט פאַר זיי טיר און טויער. די רוימער האָבן ערקלערט ארץ ישראל פאַר אַ רוימישער פּראָווינץ, הורקנוס'ן פאַר אַ כהן־גדול און איינציגן הערשער, — אָבער אַלס רוימישן וואַסאַל. אַריסטאָבל'ן מיט זיין גאַנצער פאַ־מיליע האָט מען געשמיט אין קייטן און אוועקגעשיקט קיין רוים.

און דאָס לאַנד גופא האָט מען פאַרשמעלערט און פאַרקלענערט ביז אויף די געביטן מיט אַ ריין אידישער באַפעלקערונג. אַלע אַנ־דערע שטעט מיט אַ ניט־אידישער, ס׳רוב גריכישער באַפעלקערונג, האָט מען פאַראייניגט אין איין שטעט־פאַרבאַנד און ערקלערט פאַר אַ באַשטאַנדטייל פון סיריע — וואו די רוימער זיינען איצט געווען די בעלי־בתים. נאָך אַ פאָר ווייטערדיגע פרואוון מצד אַרויסטאָבל׳ס זון צו באַנייען דעם בירגער־קריג וואָס ווערט שנעל און האַרט אונטערדריקט פון די רוימער, זוכט מען דאָס לאַנד נאָך מער אָפּ־צושוואַכן. און דאַן ווערט גאַנץ ארץ ישראל איינגעטיילט אין פינף באַזונדערע שטאַט־געביטן. יעדער געביט מיט זיין באַזונדערן געריכט כדי זיי זאָלן ניט זיין מער אָפּהענגיג פון דעם סנהדרין אין ירושלים, וואָס האָט געגאָלטן ווי דאָס העכסטע געריכט פאַר׳ן גאַנצן לאַנד.

אַזוי איז הורקנוס געווען דער כהן־גדול און דער הערשער. און אַנטיפּאַטאָר — זיין פריינט האָט געהערשט אין ארץ־ישראל. און די רוימער האָט ער געהאָלפן מיט עצות און מיט אָנווייזונגען, ווי אַזוי זיי זאָלן באַפעסטיגן זייער הערשאַפט אין לאַנד און ער האָט געפונען אָנערקענונג בײַ זיי. און דאָס האָט אים געהאָלפן. אָנערקענונג האָט ער געהאַט אי פון׳ם רוימישן קעניג פּאָמפּעיוס, אי פון זיין שונא און נאָכפאָלגער יוליוס צעזאַר. ווארים קוים איז נאָר צעזאַר אַרויף אויפ׳ן טראָן, איז שוין אַנטיפּאַטאָר גע־קומען מיט שטיצע צו די רוימישע אַרמייען וואָס האָבן זיך געפונען אין מזרח, וועלכע האָבן אָנערקענט צעזאַר׳ן פאַר זייער קעניג און באַפעלער. און אויך אַליין טרעט ער אַרויס אויפ׳ן שלאַכטפעלד פאַר די רוימער און באַווייזט דערביי העלדן־מוט און העלדן טאַטן, וואָס מאַכט אים שוין פאַראויס באַליבט און געשעצט בײַ צעזאַר׳ן. און אַז אַנטיפּאַטאָר, איז דאָך הורקנוס אויך. באַשטעטיגט צעזאַר הורקנוס׳ן אין זיין אַמט אַלס כהן־גדול און אַלס וועלטליכער הער־שער. עס ווערט אים ערלויבט אויפצובויען די פעסטונג פון ירושלים; עמק־יזרעאל און גליל קערט מען אום צו די אידן און אויך די האַפנשטאַט יפו. די אידן באַפרייט מען פון שטייערן און ירושלים

פון פרעמדן גארניזאָן. אַנטיפּאטאר באַקומט רוימישע בירגער־רעכט און ווערט באשטימט אַלס ערשטער מיניסטער אין ארץ־ישראל מיט וועמעס מיינונג הורקנוס מוז זיך רעכנען.

איצט האט שוין אַנטיפּאטאר געקאָנט אָנהויבן זארגן אויך פאר זיין משפחה. פיר זין האט ער געהאט: פאזואל, הורדוס, יוסף, פרוירא און אַ טאָכטער שלומית. באַשטימט אַנטי־פּאטאר זיין עלטערן זון, פאזואל, פאַר מיליטער־הויפּט אין ירושלים, און הורדוס׳ן, הגם נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, פאר׳ן הויפּט פון מיליטער אין גליל.

פון דאַנען אָן הויבט זיך אָן הורדוס׳עס אויפשטייגן. זיין הויכער אַמט אין גליל איז בלויז דאָס ערשטע טרעפּל צום טראָן. נאָך פיל טרעפּלאַך האָט ער ארויפצושטייגן. אָבער שוין פון איצט אָן הויבן זיך אָן אנטוויקלען און פאנאנדערוויקלען אלע זיינע אייגנשאפטן וואס זיינען פאר אַ טיראַן כאַראַקטעריסטיש. דער צוג צום גרויסן, קאָלאָסאַלן, וועלט־ און מענש־איבערראַשנדען, צייכנט שטענדיג אויס דעם טיראַן. קיין חילוק ניט אין וואס דאס ווייזט זיך ארויס: אין אויפשטעלן קאָלאָסאַלע בנינים — פּאלאצן, קירכן א. ד. גל. — צונויפזאַמלען גרויסע מלוכות, האלטן גרויסע ארמייען, פירן גרויסע מלחמות אדער גרייכן מיט זיין ווארט אין דער ווייט איבער ימים און לענדער. כדי זיין ציל צו דערגרייכן זיינען אלע שווידעריכע וועגן גלייך, אלע שרעקנס־מיטלען — רעכט. כדי זיין געווינשטע הויך צו דערגרייכן, זיינען אים מענשן־קעפּ צו פעלד־קויל געגליכן, מענשן־לייבער — צו האלץ־קלעצער. ער שטעלט זיך ניט אָפּ פאר קיין אונטערנעמונג, ווי שווער זי זאל אויך זיין, וויפיל בלוט און לעבנס זי זאָל אויך קאָסטן. האַרט און אומ׳ברחמנות׳דיג ביז׳ן אויסערסטן. שטריינג און האפערדיג ביז צום גרעניצלאָזן. אָבער אויך אַ פּחדן, ווען ער בלייבט מיט זיך — ווייל ער שפּירט זיין איינזאמקייט. כדי דעם פארבארגענעם פּחד צו פארדעקן אפילו פאר זיך אליין, איז ער גרויזאם; שטעלט ער זיך ניט אָפּ פאר קיין אכזריות, פאר קיין נידערטרעכטיקייט. און קומט די חרטה, איז זי גרויס ווי די פארברעכנס, טיף ווי דער

תהום און ברענט ווי א גיהנם. און אַט דער גיהנם רופט ארויס געשפּענסטער: אומצוטרוי, חשד, שונאים, שונאים, שונאים — פול זיין סביבה ארום. און גראד אין די גוטע און די פרומע און די טיכטיגע זעט ער זיינע פיינט. גראד אויף זייער פּנים לייענט ער די אומגעדולדיגע דערווארטונג: מ׳זאל אמאָל פון אים פּטור ווערן... זיי גלויבט ער ניט און צו זיי האָט ער קיין צוטרוי ניט. ער גלויבט ניט, ווייל ער קאָן גלויבן בלויז יענע, וואָס באַשטעטיגן זיינע חשדים, וואס מיט זייערע רייד נעהרן זיי זיין אומצוטרוי צו נאָענטע און ווייטע — איז ער דען ניט איבערצייגט, אז ער האט פארדינט זייער האס? און גראד טאקע דערפאר ווערט ער צו זיי נאָך גרויזאמער. און יעדע זיינע גרויזאמע טאַט איז אים בוימל אויפ׳ן פייער, וואס ברענט אין אים. ער איז חושד, אָבער חשד איז ניט זיכערקייט, נאָר צווייפל: אפשר יאָ און אפשר ניין? ער וויל אָבער ארויסבאַקומען זיכערקייט, און קאָן זיך פון צווייפל ניט ארויסבאַקומען. ווערט ער אריינגעדרייט אין א געוועב פון אינטריגעס געגן אַלעמען — דאס זאל אים גערעכט מאכן אין זיינע בייזע האנדלונגען. ער ווערט אָבער דערשטיקט פון כעס אויף די מענשן ארום, וואָס בלייבן פאַר אים א סוד, אַן אומבאַוואוסטעס — אפילו ווען זיי זאגן אים דעם אמת, אפילו ווען זיי זענען מיט אים אויפריכטיג. וואָרים גראד יענעמ׳ס חשד איז אים צווייפל, יענעמ׳ס אויפריכטיקייט —חשד... און וואס טיפער אין יארן, אלץ טיפער דער תהום פון חרטה, פון חשד, פון אומצוטרוי, אלץ גרעסער און פולווערטיגער די דערלייזונג, וואס דער טויט ברענגט דעם טיראַן.

דאס איז דער וועג פון יעדן טיראן, דאס איז אויך דער וועג פון אונזער טיראן, פון הורדוס׳ן.

שוין פון זיין ערשטן שריט אָן האט ער אין אויג דעם העכסטן שטאפּל פון דעם הערשער־לייטער. און הויבט אָן זיך פריי צו מאַכן דעם וועג צום טראָן. א גרופּע פּאטריאָטן, יונגעלייט, האָבן זיך געפונען אין גליל וואס זיינען געווען אומצופרידן מיט׳ן אונטער־

געבן זיך די רוימער. זיי האבן געשטרעבט צו פרייהייט און גרייט געוועזן זיך מוסר נפש צו זיין פאר איר. אלע זענען זיי געוועזן יונגע, מוטיגע, אונטער דער אנפירונג פון יחזקיהו הגלילי. הגם זיי האבן אפילו קיין געווער ניט געהאט און זיך נאך פארהאלטן רואיג, האט אבער הורדוס פאראויסגעזען, אז פון זיי קאן אמאל אויסוואקסן א שטארקער שטער פאר אים ביים אויספירן זיינע הערשערישע שטרעבונגען. האט ער די גאנצע גרופע פאטריאטן ערקלערט פאר ר ו י ב ע ר, זיי און אלע זייערע אנהענגער און אנערקענער, און האט זיי אלע אומגעבראכט. און האט דאס אפגעטאן אן א געריכט, אן אן ערלויבעניש פון א וועלכער עס איז העכערער מאכט. די רוימער זיינען צופרידן געוועזן דערמיט. אבער צווישן אידן איז געווארן א טומל. אזא מאסן־מארד אין פרידנסצייט, אן א געריכט און אן א „פארוואס" האט אנגעווארפן אן אימה אויפ'ן פאלק. מ'האט זיך באקלאגט פאר הורקנוס'ן, מ'האט געוויינט דארויף אין בית־המקדש, און הורקנוס האט געמוזט מסכים זיין מ'זאל הורדוס'ן רופן צום דין. און ער איז אויך געקומען. אבער ו ו י א ז ו י איז ער געקומען? אויסגעפוצט אין גאלד און אין פורפור און מיט א לייב־וואך וואס ביים ערשטן וואונק וואלט זי אומגעבראכט דעם גאנצן סנהדרין... דערצו האט דער רוימישער אויבערהערשער אין סיריע געשריבן צו הורקנוס'ן און אים געווארנט, אז מ'זאל אקארשט הורדוס'ן ניט פאר'משפט'ן צום טויט. אז הורקנוס האט אבער געזען, אז דער סנהדרין וועט אים משפט'ן ווי א מאסן־מערדער, און וועט אים געוויס פאר'משפט'ן צום טויט, האט ער געבעטן דעם סנהדרין אפצולייגן דעם פסק־דין ביז אויפ'ן אנדערן טאג, און הורדוס'ן האט ער געראטן צו אנטלויפן. הורדוס האט געפאלגט. אבער אינגיכן קערט ער זיך אום צוריק קיין ירושלים מיט א גרויס חיל, גרייט א ר א פ צ ו ז ע צ ן הורקנוס'ן און זיך אפרעכענען מיט'ן סנהדרין. אבער זיין פאטער, אנטיפאטאר, וואס האט געהאלטן, אז די צייט איז נאך ניט גינסטיג פאר אזא אונטערנעמונג, רעדט אים אפ דערפון, און הורדוס קערט זיך אום צוריק אין גליל. אבער גאר אין גיכן באקומען די אידן ווידער

אים צו פילן. יוליוס צעזאר איז פלוצלינג גע׳הרג׳עט געווארן. אייי־נער פון זיינע מערדער, קאסיוס, פארכאפט סיריע און אנטיפאטאר און הורדוס איילן זיך צו באווייזן טריישאפט דעם נייעם הערשער. און ער לייגט ארויף אויף ארץ ישראל א קאנטריבוציע פון 700 ככר זילבער, אן אומגעהויערע סומע פאר אזא קליין לאנד וואס זינט צענדליגער יארן האבן די רוימישע הערשער ניט אויפגעהערט דאס אויסצוזויגן. אנטיפאטאר און זיינע זין נעמען זיך אונטער איינצומאנען די קאנטריבוציע און הורדוס איז געווען דער ערשטער וואס האט זיין חלק אויסגעפרעסט פון גליל און געבראכט צו קאסיוס׳ן. דערמיט האט ער, נאטירליך, נושא חן געווען ביים רוי־מישן הערשער. און אין צוויי יאר ארום, אז אנטאניוס, א שונא פון קאסיוס, האט ער געצוואונגען קאסיוס׳ן צו פארלאזן זיין פלאץ און ע ר איז געווארן דער הערשער איבער אזיע, איז הורדוס גע־ווען דער ערשטער וואס האט אים געשווארן טרייהייט און אים געבראכט רייכע מתנות כיד המלך. קיין שום אידישע דעלעגאציע, אפילו ניט הורקנוס, וואס זענען געגאנגען צו אנטאניוס׳ן זיך בא־קלאגן אויף די צוויי ברידער (אנטיפאטאר איז אונטערדעסן פלוצלינג געשטארבן), האבן קיין ערפאלג ניט געהאט. עס איז גע־קומען אזוי ווייט, אז א אידישע דעלעגאציע פון טויזנט מאן וואס איז געקומען זיך באקלאגן אויף הורדוס׳ן, האט אנטאניוס געהייסן אויס׳הרג׳נען. און די צוויי ברידער באשטימט ער פאר נציבים אין לאנד. איצט האט הורדוס התונה מיט הורקנוס׳עס אייניקל, מ ר י ם. ער גלויבט, אז מיט א פרוי פון קעניגלאכן בלוט וועט אים גרינגער זיין צוצוקומען צום טראן פון ארץ־ישראל און הורקנוס וואלט אים דערין קיין שטער ניט געווען; אים האט ער צו יעדער צייט געקאנט אראפזעצן פון טראן...

איז אים אבער אנטקעגן געקומען דער לעצטער פון די חשמונאים: א נ ט י ג נ ו ס. דורך אייגענער, אידישער און געדונגענער פרעמדער הילף, געלינגט עס אים צו צווינגען הורקנוס׳ן ער זאל פארלאזן ירושלים. ער מאכט אים א מום אין אויער, כדי ער זאל מער קיינמאל ניט קאנען זיין קיין כהן־גדול און לאזט אים פאר־

שיקן קיין בבל; הורדוס'עס ברודער, פאזואל, דער נציב פון יהודה, באגייט זעלבסטמאָרד. הורדוס באהאלט אלע זיינע נאָענטע און אליין אנטלויפט ער קיין רוים נאָך הילף. און אַנטיגנוס, געשטיצט אויף דער סימפּאטיע פון פאָלק, אויף דער ירושלים'ער אריסטאָ־קראטיע און אויפ'ן רוב פון דעם סנהדרין, קומט צו צום טראָן אויף וועלכן ער בלייבט אויך גאנצע דריי יאר. ניט זיינע פּערזענ־ליכע מעלות האט ער געהאט צו פאַרדאַנקען זיין גליק, נאָר דעם האס צו די רוימער, וואס דאס אידישע פאלק האט געטראגן אין הארצן. אָבער דאָס אַלץ נוצט ניט פיל די אידן. עס נוצט אויך ניט דער דינאסטיע חשמונאים. אין רוים איז הורדוס פּראָקלאַמירט געווארן פאר א קעניג איבער ארץ ישראל. דארט האט מען אים אויסגעשטאט מיט געלט, מיט חיל און אין א קורצע צייט ארום הויבט ער אָן איינצונעמען א שטאט נאָך א שטאט אין יהודה ווי אין גליל און אין א יאר ארום (אָן ערך 39 פ. ק.) הויבט ער אָן צו באלאגערן די הויפטשטאט: ירושלים. אינגיכן מוז ער אָבער די באלאגערונג אראָפּנעמען — ווייל זיינע נצחונות אין לאנד זיינען ניט געווען זיכער. דאס פאלק איז אומעטום געווען איבער־געגעבן דעם לעצטן קעניג פונ'ם הויז חשמונאי. הורדוס מיט זיינע רוימישע חילות האבן געליטן א מפּלה נאָך א מפּלה. די אידישע פּאטריאָטן האבן באוויזן וואונדערבארע העלדנטאטן. גאנצע צוויי יאָר האָט געדויערט דער בלוטיגער קריג און דאָס פאָלק האָט אויף קיין פאל ניט געוואָלט אָנערקענען הורדוס'ן פאַר א מלך. טריט פאר טריט האט הורדוס געמוזט איינגעמען דאס לאנד, שטיין פאר שטיין האט ער געמוזט איינגעמען ירושלים. אָבער אין יאר 37 פ. ק. איז ער פארטיג מיט זיין „נצחון" און ווערט געוואלד־קעניג איבער ארץ־ישראל. אנטיגנוס'ן שיקט מען אוועק קיין אנטיוכיה, צו אַנטאָניוס'ן. און יענער לאָזט אים הרג'ענען מיט א האק־מעסער, כדי אזוי ארום אים מבזה זיין — אפשר וועט עס ווירקן אויפ'ן פאָלק, זיי זאָלן אויפהערן הענגען אָן די חשמונאים און אנערקענען הורדוס'ן. אָבער אומזיסט. דאס פאלק האט דעם ארויפ־געצוואונגענעם קעניג פיינט ביז'ן לעצטן טאג פון זיין בלוטיג לעבן.

שוין זיין „נצחון" איבער ירושלים און דער רויב פון ירושלים נ אָ כ ' ן נצחון, האבן פארגאסן די שטאט מיט בלוט אזוי ווייט, אז אפילו הורדוס אליין האט געפרעגט די רוימישע אפיצערן: צי זענען זיי ניט אויסן צו באפעסטיגן זיין טראן אויף חורבות אין א וויסטן מדבר?!... און קוים איז ער געווען הערשער האט ער אנגעהויבן זיך אפּצורעכענען מיט'ן סנהדרין וואס האט אים אין דער יוגנד געוואלט משפט'ן. א סך פון די מיטגלידער פון סנהדרין לאזט ער הרג'נען. און אויף זייער אָרט באשטימט ער קליינע נפשות וואס ער איז זיכער, אז זיי וועלן אים זיין אונטערגעווארפן. אזוי באשטימט ער אויך פאר א כהן־גדול א „קליין מענשעלע," אן אומבאקאנטן, ווייל ער איז זיכער געווען אין זיין אונטערטעניקייט צו אים. און דאס אייגענע איז אויך מיט אלע אנדערע באאמטע: ניט פייאיגייטן האבן איינעם דערהויבן צו א רעגירונגס־אמט, נאָר הכנעה און חניפה וואס איינער האט הורדוס'ן ארויס־געוויזן, האבן אים געמאכט אמט־פייאיג. דער טראן ווערט ארומ־גערינגלט מיט שפּיאָנען. ער ברייננגט אריין א גארניזאן פון דריי טויזנט א ד ו מ י ם זיי זאלן אים דינען געגן די אידן. זיין קאנצ־לער איז דער באוואוסטער אנטיסעמיט: ניקאלאוס פון דמשק — אלץ ווערקצייג צום קאמף מיט דעם פאלק וואס ער האט אזוי געשטרעבט זיין קעניג צו זיין, און דאס פאלק רופט אים ניט אנדערש ווי: דער „אדומ'שער קנעכט". די רוימער האָבן געמעגט זען אין אים דעם מאן מיט דער „שטארקער האנט". אָבער די אידן איז די שטארקע האנט געווען א קללה. זי האט אים געדינט בלויז צום מארד און צום אויסראטן. אָט האט ער געהאט א יונגן שוואגער, זיין פרוי'ס אַ ברודער, וואס האט רעכט געהאט צו זיין א כהן־גדול. זיין שוויגער און זיין פרוי צוליב באשטימט ער אים אויף דעם הויכן פאסטן. עס קומט סוכות פון יאר 35 פ. ק. אין בית המקדש גייט אָן די עבודה. דער שיינער יונגער כהן גדול פון די חשמונאים אין די רייכע „בגדי כהונה" באגייסטערט דאָס פאָלק און דורך שטורמישע אויפרופן דריקט דאָס פאָלק אויס זיינע פאטריאָטישע געפילן און זיין אָנהייגליכקייט אָן די חשמונאים. הורדוס קאָן

דאס ניט אריבערטראגן. אין גיכן לאזט ער דעם יונגן כהן־גדול דערטרינקען. דער פאקט האט אויפגערודערט דאס גאנצע פאלק. עס איז אויך אָנגעקומען צו אַנטאניוס׳ן, וואס האט זיך דאן גע־פונען אין מצרים, און ער האט ארויסגעפאדערט הורדוס׳ן צום געריכט וועגן דעם קלאנג וואס איז פאראן געגן אים, אז ער האט געלאָזט דערטרינקען דעם כהן גדול. הורדוס מוז פאָלגן. פאר׳ן אָפּפאָרן גיט ער איבער די מלוכה אין דער האנט פון זיין שוועס־טער׳ס מאַן, און אַ דעקרעט לאָזט ער אים איבער, אז אויב ער וועט זיך ניט אומקערן צוריק, זאל מען זיין פרוי, מרים, לאזן טויטן.

פון געריכט האט זיך הורדוס אויסגעקויפט מיט רייכע מתנות. אָבער קומענדיג צוריק האָט ער ערפאַרן, אַז אין זיין אָפּוועזנהייט האט זיך זיין פרוי און שוויגער צוגעגרייט צו אנטלויפן פון לאנד; אז זיין שוואגער, יוסף, האט אויסגעזאגט מרימ׳ען וועגן דעם דע־קרעט וואס הורדוס האט איבערגעלאזט פאר זיין אַוועקפארן, אז אויב ער וועט זיך ניט אומקערן זאל מען זי הרג׳נען; זיין שוועסטער שלומית, האט אים אונטערגעהעצט געגן זיין פרוי, דערציילנדיג אים, אז מרים איז פארליבט אין א י ר, שלומית׳עס, מאַן, יוסף. הורדוס האט אָנגעהויבן שפּירן פארראט. אים האט זיך געדאכט, אַז דער אַלטער הורקנוס, זיין פרוי׳ס זיידע, וואָס האָט זיך געהאַט אומגעקערט פון בבל קיין ירושלים, פירט אָן אַ קאמפּלאט געגן אים און ער לאָזט הורקנוס׳ן הרג׳נען.

דערווייל איז אנשטאט אנטאניוס׳ן, אָקטאַוויאַנוס־אויגוסטוס געוואָרן קעניג פון דער רוימישער אימפעריע, און הורדוס איילט זיך צו ברענגען זיין אונטערטעניקייט צום נייעם קייסער. פאר׳ן אוועקפארן לאזט ער זיין פרוי און זיין שוויגער איינשפּארן אין אַ פעסטונג. די מלוכה גיט ער איבער צו זיין ברודער פ ר ו י ר א. און אַ דעקרעט לאָזט ער איבער, אויב ער קערט זיך ניט אום, זאָל מען די ביידע פרויען הרג׳נען.

אבער אויך דער נייער רוימישער קייסער זעט איין, אז קיין בעסערן „טרייען קנעכט" וועט ער פאר זיך אין מזרח ניט געפינען. באשטעטיגט ער אים זיין מלוכה. קערט אים אויך אום די האלב־

גריכישע פראווינצן וואס פאמפעאוס האט געהאט אפגענומען בא איִם. און ער קערט זיך אום אהיים א צופרידענער. אָבער אומצו־פרידן מיט זיין אומקערען זיך איז זיין פרוי, מרים. זיין צוויי־מאליגער באפעל זי צו הרג'נען האָט זי שטאַרק אויפגעבראכט געגן הורדוס'ן און זי האט ניט געוואלט מיט אים מער שלום מאכן. דעם קריג צווישן מאן און ווייב האָבן אויסגענוצט אינטריגאַנטען, דערהויפּט זיין שוועסטער שלומית, וואס האט פיינט געהאט די ש ט א ל צ ע חשמונאירן. האט מען צו הורדוס'ן אונטערגעשיקט א מסירה, אז מרים האט געוואלט אונטערקויפן דעם „שר המשקים,“ אז ער זאָל הורדוס'ן פאַר'סמ'ען. דער „פאמיליען־געריכט“, וואָס ער האָט איינגערופען פאַר מרים'ען, האָט געפונען, אַז זי איז באַגאַנגען די אלע פארברעכנס אין וועלכע הורדוס באשולדיגט זי און עס קומט איר טויט־שטראף. און הורדוס לאזט זי הרג'נען. אין גיכן לאזט ער אויך הרג'נען זיין שוויגער, מרים'ס מוטער. און אפילו די וויטסטע קרובים פון די חשמונאים לאָזט ער אומברענגען. דאָס אייגענע טוט ער אויך מיט אלע וואס זיינען געשטאנען אין פריינד־ליכע באציאונגען מיט די וואס האבן געשטאמט פון די חשמונאים. געבליבן זענען נאָר די צוויי זין, וואָס הורדוס האָט געהאט מיט מרים'ען, אין וועלכע עס האָט נאָך געפליסט חשמונאיש בלוט און וועלכע ער האט באלד נאָך זייער מוטער'ס טויט אוועקגעשיקט קיין רוים זיי דערציען, וואו זיי זיינען געבליבן גאַנצע פינף יאר. אז זיי זיינען געקומען צוריק האט דאס פאלק זיך געפרייט מיט זיי, ווייל שוין מיט זייער אויסערלאכן אויסזען האָבן זיי דערמאָנט זייער מיוחס'דיגע חשמונאישע אָפּשטאַמונג. און אויך די יונגע־לייט זיינען שטאלץ געווען בא זיך, און האבן פיינט געהאט דעם פאטער דערפאר וואס ער האט גע'הרג'עט דעם זיידן, די מוטער און דעם יונגן פעטער זייערן, דעם כהן־גדול. זיי האבן אויך געהאט צוטרוי צו מענשן פאר וועלכע זיי האבן אויפגעדעקט זייערע געפילן. די מענשן זיינען ניט אלע מאָל געווען די געהעריגע. עס איז געקו־מען צו רכילות, צו לשון הרע, צו אינטריגעס, דערהויפט מצד יענע פון הורדוס'עס פאמיליע, וואס האבן נ י ט געשטאמט פון קע־

ניגליכן יחוס, און בראש פון זיי אלע, זיין עלטסטער זון אנטי־פאטאר. די סכסוכים און די אינטריגעס האבן סוף כל סוף גע־בראכט דערצו, אז הורדוס האט געלאזט הרג'נען אלע ד ר י י זיין זיינע אינאיינעם מיט זייערע פריינט און באקאנטע און ווער עס האט נאר געהאט א מגע ומשא מיט זיי.

אזוי האט ער עס אפגעקעניגט זיבן און צוואנציג יאר. און דער סך הכל: די דינאסטיע חשמונאים האט ער אויסגעראטט; דעם ווערט און די ווירדע פונ'ם סנהדרין האט ער געמאכט צונישט; די כהונה־גדולה האט ער פארשוועכט און אנגעטרויט לויט זיין ווילקיר; די געזעצן פון דער תורה האט ער כלומר'שט מיטגעמאכט, אבער ניט ליב געהאט. און טאמער האט ער דעם בית־המקדש איבערגעבויט און געמאכט פון אים א פראכט־בנין, האט ער עס געטאן אויס לוסט צו שיינע בנינים. אפילו דער גרויסארטיגער האפן פון קיסריה האט אויך ניט געהאט אין זיך גארניט אזוינס, וואס זאל באגייסטערן די אידן — ווייל דערהויפט האט דער האפן גע־דינט צום נאך פרייערן אריינברענגען דעם העלעניזם קיין ארץ ישראל, ווי דאס איז פריער געווען. האט דאך הורדוס אזוי אויך געשטיצט די גריכישע קולטור אין די אלימפיאדישע שפילן וואס ער האט איינגעפירט אפילו אין ירושלים. און פיל גריכישע שטעט האט ער באררייכערט מיט גרויסע טעמפלען און רייכע פאלאצן, כדי זיך א נאמען צו מאכן און כדי צו געפעלן די רוימער.

כדי צו ג ע פ ע ל ן די ר ו י מ ע ר — דאס איז געווען די אקס, ארום וועלכער זיין גאנצע פאליטיק האט זיך געדרייט. דערפאר האט ער אויך נאר געוואלט דאס א י ד י ש ע אריינפאסן אינ'ם רוימישן. דערפאר האט ער אויך דעם רוימישן אדלער אויס־געהאנגען איבער'ן טויער פון בית־המקדש, דאס אידישע פאלק איז אבער דערויף ניט איינגעגאנגען.

און זיין לעצטער באפעל:

פינף טעג נאכדעם, ווי ער האט גע'הרג'עט זיין בכור אנטי־פאטאר, איז ער אליין, הורדוס, געשטארבן. אבער פאר זיין טויט האט ער געהייסן צונויפנעמען אלע חשוב'ע מענשן פון גאנצן לאנד

און זיי איינשפּארן אין היפּאדראם. און צו זיין שוועסטער האט ער געזאגט:

„איך ווייס, אז דער טאג פון מיין טויט וועט זיין אַ גרויסער יום־טוב ביי אידן. איך קאן אים אָבער מאַכן פאר אַ טאג פון טרויער — אויב דו וועסט מיך פאלגן. באַלד ווי איך וועל שטאַרבן, לאז הרג׳נען די אַלע מענשן וואס זיינען פאשפארט אין היפּאָדראָם דאן וועט שוין דאס פאלק וויינען נאָך מיר ווייענדיג״...

ער איז באַלד געשטאָרבן (4 פ. ק.) אָבער זיין לעצטער באפעל איז נים אויסגעפירט געווארן.

# יעזוס קריסטוס

שווערע צייטן. דער רוימישער יאָך דריקט שווער אויפ'ן נאַקן פון אידישן פאלק. אָפט ברעכן אויס גרעסערע אָדער קלענערע אויפ־שטאַנדן אין פארשיידענע ערטער פון לאנד. די אויפשטאַנדן ווערן דערטרונקען אין בלוט. שפּיאָנען און מוסרים האבן צו זאגן וועגן לעבן און טויט פונ'ם ערשטן בעסטן בירגער אין לאנד. אַלץ איז אונטערדריקט. דערשראָקן. פארהעצט און פאריאגט. און דערצו דער דלות! דער אומאויפהערליכער „קריגס־צושטאַנד" מאַכט חרוב דאס לאנד. פעלדער ווערן פארוויסט. הייזער ווערן פארברענט. גאַנצע פאַרמעגנס ווערן קאָנפיסקירט פאר פאָליטישע זינד, אָדער ווערן אָפּגענומען פאר אומערטרעגליכע שטייערן, וואס מ'האט אויפ'ן פאָלק ארויפגעלייגט. די שטייערן און דער פּשוט'ער רויב פון די רוימישע סאלדאטן דריקט אויף דער שטאטישער ווי אויף דער דארפישער באפעלקערונג אין לאנד. שאַפט אומצופרידנקייט. ברענגט די שטאַרקע — צום אויפברויז, צום באַוואפנען זיך מיט שפּיז און שווערט געגן דעם רוימישן און הורדוס'ישן יאָך. די שוואַכערע — פאררוקן זיך וואָס ווייטער פון ברייטן לעבנס־וועג. צוימען זיך אָפּ פון פּאָליטישן לעבן און זוכן טרייסט און באַפרי־דיגונג אין תורה לערנען, מצוות טאָן און אין שטילן, באַשיידענעם האָפן, אַז גאָט וועט זיך דערבאַרימען און פריער אָדער שפּעטער אויסלייזן זיין ליב פאלק ישראל. און דאס ברייטע פאלק, דאס דער־שלאָגענע און פאראָרימטע און פאַרוואָרלאָזטע, נערט זיך מיט די גוטע רייד און פאנטאסטישע פארשטעלונגען פון די וואנדערדיגע, אָדער פעסטגעזעצטע „הייליגע", וואָס מערן זיך אין לאנד צו יענער צייט. די לעצטע וויסן צו דערציילן פון הימלישע זעאונגען, וואס זאגן־אָן גוטס אויף דער וועלט — אָן יעדער פיזישער אָנשטרענ־גונג מצד דעם מענטשן; פון מלאכים, וואס באַווייזן זיך צווישן מענטשן און פון מענטשן, וואס באווייזן מופתים, ווי מלאכים; פון א

גאָטס־געזאַלבטן (משיח), וואָס וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף דר'ערד, און פון אַ הימליש־קעניגרייך, וואָס ער וועט גרינדן — וואו דער קלענער מענש וועט גרויס ווערן, דער נידעריקער וועט דערהויבן ווערן און דער אָרימער וועט געאַכפּערט ווערן...

און אָט קומט עס! געשעט עס! עס איז שוין באַם שוועל!

אַזאַ מין צושטאַנד מאַכט געוועלטיגן די פאַנטאַזיע איבער'ן שכל, די איינבילדונג איבער'ן איינזען, שרויפט־אויף די נערוון, שטייגערט דעם עקסטאַז און די היסטעריקע ווערט אַ מאַסן־עפּי־דעמיע. דערהויפּט צווישן ניט געניג ענטוויקלטע, ניט געניג שטאַרקע און גייסטיג ניט זעלבסטשטענדיגע. און געזוכט און דערהויבן ווערן די „זעער" און די אָנזאָגער. באַווייזט זיך איינער — און גאַנצע שאַרן פאָלגן אים נאָך, היטן זיינע טריט, און שלינגען זיינע ווערטער. און אַז די אַטמאָספערע איז גינסטיג — באַווייזן זיי זיך, אַזוינע זעער און אָנזאָגער, אַלץ אָפטער און אָפטער, און דאָס פּשוט'ע פאָלק, דערהויפּט דאָס דערשלאָגענע און גייסטיג־אָרימע פאָלק, פאַרגעטערט זיי.

אין דער צייט, אין אַזאַ אַטמאָספערע באַווייזט זיך אין אַ פישער־דערפל, כפר נחום, ביים ים כנרת, אַ יונגערמאַן מיט'ן נאָמען יש ו־ב ן־י ו ס ף, און הויבט אָן צו ווייזן מופתים: ער היילט היסטערישע. באַרואיגט נערוועזע. עס ווערט משיקאַווע. שבת קומט ער אין שול אריין, האַלט אַ דרשה, כמעט אַ פּרושימשע. כ מ ע ט — אָבער דאָך עפּעס אַנדערש. ער רעדט מער אין אייגענעם נאָמען, ווי אין נאָמען פון די פסוקים אין דער תורה, אָדער אין נאָמען פון די חכמים. און די זאַצן שיין געטאָקט. די אַפאָריזמען גוט געפיילט. די משלים — קורץ און טרעפנד און אָנגעשטעלט דערהויפּט געגן די יעניגע, וואָס דאָס פאָלק האָסט — ווי די אונטערדריקער, אָדער רייכע — אָדער, וואָס דאָס גראָבע, עם'הארצ'ישע פאָלק פון גליל (כפר נחום איז אין גליל) האָט ניט ליב — ווי, למשל, די „לומדים" און „תלמידי־חכמים", וואָס גרויסן זיך מיט זייער קענטשאַפט און מיט זייערע תרי"ג מצוות און מיט זייער פרומקייט...

ס'איז דעם עולם געפעלן געוועז. די פישער ווארפן אוועק זייערע נעצן, זייערע ווייבער און זייערע קינדער און זאמלען זיך ארום דעם יונגענמאן. די היציגערע, פאנטאסטישער געשטימטע און עקזאלטירטע, אנערקענען זיך פאר זיינע תלמידים. פאר זיי בלייבט ער ניט בלויז א בעל־מופת, נאר ער ווערט אויך א רבי. אליין רופט ער זיך „מענטשן־זון" — ווי מ'האט גערופן דעם מ ש י ח ' ן, אויף וועלכן מ'האט געווארט, אבער די תלמידים כאפן נאך ניט דעם וואונק.

וואקסט דער אינטערעס ארום אים. הויבט מען זיך אן נאכפרעגן: ווער, און פון וואנען און וואס איז ער אויסן? ווערט מען געוואויר, אז ער איז אן אייגענער: שטאמט אויך פון גליל, פון נצרת. זיין פאטער — א סטאליאר; אז ישו האט אויך געלערנט דיזעלבע מלאכה, און דערצו אויך תורה.

און נאך ווערט מען געוואויר, אז ישו האט זיך געזען מיט'ן מערקווירדיגן מאן, מיט'ן נאמען: יוחנן דער ט ו ב ' ל ע ר, און זיך געלאזט טובל'ן פון אים; אז די טבילה, דאס איז ביי אים א מין מגייר זיין. צו דער טבילה דארף מען אויך נאך פיל תשובה טאן, פיל מעשים טובים טאן, און דאס אלץ וועט ברענגען דערצו, אז משיח זאל קומען און זאל גרינדן די הימעלשע מלוכה אויף דער ערד... אז דער דאזיגער יוחנן האלט זיך פאר אליהו הנביא, וועלכער האט צוצוגרייטן די מענטשן, מקבל פנים זיין משיח'ן...

בינו־לבינו גיט איינער דעם אנדערן איבער די רייד און די אפאריזמען, וואס זיי האבן געהערט אין יוחנן'ס נאמען, בנוגע משיח'ס־צייטן:

ווער עס האט צוויי העמדער, זאל ער איינע אוועקגעבן דעם, וואס האט גארניט. ווער עס האט אויף צוויי מאל צום עסן, זאל ער איין מאל אוועקגעבן דעם, וואס האט גארניט צו עסן א. ד. ג.

זוכט מען און מען געפינט ענליכקייט צווישן יוחנן'ס רייד און צווישן די רייד פון ישו. און אז יוחנן ווערט ארעסטירט און שטארבט אין געפענגעניש, הויבט מען אן קוקן אויף ישו'ן, ווי אויף יוחנן'ען ער ווערט פארהייליגט, און זיי ווייסן ניט, די אלע

גריבלער, אז ישו אליין האלט זיך ווייט ה ע כ ע ר פון יוחנן. ווארים אויב יוחנן איז געווען דער אָ נ ז אָ ג ע ר פון משיח'ן, איז ישו — משיח. אַזוי האט ער עס דערפילט אין דעם מאמענט פון רעליגיעזן עקסטאז, בעת יוחנן האט אים גע'טובל'ט אין ירדן. אָבער ניט קיין פּ אָ ל י ט י ש ע ר משיח, וואס זאל מלחמה האלטן מיט די רוימער און מיט דער הילף פון'ם שווערט באפרייען דאס אידישע פאלק, נאָר אַ ג י י ס ט י ג ע ר משיח. ער וועט איינגעבן דעם פאלק, אז משיח גייט, אז ער קלאַפּט שוין אָן טיר. נאָר תשובה דאַרף מען טאָן. נאָר פרום דאַרף מען זיין. גלויבן, ש ט א ר ק גלויבן אָן משיח'ן און אן זיין קומען־זיין דאַרף מען. און דער נצחון און די דערלייזונג וועט קומען. אָבער א ו י ס־ז אָ ג ן, אז ער איז משיח, טוט ער נאָך ניט.

און באלד ווערט פון דער שוואכקייט א טוגענד. ע ר ק ע ן נ י ט ז י י ן קיין פּאליטישער משיח, און דאן קומען אלע ראיות, אז מ ' ד א ר ף ג א ר נ י ט קיין פּאליטישן משיח. גייסטיגע פרייהייט איז פיל וויכטיגער ווי פּאליטישע. און גייסטיגע פרייהייט האט יעדערער. קיין שום פּרעמדע הערשאַפט קאָן ניט שטערן דעם איינצעלנעם, זיך רעליגיעז־זיטליך צו פארפולקאָמען. און דאס איז דאָך דאס איינציג־וויכטיגע, וואס דער מענש האט נויטיג, כדי זוכה צו זיין צו בירגערשאַפט אין יענער הימעלשער מלוכה, וואָס משיח וועט שאַפן אויף דר'ערד. דערפאַר איז וואויל צו די פרומע, וואָס גיבן זיך אונטער זייער גורל, און יעדע לאַגע נעמען זיי אָן פאַר גוט.

וואס ווייטער אלץ פּאפּולערער ווערט ער. דאס געמיינע פאלק באַלאַגערט אים. מען קומט נאָך מופתים, מ'קומט נאָך אַ קלוג ווארט, נאָך אַ פיינעם משל, נאָך אַ ביסל טרייסט, און ער זעט צו באַפרידיגן אַלעמען. און אַמאָל אנטלויפט ער מיט זיינע נאָענטע תּלמידים פון מענשן, פאַרוועט התבודדות ערגעץ אין מדבריות און חורבות. אָבער דער עולם נאָכפאָלגער געפינט אים דאָרט אויך.

שטאָלץ אויף דער גרויסער השפעה, וואס ער האָט אויף גרויסע מאַסן, הויבט ער אָן ביסלאַכווייז געבן אָנצוהערעניש אויף זיין

מיסיע, און אַנדרייטן אויף זיין באַזונדערן וועג אין אידנטום. דערצו ברענגט אים אויך די לאַגע זיינע. ווארים וואס פּאָפּולערער ער ווערט, אַלץ מער הויבט מען מיט אים אָן צו פּאָלעמיזירן, זיך מתוכח צו זיין. און אין דער היץ פון פּאָלעמיק איז ער מער ניט אַזוי פאַרזיכטיג. ווארפט ער דעם געגנער זיינע איבערצייגונגען אין פּנים אריין, אין דער שאַרפסטער פאָרם.

עטליכע ביישפּילן:

ישו און זיינע תלמידים האַלטן ניט פון קיין תעניתים. אדרבה, דוקא פלייש און דוקא ויין. און אַז פון פּרושים'שער זייט, אָדער פון אַסקעטישע גרופּן האָט מען אים גערופן: „זולל וסובא" (פרעסער און זויפער) האָט ער דראַסטיש געענטפערט:

— ווי קאָנען דען חופּה־געסט פאַסטן, בעת דער חתן איז מיט זיי.

ווארים איז אַ חתן געגליכן צו אַ מלך („חתן דומה למלך"), דאַן איז דאָך דער מלך־המשיח געגליכן צו אַ חתן... און דאָס איז ער דאָך!

און אַז זיינע הונגעריגע תלמידים רייסן אַמאָל זאַנגען אום שבת און עסן זיי, און מ'ווארפט אים פאָר „חלול־שבת", ענטפערט ער פריער, אַז כדי צו ראַטעווען פון הונגער, מעג מען מחלל־שבת זיין, און באַווייזט עס מיט אַ ראיה פון פּסוק. אָבער באַלד זאָגט ער זיינע געגנער דאָס באַרימטע וואָרט: „דער שבת איז געשאַפן צוליב'ן מענשן, אָבער ניט דער מענש צוליב'ן שבת." אַן ענליכן זאַץ געפינט מען אפילו אין דער גמרא אויך, און אין די קרייזן פון די פּרושים האָט מען אים געקענט, אָבער די שאַרפקייט, מיט וועלכער ער איז געזאָגט געוואָרן, רופט אַרויס געגנערשאַפט אין שטרענג־גלויביגן אידנטום.

און ווארפט מען אים פאָר, אַז זיינע תלמידים האַלטן ניט פון וואַשן־זיך צום עסן, ענטפערט ער שניידיג:

— ניט דאָס, וואָס קומט אַריין אין מויל אַריין איז מטמא דעם מענשן, נאָר דאָר וואָס מ'ברענגט אַרויס פון מויל.

זעט מען דערפון, אז ניט בלויז דאָס וואַשן זיך איז אים גארניט, נאָר אַלע פארבאָטענע — אפילו אין דער תורה פאַרבאָטענע — זאַכן צום עסן, זיינען אים אויך רעכט.

און אין גיכן ווערט עס קלאָר פאַר אַלעמען, פאַר נאָענטע, ווי פאַר ווייטע, אז ישו׳ן גייט עס בכלל ניט אום דער פּראַקטישער זייט פון דער רעליגיע. דער רעליגיעזער פאָרמאַליזם איז אים צו־ווידער, דער קולט, די רעליגיעזע צערעמאַניעס, מיינט ער, פארטויבן און מאַכן צו־נישט דאָס רעליגיעזע געפיל, די רעליגיעזע אינערליכע איבערלעבונג, וואָס באַגייט דעם מענשן יעדן מאָל, ווען דאָס געפיל שטאַרקט זיך אין אים, ווען די איבערלעבונג קומט איבער אים.

און ער הויבט־אָן אָפן צו קריטיקירן די פּרושים און זייער הויכשעצן די רעליגיעזע פּראַקטיק. ער צווייפלט אין זייער אויפ־ריכטיקייט, וואַרפט זיי פאָר צביעות. און הגם אַליין בלייבט ער אַלץ נאָך טריי דעם פּראַקטישן אידנטום, אָבער פאַר זיינע תלמידים און צוהערער מאַכט ער גרינג דעם עול פון גאָט אויפ׳ן מענשן. „דו זאָלסט ליב האָבן גאָט“ און „דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין“ — אָט די צוויי פּסוקים הויבט ער ארויס פון דער גאַנצער תורה, און זיי גילטן אים ניט בלויז ווי אַ פונדאַמענט פאַר זיין נייער לערע, נאָר כמעט ווי די גאַנצע לערע אַליין. און דער פּרט, דער איינצעלנער מענטש, איז אים דער קערן, די הויפּטזאַך, ווען ער שיינקט זיין אויפמערקזאַמקייט, אויף וואָס דער מענטש דאַרף לייגן זיין הויפּט־געוויכט. דער מ ע נ ט ש, אָבער ניט די נאַציאָן... און ניט ג ע ר ע כ ט י ק י י ט דאַרף און זאָל רעגירן די וועלט, נאָר ליבע, רחמנות און גענאָד. דאָן פּרעדיגט ער: „גיט דיר עמיצער אַ פּאַטש אויף דער רעכטער באַק, שטעל אונטער די לינקע“; „האָט יענער צוגענומען דיין ראָק, גיב אים אוועק דיין העמד אויך“; „דער מענטש קאָן ניט דינען אי גאָט אי דעם געלט“; „פאַר מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן“; „די פעלד־רויזן באַמיען זיך ניט, שפּינען ניט, און דאָך איז אפילו שלמה המלך, בא זיין גאַנצער פּראַכט ניט געווען אזוי שיין אָנגעטאָן ווי זיי“; „די אָרימע, די געטאָדלטע, די אָרימע אין גייסט, די וועלן זיין די ער־

שטע אין הימל"; „דעם קעמל איז גרינגער דורכצוקריכן דורך א נאָדל־לעכל איידער דעם רייכן אין הימל אריינצוקומען".

א טריט ווייטער — און די אומוויסנקייט ווערט שוין א מעלה פאר זיך, אפילו אָ ן יעדער רעליגיעזער איבערלעבונג; און מצוות מקיים זיין ווערט א פאָראורטייל אפילו אָ ן יעדער דערהויבונג צו גאט; און די אָרימע אין גייסט ווערן די גרעסטע מיוחסים, נאָר דערפאר, וואָס זיי זיינען אָרים אין גייסט...

ווארים ליבע, און נאָר ליבע איז איבער אלץ!...

די שוואכע און די גייסטלאָזע גלויבן עס. די העכערע און פאר־שטענדיגערע פארשטייען אָבער, אז דער מאָראל־פרעדיגער האט עס פריי צו פארלאנגען און צו פאָדערן פונ'ם מענשן די עקסטרעמסטע טוגענדן. צי מען פאלגט צי ניט — ניט אויף אים ליגט דער קאָנט־ראל. אָבער דער געזעץ־געבער, דער וואס האט צו רעגולירן דאָס פראקטישע לעבן, קאָן ניט גיין ווייטער פון געוועב־טיקייט. ער מוז זיך רעכענען מיט דער טבע פון מענשן, מיט זיינע אייגנשאפטן און פסיכישע מעגליכקייטן. ער מוז אויך ארומ־נעמען אלע זייטן פונ'ם לעבן. די אינדיווידועלע ווי די נאציאָנאלע, די רעליגיעזע ווי די פאָליטישע. די געזעצן מוזן דאָס אלץ באריק־זיכטיגן. ווען ניט — דערגרייכט ער ניט זיין ציל: דאס געזעל־שאפטליכע לעבן צו רעגולירן.

דערפאר איז עס געקומען דערצו, אז די קנאים, וואס האבן געטרוימט פון פאליטישער זעלבסטשטענדיקייט, האבן זיך ניט געקאנט באנוגענען מיט „א מלוכה ניט פון דער וועלט." די פרושים האָבן קלאָר איינגעזען, אז דער נאציאָנאלער מאָמענט ווערט פון ישו'ס לערע אינגאנצן אויסגעמעקט, און אויך דער יחיד קאָן ניט תמיד זיין אין צושטאנד פון עקסטאז און דערמיט אויספילן זיין לעבן. אויך ער מוז האבן געוויסע לעבנס־נאָרמען, פאראויס־באשטימטע, אָן וועלכע ער זאָל זיך האלטן. די דאָזיגע נאָרמען, געגרינדעט אויפ'ן באָדן פון נאָרמאלע, אלמענשליכע אייגנשאפטן, העלפן דעם מענשן צו הייליגן זיין טעגליך לעבן. רעכנט זיך אָבער די הייליקייט ניט מיט'ן טעגליכן לעבן, בלייבט די הייליקייט

אבסטראקט, פון עצם לעבן אָפּגעריסן, אין לעבן ניט אָנגעווענדט, בלייבט דאס לעבן פארגרעבט און פארווילדעט, און די קדושה האט ניט אויף דעם קיין איינפלוס.

וואס קלארער ישו'ס רעדעס ווערן, אַלץ גיכער באגרייפן זיינע תלמידים, וואס ער טראכט פון זיך. און אז איינער פון זיי זאגט אים אַמאָל: ד ו ב י ס ט א ל י י ן מ ש י ח ! פרייט דאס אים. און ער זאגט צו דעם תלמיד, וואס האט עס אים געזאגט: „וואויל איז צו דיר, וואס ניט קיין בשר־ודם, נאָר גאט אליין האט דאס דיר אַנטפּלעקט.“ אָבער ער וויל עס נאָך באַהאַלטן פון מענשן. לייט זאלן ניט וויסן. און ניט בלויז אוים באַשיידנקייט, נאָר אויס מ ו ר א פאר דער רוימישער מאַכט. אָבער אויף לאַנג בלייבט עס מער קיין סוד ניט. מ'הויבט אָן צו טייטלען אויף אים מיט די פינגער: אָט דאָס איז דער „מלך המשיח“. האָט דער נאָמען „משיח“ געוועקט חשדים אין די אידישע אָפּיציעלע ספערן און דער נאָמען „מלך“ — אין די העברעע רוימישע ספערן. נאָר ווי לאַנג ער איז געווען אין גליל, האט ער זיך געקאָנט אויסבאהאלטן. דאס פאלק האט געשעצט זיין בעל־מופת. נאָר אָט איז אונטערגעקומען פסח. ישו מיט די תלמידים גייען — ניט אָן שרעק — קיין ירושלים מקריב צו זיין דעם קרבן פסח, און אויסנוצן די געלעגנהייט: פאר־שפּרייטן די אייגענע אידעען צווישן די פיל טויזנטער „עולי־רגל,“ וואס קומען זיך צונויף קיין ירושלים פון גאנצן לאנד. די תלמידים ווייזן ניט ארויס קיין גרויסע העלדישקייט. זיי פּרובן אים אָפּרעדן פון דעם שריט: פון אונז, דאָרפס־מענשן, וועט מען לאַכן אין ירושלים; דאָרט איז דער צענטער פון אלע אונזערע ביטערסטע שונאים א. ד. גל. אָבער ער פּטר'ט זיי אָפּ מיט א צוזאָג: „ווער עס פאַרלאָזט פון ישו'ס וועגן זיינע הייזער און פעלדער, ברידער און שוועסטער, טאַטע־מאַמע, און ווייב־און־קינד, וועט אויף יענער וועלט באַקומען הונדערט מאָל אזוי פיל.“ און דאס ווירקט. מ'האט מורא אריינצופאַלן אין די הענט פון די רוימישע שפּיאָנען, מאַכט מען אָן אומוועג און מ'קומט אריין קיין ירושלים עטליכע טעג פאר פסח.

אָבער דאס ארײנקומען אין שטאט ווערט געמאכט מיט „קעניג־ליכן פּאראַד“, אין זייער נאַאיווע פאָרמען. מ'לאָזט ישו'ן רײטן אויף אַ יונג אײזעלע; די אָנהענגער שפּרײטן אויס פאַר זיינע פיס זייערע צעריסענע קלײדער — אַ זכר צו די טעפּיכער, וואָס מ'שפּרײט אויס פאַר מלכים; גרינע צווײגן שנײדט מען אָן און גרין גראז רײסט מען אָן און מ'שפּרײט עס אויס אונטער זיינע פיס. די שטימונג ווערט אַ דערהויבענע. די מאַסע אין ירושלים נעמט אים אויף מיט ענטוזיאזם. פונדעסטוועגן האט ער מורא צו נעכטיגן אין שטאָט. איז ווי נאָר ס'קומט דער אָוונט, כאַפּט ער זיך שטיל אַרויס פון שטאָט און נעכטיגט באַ זיינעם אַ פריינט אויסערן שטאָט. צומאָרגנס קומט ער ווידער אין שטאָט אַרײן, פאַלט אַרײן אין בית־המקדש, און זוכט עפּעס אַ געלעגנהייט צו טאָן אַזוינס, וואָס גאַנץ שטאָט זאָל קלינגען מיט אים. ס'זאָל קומען דערצו, אז פריינט און פיינט זאָלן זיך מעסטן מיט די כחות אַרום אים, און דאַן — דערין איז ער זיכער — וועט ער דאָך זיגן און עס וועלן זיך אָנהויבן „משיח'ס צייטן“, מיט אַלע זייערע לײדן און פרײדן. און דאָ דערהערט ער, אז אין אַ ווינקל, אין אויסערליכן הויף פון בית־המקדש, פאַרקויפט מען עופות, וואָס אנדערע האָבן נויטיג אויף קרבנות; אז מ'בײט אויס געלט — ווייל די רוימישע מטבעות, מיט'ן קיסר'ס בילד, האָט מען אין בית־המקדש אַרײן ניט געטאָרט אַרײנטראָגן — דערצו זיינען נאָך דאָ אהער געקומען אידן פון דער גאָרער וועלט און האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פאַרשידענערלײ מטבעות, וועלכע מ'האָט געמוזט אויסבײטן אויף ארץ ישראל געלט. דערזעען דאָס, דאַכט זיך עס אים, דעם פּראָווינציאַל, אויס, ווי אַ גוואַלדיג פאַרברעכן. נעמט ער אַ געפלאָכטענעם בײטש אין האַנט, נעמט צונויף אַרום זיך זיינע אנהענגער און מיטלויפער און מאַכט אַ שטיקל פּאָגראָמל אויף די הינער־הענדלער און חלפנים, וואָס אַרום בית־המקדש. סערט איבער די טישלאַך, די בענקלאַך, די שטײגן און טרייבט אַרויס די פאַרקויפער און די קויפער אין גאַס אַרײן. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי גיך, אַז ניט די לוויים, ניט די מיליטערישע וואַך, האָבן קיין צייט ניט געהאט זיך אַרײנצומישן.

און שוין האָט ער זיך אַרויסגערוקט, איז אַוועק אויסן שטאָט וואו ער האָט איבערגענעכטיגט. צומאָרגנס, אַז ער האָט זיך ווידער אומגעקערט און אַריינגעקומען אין בית־המקדש אַריין, האָט מען געפּרעגט, מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער עס נעכטן געמאַכט דעם סקאַנדאַל? האַלט ער אַ לאַנגן משל, וואו ער גיט אַ קלאָרע אָנצוהערעניש, אַז ער איז עס דער דערוואַרטעטער משיח. אַגב פאַלט ער אָן אויף די פּרושים מיט די שאַרפסטע ווערטער, דריקט זיך אויס מיט פאַראַכטונג וועגן בית־המקדש — און דערמיט ברענגט ער אויף געגן זיך ניט בלויז דאָס ברייטע פאָלק, נאָר אַפילו פיל פון זיינע אָנהענגער און אַ קאַלטע אַטמאָספערע בילדעט זיך אַרום אים. אָבער אויך דאָסמאָל געלינגט עס אים זיך אַרויסצודריגן פון שטאָט.

נאָר אָט איז געקומען דאָנערשטאַג, די נאַכט פון מקריב זיין דעם קרבן־פּסח *). ער, אינאיינעם מיט זיינע צוועלף תלמידים, פּראַוועט דעם קרבן פּסח און דעם סדר, ווי דער אידישער דין איז. און לויט דעם אידישן דין מוז יעדער איד נעכטיגן די קרבן־פּסח נאַכט אין ירושלים. קאָן ער ניט אַרויסגיין פון שטאָט נעכטיגן, און בלייבנדיג אין שטאָט — באַפאַלט אים אַן אימה. ירושלים האָט אים גאָרניט געגעבן. דער גרויסער עולם איז פאַרנומען מיט וויכטיגערע זאַכן, ווי עפּעס מיט אַ קליינשטעטלדיגן אָדער פּראָווינציעלן נביא, אָדער — ווי מ'וואָלט איצט געזאָגט — מגיד. די מאַכט־האָבנדיגע, וואָס אינטערעסירן זיך י אָ מיט אים, קוקן אויף אים ווי אויף אַ רו־שטערער. אין בעסטן פאַל ווי אויף אַ פאַנטאַזיאָר, וואָס איז גרייט צו וועקן אַן אויפשטאַנד מיט'ן כח פון זיינע פאַנטאַסטעריען. ער ווערט אומרואיג. דערשראָקן. ער דערזעט, אַז זיינע תלמידים זיינען צעשוואַך, אַז זיי זאָלן אים קאָנען ביישטיין אין דער נויט. און אַפילו איצט, אין דער געפער־

---

*) דער ערשטער טאָג פּסח איז דאָן אויסגעקומען שבת, איז אַנשטאַט מקריב צו זיין דעם קרבן־פּסח פרייטאָג־צו־נאַכט, האָט מען אים, לויט די צדוקים, מקריב געווען דעם אָוונט פריער, דאָנערשטאָג.

ליכער שעה, וואו יעדע מינוט קאָן מען אים כאפּן, שלאָפן זיי אזוי שטאַרק. אפילו זיין וועקן זיי, איין מאָל און נאָכאמאָל, העלפט אויך ניט. ער דערפילט זיך אזוי עלנד, אזוי איינזאם און אים בלייבט קיין אנדער מיטל ניט, ווי גאָט צו בעטן. טוט ער דאָס. אָבער עס העלפט ניט. די שפּיאָנען האָבן אים אויסגעשפּיאָנירט (די מעשה מיט זיין תלמיד יודא דעם פאררעטער, ווייזט זיך אלץ מער און מער ארויס ווי אן אויסגעטראכטע זאך פון די שפּעטערע יאָרהונדערטער). מ'כאפּט אים און מ'ברענגט אים צום סנהדרין, וואו דער רוב באשטייט פון צדוקים, וואָס משפּט'ן שטרענג. זיי פאַרשן אים אויס, געפינען, אז ער איז א „מורד במלכות" — א פּ אָ ל י ט י ש ע ר פ א ר ב ר ע כ ע ר, און דארום מוז ער גע'משפּט ווערן פון די רוימער. ער ווערט איבערגעגעבן צום רוימישן פּראָקוראטאָר: פּ אָ נ ט ר ו ס פּ י ל א ט ו ס. און אז פּילאטוס פרעגט אים: „דו ביזט עס דער א י ד י ש ע ר מ ל ך?" ענטפערט אים ישו: „דו זאָגסט דאָך אליין!" דאָס הייסט, ער איז זיך אליין מודה אין דעם, וואָס מ'באשולדיגט אים. און אָן לאנגע שהיות פאר'משפּט ער אים צום הענגען. אין עטליכע שעה ארום ווערט דער פּסק־דין אויסגעפירט.

אין אנגסטן און גרויס פּחד האָט ישו אָנגענומען זיין טויט. אין זיין נאָמען זיינען נאָך אים אויפגעשטאנען גרעסערע העלדן און מענשן, וואָס האָבן זיך מיט מער אָפּפערווילִיקייט מקריב געווען פאר זיינע אידעען, ווי ער אליין.

אָבער דאָס געהערט שוין ניט צו דער אידישער געשיכטע.

# חורבן פון צווייטן בית המקדש

די לעצטע צענדליגער יאָרן פאַר׳ן חורבן פונ׳ם צווייטן און לעצטן בית־המקדש, האָבן אידן געהאַט בלויז אַ שוואַכן שאָטן פון זעלבסטשטענדיקייט. אָבער די אמת׳ע הערשאַפט איבער ארץ־ישראל און איבערן אידישן פאָלק ליגט אין רוימישע הענט. די אמת׳ע בעלי־בתים זענען די רוימישע פּראָקוראַטאָרן, וואָס זע־נען אויך אָפּהענגיג פון דעם רוימישן לעגאַט אין סיריע. די רעזידענץ פון די פּראָקוראַטאָרן, איז קיסריה — 30 מייל אַן ערך פון ירושלים. אין פאַרשיידענע פעריאָדן באַשטימט רוים דעם כהן גדול, לויט איר איינזעען. און די קליידער פונ׳ם כהן־גדול זענען ווי פאַר׳משכנ׳ט באַם פּראָקוראַטאָר. ער גיט זיי אַרויס דעם כהן־גדול ווען ער דאַרף זיי האָבן צו דער עבוה״ק. אידן זעען דערין אַ טיפע באַליידיגונג — ווייל אַ מוטוויליג אַריינמישן זיך אין סאַמע אינערלאַכן רעליגיעזן לעבן פון פאָלק, אָבער ניט בלויז רוחניות. די רוימער נעמען אונטער אַן אַלגעמיינע רעגיסטראַציע כדי אַרויפצולייגן אַ קאָפּ־שטייער אויף דער אידישער באַפעלקע־רונג אין אידישן לאַנד, וואָס דאַרף אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אַז אידן זיינען קנעכט צו די רוימער. און בעת די גרויסע ימים־טובים ווען צענדליגער און צענדליגער טויזנטער אידן פון גאַנצן לאַנד קומען זיך צונויף אין ירושלים, קומט אַריין אין שטאָט אַריין דאָס רוימישע מיליטער, אויף פערד און צופוס און „גיט אַכטונג" אויפ׳ן פאָלק, עס זאָל חלילה זיך ניט ערלויבן אַזוינס, וואָס געפעלט ניט די רוימער. אָבער אויך שווערע שטייערן קומען דערצו. אומגערעכטער משפּט — ווען רוים האָט צו ענטשיידן שטרייטיקייטן צווישן אידן און דעם פּראָקוראַטאָר, אָדער צווישן דער אידישער און דער ני ט אידישער באַפעלקערונג. איינפאַכע פּאָגראָמען, וואָס די ניט־אידישע באַפעלקערונג ערלויבט זיך בנוגע דער אידישער אין שטעט, וואו די באַפעלקערונג איז אַ

געמישטע, בלייבן כסדר אומבאשטראָפט פון די רוימער. און וואָס שטרענגער א פּראָקוראַטאָר, וואָס מוטווילינער און אכזריות־דיגער, אַלץ מער נגישות טוט ער אָן דער אידישער באַפעלקערונג, אַלץ מער פּראָוואָצירט ער אומצופרידנקייט מיט דער רוימישער הערשאַפט. דאָס רופט אַרויס בא די אַלטע צער, בא די יונגע — צאָרן. גייען אום די אַלטע מיט א טיפן טרויער, גייען אום די יונגע מיט געבייַלטע פויסטן. די ערשטע זענען גרייט צו קעמפן מיט די רוימער דורך פּאַסיווען ווידערשטאַנד, די לעצטע דורך אַקטיוון. וואָרים „אויב אינערליכע, גייסטיגע פרייהייט — האבן די יונגע געזאָגט — קאָן מען אמאָל דערגרייכן דורך פּאַסיוון קאַמף, קאָן מען אָבער פּאָליטישע פרייהייט דערגרייכן נאָר דורך אַקטיוון קאַמף".

און וואָס מער די אידן זענען באַהאַנדלט געוואָרן ווי קנעכט, וואָס מער מען האָט באַליידיגט זייער בירגערליכן שטאָלץ, אַלץ מער איז געוואַקסן דאָס הייסע שטרעבן צו פּאָליטישער פרייהייט. בילדעט זיך אויס אין גליל א געהיימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון יהודה הגלילי און צדוק. זיי רופט מען „קנאים", „פּאָליטישע פאַנאַטיקער", אָדער „זעלאָטן". אין שווערע צייטן וואַקסט די אַקטיוויטעט פון די קנאים. עס קומט אפילו צו בלוטיגע צוזאַמענשטויסן צווישן זיי און די רוימער, צווישן זיי און דער גריכישער באַפעלקערונג אין די העלעניזירטע שטעט, וועלכע האבן שטענדיג געשטיצט די אונטערדריקער. אין לייכטערע צייטן פאַלט די אַקטיוויטעט; אז עס איז ניטאָ קיין דירעקטע סבה, בלייבן די קנאים רואיג, זיי אַרבעטן בלויז אויף צו פאַרשטאַרקן זייער אָרגאַניזאַציע פון אַקטיוויסטן.

נאָר אָט וועַרט אין רוים א קיסר: קאַליגולאַ. באַפאַלט אים דאָס אויסטערלישע משוגעת: צו קוקן אויף זיך ווי אויף א גאָט. פאַרלאַנגט ער, אז אַלע רוימישע בירגער און אַלע זיינע פרעמד־פעלקערדיגע אונטערטאַנען זאָלן אים אויך אָנערקענען פאַר א גאָט. בעטן זאָל מען צו אים, קרבנות זאָל מען צו אים

מקריב זיין; זיין סטאטוע זאל מען אוועקשטעלן אין אלע טעמפּ־לען און בוקן זאל מען זיך צו איר. קומט דאס אים אָן לייכט אויסצופירן בײַ אלע היידנישע פעלקער. אָבער ניט בײַ אידן. אין יענער צייט איז אין סיריע געוועזן לעגאט דער קלוגער און פרייהייטלאַכער פּעטראָניוס. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז בײַ אידן וועט ער דאָס דאָזיגע קייזערלאַכע משוגעת בשום אופן ניט קאָנען דורכפירן. און עס געלינגט אים אָפּצולייגן די פאַראָרד־נונג פון רוים אויף אַ לענגערער צייט, ביז וואַנען קאַליגולא איז געשטאָרבן און זיין ווילדע גזירה איז בטל געוואָרן.

אָבער צו דער רעוואָלוציע און צום חורבן האָט די גזירה זייער פיל בייגעטראָגן. די אידישע שונאים האָבן אין איר געפונען אַ גוטן מיטל, דורך וועלכן מען קאָן די אידן פּראָוואָצירן. זיי האָבן כלומר'שט אויס פּאָליטישער לאָיאַליטעט צו רוים, געפּרובט דורכפירן דעם קייזערליכן באַפעהל — אוועקצושטעלן דעם קייזער'ס סטאַטוע אין אידישע שולן, אָדער אוועקשטעלן מזבחות אין מיטן צענטר פון שטאָט, וואו מען זאל ברענגען קרבנות צום קייזער — דעם גאָט קאַליגולא. האָבן עס דאָך אידן ניט דערלאָזט. האָט מען אָנגעהויבן קעמפן מיט די אידן. די רוימישע גאַרני־זאָנען האָבן זיך, נאַטירליך, געשטעלט אויף דער זייט פון די אידישע געגנער. פלעגט עס קומען צו אומגעהויערע בלוטפאַרגי־סונג, צו מאָרד און צו רויב און צו די זעלביגע טרויעריגע ער־שיינונגען, וואָס מיר רופן איצט: פּ אָ ג ר אָ מ ע ן. אַ מין „קישי־נעוו" פון ערשטן יאָרהונדערט איז דאַן פאָרגעקומען אין אַלעקסאַנדריע. דאָרט האָבן אידן, פון אַלעקסאַנדער מוקדון'ס צייטן אָן, געלעבט אין גרויס רחבות. ווי אונטער דער הערשאַפט פון די גריכן, אַזוי אונטער דער הערשאַפט פון די רוימער, האָבן זיי גענאָסן בירגערלאַכע גלייכבערעכטיגונג און אויטאָנאָמיע פון דער קהלה. דערצו זענען די אַלעקסאַנדריער אידן געוועזן רייך, געביל־דעט און פאַרנומען זייער אַ חשוב'ן פּלאַץ אין געזעלשאַפטלאַכן ווי אין קולטורעלן לעבן פון לאַנד. זענען זיי געוועזן פאַר די גריכן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר די בעלי־בתים אין שטאָט, ווי אַ

דארן אין די אויגן. זיי האבן ניט אויסגעלאָזט קיין איינציגע געלעגנהייט וואו זיי זאָלן אידן ניט באליידיגן. די נייע גזרה פון קאליגולא איז געווען פאר זיי ווי געפונען. זיי האָבן באשלאָסן זיך אריינצורייסן אין די אידישע שולן פון אלעקסאנדריע און דאָרט אוועקשטעלן די קייזערלאך־געטלאכע סטאטוע. און טאָמער וועלן אידן ניט לאָזן, וועט עס הייסן אז זיי זענען פיינט פון קייזער און פאטערלאנד און דעמאלט — וואס מען וועט טאָן מיט די אידן וועט זיין פארפאלן. און כך הוי. ווי זיי האבן באַשלאסן אזוי האבן זיי געטאָן, און ווי זיי האבן פאראויסגעזעען אזוי איז געשעען. די אידן האבן ניט געוואלט צולאזן מען זאל מטמא זיין זייערע שולן, האט זיך אין די גריכן כלומרשט אָנגעצונדן דער רוימישער פאטריאָטיזם און מען האט געמאַכט אַ פאגראם אויף אידן. און דערצו: אַ מילטערישן פּאָגראָם, מיט שווערד און אייזן — ווייל דאס רוימישע חיל, וואס איז געשטאַנען אין אלעקסאַנדריע, האט געהאלפן די פאגראמשטשיקעס. און דער רוימישער פארוואלטער אין אלעקסאנדריע האט ארויסגעלאזט א דעקרעט, לויט וועלכן די אלעקסאַנדריער אידן פארלירן אלע זייערע פריווילעגיעס: סיי בנוגע רעליגיעזע פרייהייט, סיי בנוגע בירגערלאַכע רעכט. טויזנטער אידן האָט מען געשענדט, געפייניגט, גע'הרג'עט, און הונדערטער רייכע ווירטשאַפטן האט מען צעראַבירט. די דעלעגאציע פון די אַלעקסאַנדריער אידן צום קייזער האט מען אין רוים אויסגעלאכט. דערמיט האָט מען נאָך מער דערמוטיגט די פּאָגראָמשטשיקעס, אָבער אויך געשטייגערט בא אידן דעם האס צו די רוימער און געשטאַרקט דעם גייסט פון די רעוואלוציאָנערן אין ארץ־ישראל. די באַציאונגען זענען איצט שוין געוואָרן זייער אָנגעשטרענגט. מעגלאָך, אז איצט שוין וואָלט אַן אָפענער אויפשטאנד אויסגעבראכן. נאָר גאט אליין האט זיך דאָ אריינגעמישט און קאַליגולאַ איז דער'הרג'עט געוואָרן...

די קומענדע פיר יאָר זענען געווען גוטע פאר אידן. קלוידיוס, דער גוטער קייזער פון רוים, שטיצט אַגרי־

פוס'ן — דעם פרומען קעניג פון ישראל. ער שענקט אידן כמעט פולשטענדיגע פאליטישע פרייהייט. און אידן שענקען צו די רוימער בירגערלאכע טרייהייט און איבערגעבנקייט. אבער דאס גליק דויערט, ווי געזאגט, בלויז פיר יאר. און אז אגריפוס שטארבט קערט זיך רוים ווידער אום צו דער פראקוראטארן־הערשאפט אין ארץ ישראל. נאר דאס רעכט צו באשטימען כהנים־גדולים און השגחה געבן אויפ'ן בית־המקדש לאזט מען איבער אין רשות פון אגריפוס'עס ברודער: הורדוס, הערשער פון כאלקים. קיין פאליטישן ווערט האט דאס אבער נית.

און ווידער קומט א פראקוראטאר נאך א פראקוראטאר, און איינער איז ערגער פון אנדערן, און איינער פראוואצירט די אידן מער ווי די אנדערע. און ווידער שטארקט זיך און באפעסטיגט זיך דער האס צו די רוימער און די רעוואלוציאנערע באוועגונג אין לאנד. די רוימישע סאלדאטן, וואס האלטן אין יום־טוב'דיגע טעג מיליטערישע וואך אויפ'ן פלאץ פאר'ן בית־המקדש, ערלויבן זיך אמאל אום יום־טוב זיך לוסטיג צו מאכן איבער דעם אידישן גאטעסדינסט. אידן פאדערן פון פראקוראטאר, מען זאל די סאלדאטן באשטראפן. און אז דער פראקוראטאר זאגט זיך אפ דערפון, פארווארפן אידן די רוימישע סאלדאטן מיט שטיינער. איז עס געקומען צו א שחיטה. דער פאל האט ארויסגערופן ענליכע ערשיינונגען אין דער פראווינץ. דא איז עס אפילו געקומען צו צערייסן ספרי-תורה'ס און זיי באשמוצן עפנטלאך. און אז דער פראקוראטאר, קומאניוס, ענטזאגט זיך צו באשטראפן די שומרונים דערפאר, וואס זיי זיינען באפאלן אידן וואס זיינען עולה־רגל געוועזן קיין ירושלים, און איינעם פון זיי דער'הרג'עט, — נעמען זיך אידן אונטער אליין זיי צו באשטראפן. און א גרופע קנאים, אלס שטראף־עקספעדיציע, מארשירט דורך שומרון און מאכט חרוב עטליכע דערפער. דער פראקוראטאר שטעלט זיך איין פאר די שומרונים. די קנאים ליידן גרויסן אנווער. דער סירישער לעגאט שטעלט זיך אויף דער זייט פון פראקוראטאר. די זאך קומט אן קיין רוים. קלוידיוס טוט די אידן זייער רעכט.

דער פּראָקוראַטאָר פּאַרלירט זיין שטעל. אָבער דער נייער פּראָ־קוראַטאָר, און יענע וואָס זיינען געקומען נאָך אים, האָבן געהאַנדלט פּונקט אַזוי פּראָוואָקאַטאָריש און אומגערעכט, ווי די פריערדיגע האָבן געהאַנדלט. קיין געזעץ און קיין גערעכטיקייט איז מער פאַר אידן ניט געווען. און בפרט נאָכדעם ווי נ ע ר אָ ן איז גע־וואָרן קייזער אין רוים (54 נאָך קריסטוס־געבורט), וועלכער האָט בכלל ניט געדולדעט די אויטאָנאָמישע שטרעבונגען פון אידישן פאָלק.

און אַז „לית דין ולית דיין" — אַז „ניטאָ קיין געריכט און ניט קיין ריכטער", ווערט מען זיך מיט אייגענע מיטלען. טיילט זיך אָפּ פון די קנאים אַן עקסטרעמע ריכטונג: ס ו ק אַ ר־י ע ר, אָדער „קינזשאַלן־טרעגער", אַ געהיימע טעראָריסטישע גרופּע, וואָס רעכנט זיך אָפּ מיט די שונאים פון נאַציאָנאַל־פּאָ־ליטישער פרייהייט קורץ און שטיל. דאָס פלעגט געוויינלאָך פאָרקומען אויף גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, וואו דער טעראָ־ריסט האָט זיך, נאָכדעם ווי ער האָט איינעם אריינגעשטאָכן אַ קינזשאַל אין זייט, געקאָנט אויסמישן מיט דער פאָלקס־מאַסע און אומבאַמערקט פאַרשווינדן. דויערט עס אַזוי אַ יאָר נאָך אַ יאָר.

אָבער אויך אין אינערליכן, רעליגיעזן לעבן איז קיין האַלט ניטאַ, קיין פעסטער באָדן ניטאַ. די כהונה־גדולה ווערט פאַר־שאַכערט פאַר געלט, פאַרשוועכט פון אומפּאַסיגע מענטשן. עס קומט צו מיאוס'ער קאָנקורענץ אַרום דעם העכסטן פּאָסטן, און עס קומט צו גאַסן־געשלעגן אַרום דער קאָנקורענץ. עס קומט אויך צו מעסער־שטעך און בלוטפאַרגיסונג. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אַזאַ כהונה־גדולה איז קעגן די פרייהייטס־שטרעבונגען פון פאָלק. און אַז קלוידיוס האָט, אין זיין צייט, באַשטימט פאַר קעניג אין ישראל אַגריפּוס דעם צווייטן (אַ זון פון דעם ערשטן), איז ער בלויז אַן „אָנ־געשטעלטער" פון רוים; געהערן אים בלויז אַ פּאָר קליינע געביטן, אָבער ניט דאָס אייגענטליכע ארץ־ישראל, אָדער יהודה. דאָ האָבן גע־וועלטיגט די פּראָקוראַטאָרן. אגריפּוס האָט נאָר צו באַשטימען

כהנים־גדולים און אכטונג געבן אויפ'ן בית־המקדש... און ער אליין? ערצויגן אין רוים, האט ער קיין חוש ניט פאר אידן, ניט קיין אכטונג צו זיי און ניט קיין געפיל פאר זייער ליידן און שטערבן. אזוי איז דאס פאלק געבליבן אי אָן גייסטיגע פירער, אי אָן וועלטלאכע פירער. אנגעוויזן אויף זיך אליין, קוקט דאס פאלק פארביטערט און פארצווייפלט אין דער גרויער, מיט בלוט און מיט פייער אנגעלאדענער צוקונפט.

און די לעצטע צוויי רוימישע פראקוראטארן־פראוואקאטארן: אלבינוס און פלאָריוס, זיינען געקומען. דער ערשטער איז געווען אַן אומפארשעמטער כאבארניק. רוימישע פריינט דערציילן פון אים: „עס איז ניט געווען קיין שום נבלה, וואס ער זאל ניט האבן אפגעטאָן. ער האט אויסגערויבט די געזעל־שאפטליכע קאסעס. ער האט ניט געשוינט דאס פארמעגן פון פריוואטע פערזאָנען. אויפ'ן פאלק לייגט ער ארויף אפצאָלן איבער זיינע כחות. פאר געלט האט ער באפרייט פארברעכער אפילו פון תפיסה ארוים. נאָר דער וואס איז ניט אימשטאנד געווען זיך אויסצוקויפן, דער זיצט אין תפיסה". ער באלעבאַ־טעוועט אבער אפ זייער גיך. זיין געזיינונגס־גענאָסע, פלאָריוס, האט לענגערע יאָרן, והגם ער טוט די אייגענע מעשים וואָס אל־ביניוס, אויב ניט נאָך ערגער. קיין שיעור און קיין סוף איז ניט געווען צו זיינע רויבערייען, כאבארן און לוסטיג מאכן זיך איבער די אידן. און אין נערא'ן, דעם קייזער פון רוים, האט ער געפונען שטיצע. יענער האט אפגע'פסק'נט, אז פולבארעכטיגטע בירגער אין דער רעזידענץ פון פראָקוראטאָר, אין קיסריה, זענען בלויז העלענען, אָבער אידן זענען בירגער בלויז פון א צווייטער מדרגה. פון דאמאָלט אָן ווערן די גריכן אומדערטרעגליך. זיי באמיהען זיך מיט אלע מעגליכקייטן צו פראוואצירן די אידן. אזוי קומט א גריך און ביים שוועל פון א אידישער שול, אום שבת, ברענגט ער א קרבן א פויגל — אונטערשטרייכנדיג דער־מיט די גריכישע לעגענדע, אז אידן שטאמען פון מצרים'ער מצורעים (א מצורע, ווי מען ווייסט, האט געדארפט ברענגען א

קרבן א פויגל). די באליידיגטע אידן האבן זיך ארויפגעווארפן אויף די גריכן. זיינען אָבער די לעצטע געווען אין דער מערהייט, און די אידן האָבן געליטן א מפלה. דער פּראָקוראטאָר מישט זיך ניט אין דער פּראָוואָקאציע, נאָר אז א אידישע דעלעגאציע קומט בא אים בעטן הילף, זעצט ער זי אריין אין תפיסה.... נעמען די קיסריה׳ר אידן מיט זייערע הייליגע ספרים און ציען ארויס פון דער שטאט, וואס איז פארגאסן מיט אידיש בלוט. אין ירושלים מאכט די דאזיגע בלוטיגע געשעעניש א שוידערליכן איינדרוק. און אז פלאריוס פאדערט איצט פון דעם פארוואלטער פון בית־המקדש א גרויסע סומע געלט פון זיינעטוועגן, וואקסט די אויפּ־רעגונג גאָר אומגעהויער. עטליכע אידן, וואס ווילן חוזק מאכן פון דעם פּראקוראטאר׳ס געלטגיריקייט, גייען אום איבער דער שטאט מיט פושקעס און בעטן נדבות פאר דעם „אָרימען פלאריוס" נעבאך.

דער פּראָקוראטאָר ווערט זייער אויפגעבראכט דערפון, וואס מען האָט פון אים חוזק געמאכט, און קומט מיט חיל קיין ירושלים, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט זיינע שונאים. ערלויבט ער זיינע סאלדאטן מאכן א פּאגראם. מאכן זיי. מען מאכט חרוב גאנצע שטאָט־ראיאָנען. מען הרג׳עט מענשן. און דער פּאָגראָם הערט אויף ערשט דאן, ווען דער רוימישער סאלדאט ווערט איבער־געזעטיגט מיט בלוט און גאָלד... דעמאָלט שיקט דער פּראָקו־ראטאר רופן די כהנים און די נאָטאבעלן פון ירושלים און לייגט זיי פאר: אויב שטאט וויל באווייזן, אז זי איז ניט סאָלידאריש מיט יענע, וואס האבן אים אויסגעלאכט, זאל די באפעלקערונג ארויסגיין מקבל פּנים זיין די צוויי פּאָלקן רוימישע סאלדאטן, וואס דארפן היינט אריינקומען אין שטאט אריין. נאָך א לענגערער קווייטקלעניש ווערט זיין פארשלאג אָנגענומען. אין א פייער־ליכער פּראצעסיע זיינען די כהנים און דאס פאלק ארויס אנטקעגן די רוימישע סאָלדאטן און זיי באגריסט. די סאָלדאטן האָבן אָבער — לויט א געהיימען באפעל פון פּראָקוראטאָר — אויף דער באגריסונג ניט געענטפערט. לאזן זיך הערן זידל־

ווערטער קעגן פראקוראטאר, וואס האט נאך אן איבריגן מאל באליידיגט דאס אידישע פאלק. דערהערט אזוינס, זיינען די סאלדאטן באפאלן דאס אומבאוואפנטע פאלק, גע׳הרג׳עט און גע־שלאגן און מיט פערדישע פיס געטראטן דאס פאלק, וואס איז ארויס זיי כבוד אפגעבן... זיינען די אידן זיך צעלאפן. אבער ניט אלע. א טייל האט זיך גענומען צום געווער. פון די דעכער אין די גאסן, וואו די רוימישע סאלדאטן האבן געדארפט דורכגיין, האט מען זיי באווארפן מיט שטיינער, באשאסן מיט פיילן און זיי האבן געמוזט אפציען אין די קאזארמעס.

בדי די סאלדאטן זאלן ניט קאנען איבערפאלן דעם בית־המקדש פון שלאס אנטאני אויס, וואו דער רוימישער גארניזאן איז געשטאנען, וועלכער איז געווען פאראייניגט מיט׳ן בית־המקדש דורך הילצערנע גאלעריען, האט מען באלד די גאלעריען צעשטערט. און דאס האט געהייסן, אז מען האט אפגעשאפט די רוימישע השגחה איבער׳ן בית־המקדש. די לופט איז געווארן אנגעזאפט, ווי מען זאגט איצט, „מיט פולווער". דער כלומרשטער קעניג, אגריפּוס דער צווייטער, לויט׳ן פארלאנג פון סירישן לעגאט, האט געפרואווט ווירקן אויפ׳ן פאלק, עס צו בארואיגן. ער האט גע׳פועל׳ט, מען זאל די גאלעריען ווידער אויפשטעלן, מען זאל ווידער איינצאלן די שטייערן, וואס מען האט אויפגעהערט צו צאלן. נאר אז ער האט פארלאנגט מען זאל אונטערטעניג און רואיג אריבערטראגן דעם פראקוראטאר׳ס קאפריזן, האט ער דערשפירט, אז די לופט ארום אים ווערט הייס... האט ער דערפילט, אז דא איז פאר אים מער קיין פלאץ ניט. און טראגט זיך אפּ אין זיין רו אריין.

דער עפנטלאכער ברוך מיט רוים הויבט זיך אן אין ירושלים דערפון, וואס מען הערט אויף מקריב זיין דעם טעגלאכן קרבן פאר׳ן רוימישן קיסר — ווי עס איז געווען דער שטייגער ביז דעמאלט. איינער פון די פארשטייער פון דעם העכסטן ירושלים׳ער אדל, אליעזר בן חנניה, גייט איבער צו די קנאים.

אבער אין די ירושלים׳ער אפיציעלע קרייזן איז מען ניט צו־פרידן מיט אזא ווענדונג. זיי האפן נאך אז דורך מאכט־מיטלען

וועלן זיי ווידער בארואיגן די באפעלקערונג. זיי פועל'ן בא אגריפּ־פּוס'ן, און ער שיקט זיי אריין 3,000 רייטער. דאָס נוצט אָבער ניט. די באוועגונג גייט אַלץ מער און מער איבער אין די הענט פון די מעסיגע קנאים. דאָס חיל, וואָס געפינט זיך אין ירושלים ווערט אומגעבראַכט. די פירער פון דער שלום־פּאַרטיי ווערן אויס־גע'הרג'עט דורך די „סוקאַריער" אָדער „קינזשאַל־טרעגער", וואָס האָבן זיך אריינגעכאַפּט אין שטאָט. דער לעגאַט פון סיריע, וואָס קומט איינגעמען די רעוואָלוציאָנערן, מוז אנטלויפן צוריק. ער פאַרלירט דערביי פיל מענשן, ער פאַרלירט אויך פיל אַמוניציע, וואָס קומט נאָכדעם זייער גוט צוניץ די אידן. נאָך די אַלע נצחונות גייט איבער די הערשאַפט אין ירושלים צו די קנאים.

אין גאַנצן לאַנד חזר'ט זיך איצט איבער דאָס אייגענע, וואָס איז פריער פאָרגעקומען אין קיסריה. אין אַלע שטעט מיט א געמישטער באַפעלקערונג שטייען אויף די גריכן אויף די אידן און קוילען זיי אויס. אזוי אין די שטעט ארום ירדן, אזוי אין די שטעט וואָס אין סיריע. אפילו אין אַלעקסאַנדריע באנוצן זיך די גריכן דערמיט, וואָס אין רוים איז אַ שלעכטע שטימונג קעגן די אידן אין מזרח, און זיי מאכן חרוב דעם גאַנצן אידישן שטאָט־טייל פון אַלעקסאַנדריע. דאָס פּאָגראָם־פייער ווערט אומגעהויער. די רוימישע מאַכט אין פאַלעסטינע הערט ניט אויף צו גיסן בוימל אויף דעם דאָזיגן פייער. די אידן טענה'ן אפילו אַלץ נאָך: זיי ווילן טריי בלייבן צו רוים, נאָר דעם מערדערלאַכן פּראָקוראַטאָר זאָל מען צונעמען פון זיי. אָבער דארויף קאָן רוים ניט איינגיין. צוליב „פּרעסטיזש" פון דעם רוימישן באַאמטענטום קאָן זי די אידן ניט נאָכגעבן. עס ווערט דארום קלאָר, אז נאָר דער אָפענער רעוואָלוציאָנערער קאַמף וועט ענטשיידן צווישן דער רוימישער מאַכט און דעם אידישן רעכט...

איצט ווערט געשאַפן א „צייטווייליגע רעגירונג". אין איר באטייליגן זיך פאָרשטייער פון די כהנים און פון דער אריסטאָקראַטיע. די אויפגאַבע פון דער רעגירונג איז געווען: זיכערן דעם נאַציאָנאַלן שוץ אין ירושלים און אין דער פּראָווינץ. דער שוץ

פון ירושלים ווערט איבערגעגעבן אין די הענט פון חנן און יוסף בן גוריון. אין גליל האָט מען געשיקט דעם הויכגעבילדעטן כהן יוסף בן מתתיהו (אָדער ווי ער האָט שפּעטער געהייסן: יוסיפוס פלאוויוס), און אין אַנדערע געגענטן — אַנדערע קאָמאַנדירן. אין רוים, ווידער, נעמט מען די געפאַר פון דער אידישער רעוואָלוציע זייער ערנסט. און נעראָ שיקט קיין פּאַלעסטינע (67 נ. ק.) דעם טיכטיגסטן פון זיינע קריגס־פירער: טיטוס פלאַוויוס וועספּאַסיאַנוס, מיט אַן אַרמיי פון זעכציג טויזנט מאַן. אויסער דעם האָט ער נאָך באַצויגן הילפס־אַרמייען פון די מזרח־הערשער, וואָס זענען געווען אונטערטעניג צו רוים. וועספּאַסיאַנוס גייט קודם כל קיין גליל. דאָ איז ניט געווען קיין איינהייטלאַכקייט בנוגע דער מלחמה. דער קאָמאַנדיר, יוסף בן מתתיהו, וואָס איז אַהער באַשטימט געוואָרן פון ירושלים, איז געווען אַזוי „ווייטזיכטיג", אַז ער „האָט פאָראויסגעזען אַז די מלחמה איז אַ פאַרשפּילטע"... דערצו האָט ער געהאַט אַ שונא: יוחנן פון גוש־חלב, דער פירער פון די קנאים אין גליל. און אויך די שטאָטישע באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אַ געמישטע, איז אַ טייל פון איר שטענדיג געווען פאַר די רוימער. די באַפעסטיגונג איז געווען אַ שוואַכע. די אַרמיי ניט גענוג דיסציפּלינירט. דער הויפּט־קאָמאַנדיר ניט גענוג איבערגעגעבן זיין זאַך. נאָך אין דעם זעלבן יאָר איז דער גליל געווען איינגענומען פון ברעג צו ברעג. דער הויפּט־קאָמאַנדיר יוסף בן מתתיהו ווערט גענומען געפאַנגען, און ווערט אינגיכן אַ ליבלינג און אַ חשוב אין רוימישן הויף. די קנאים אַנטלויפן קיין ירושלים. דאָס פּשוט'ע פאָלק ווערט טייל־ווייז אויסגעהרג'עט, טיילווייז פאַרקויפט אין קנעכטשאַפט און טיילווייז אוועקגעשלעפּט קיין רוים. איצט איז נאָך פאַר די רוימער געבליבן איינצונעמען ירושלים.

און ירושלים איז געווען ערשיטערט פון דער ניט געלונגענער פאַרטיידיגונג פון גליל. דאָס פאָלק פאַרלירט דערפאַר דעם צו־טרוי צו דער צייטווייליגער רעגירונג. די קנאים פון גליל העצן דאָס פאָלק. עס קומט צו אָפענע גאַסן־קאַמפן צווישן דער אַריסטאָקראַ־

טיע אין די קנאים. עס פאלן גע׳הרג׳עטע און פארוואונדעטע פוןביידע זייטן. און אז עס קומען אריין אין שטאט אריין די א ד ו מ י ם, באשטעלט פון די קנאים, באקומען די לעצטע די אויבערהאנט, מען פארטיליגט און מען ראט אוים די גאנצע אריסטאקראטיע און אירע סימפאטיזירער. יוחנן פון גוש־חלב און אליעזר בן שמעון ווערן די בעלי־בתים פון דער הויפטשטאט, בעת אין דער פראווינץ האט געבאלעבאטעוועט און געווילדעוועט דער טעראריסט: שמעון בן גיורא. ער האט טעראריזירט די גאנצע פראווינץ. און שפעטער, אז ער איז געקומען קיין ירושלים, האט זיך צווישן אים און יוחנן פון גוש־חלב פאנאנדערגעפלאקערט א בלוטיגער קאמף פאר דער אויבערהערשאפט אין ירושלים, וואס האט אפגעקאסט פיל מענשן־לעבנס און פארוויסט זייער פיל אמוניציע.

ביני לביני איז נעראָ, דער קיסר פון רוים, דער׳הרג׳עט געווארן. וועספאסיאנוס איז געווארן קיסר און זיך אומגעקערט קיין רוים. און פארענדיגן מיט׳ן אידישן אויפשטאנד האט ער איבערגעגעבן צו זיין זון: ט י ט ו ס.

ארום פסח־צייט, אין יאר 70 נ. ק., טרעפן מיר אין ירושלים א דיקטאטור פון צוויי: יוחנן פון גוש־חלב און שמעון בן גיורא. ביידע קנאים. אבער דער לעצטער איז דער אנפירער פון דער עקסטרעמער טעראריסטישער גרופע. און צו איר זיינען אויך צוגעשטאנען די א ד ו מ י ם, וואס זיינען פארבליבן אין שטאט. און ארום שטאט הויבט טיטוס אן צו ארגאניזירן די באלאגערונג. צווישן טיטוס׳עס נאענטסטע פריינט, אין זיין הויפט־קווארטיר, טרעפן מיר: דעם גע׳שמד׳טן אידן טיבעריוס אלעקסאנדר, דעם אויפטוער פון דעם פאגראם אין אלעקסאנדריע, דעם קאמאנדיר פון גליל — יוסף פלאוויוס און דעם אידישן שאטן־קעניג אגריפוס דעם צווייטן. ירושלים האט געהאט אין זיך הונדערטער טויזנטער בירגער, וואס זיינען גרייט געווען אוועקצוגעבן זייער לעבן פאר זייער פרייהייט, און טיטוס האט פארמאגט 80 טויזנט סאלדאטן, גוט דיסציפלינירט און אויסגעשטאט מיט אלערליי קאמפס־מאשינען, וואס יענע צייט האט געקענט. און דער קאמף האט זיך אנגעהויבן.

איצט ווערט שלום צווישן די פּאַרטייען אין ירושלים. מיט׳ן מוט פון פאַרצווייפלונג קעמפן די אידן קעגן זייער אויסערן פיינד. א לאַנגע צייט צעשטערן זיי, פון די טורעמס אויס, אַלע טיטוס׳עס באַלאַגערונגס־וואַלן. אָפט מאַכן זיי אויספאַלן פון שטאָט און צינדן־אונטער אַלע בנינים פון דעם שונא, וואָס האבן אָנגעהערט צו דער באַלאַגערונג. איינמאָל האבן זיי שיער טיטוס׳ן ניט געכאַפּט. אַ צווייט מאָל גראָבן זיי אונטער אַלע זיינע בנינים, אין די אויסגראָבונגען לאָזט מען אָנצינדן גרויסע קלעצער, און אַזוי אַרום ברענגען צום איינפאַלן אַלע זיינע באַפעסטיגטע פּאָזיציעס. אין אַזוינע פאַלן קומען אום טויזנטער מענשן, וואָס זענען פאַרנומען בא די ארבעטן, און אויך די ארבעט פון לאַנגער צייט. די צוזאַמענשטויסן צווישן אידן און רוימער זענען געווען גרויזאַם און בלוטיג. „קלאַסישע“ ביישפּילן פון העלדנמוט זענען דאָ, פון אידישער זייט, געליפערט געוואָרן. אפילו די רוימער זענען געשטאַנען ערשטוינט קעגן דער מוטיגער פרייהייט, מיט וועלכער די אידישע העלדן האָבן זיך געוואָרפן צום טויט אין די אָרמס. אָבער ביישטיין קעגן דער רוימישער מאַכט זענען זיי דאָך ניט אימשטאַנד געווען. און בפרט נאָכדעם ווי אַ אומבאַשרייבלאַכער הונגער האָט זיך אָנגעהויבן אין שטאָט, ווען אפילו די סאָלדאַטן האבן הונגעריגע די שטאָט פאַרטיידיגט. דאַן איז עס געקומען דערצו, צו וואס עס האט געמוזט קומען. ירושלים׳ס פעסטונגען זענען געפאַלען אונטער די שווערע קלעפּ פון די רוימישע אייזערנע ווענט־ברעכער. און ירושלים׳ס טויערן האבן געקראַכט אונטער׳ן פייער, וואס טיטוס האט אונטערגעלייגט אונטער זיי. און אַז די רוימער האָבן זיך אריינגעריסן אין שטאָט, האט זיך ערשט רעכט אָנגעהויבן מאָרד און רויב און פיין, צו וועלכע רוימישע גרויזאַמקייט און ריקזיכטסלאָזיקייט איז פעיאיג געווען. די שטאָט איז געוואָרן צו אַש, דער בית־המקדש אַ חורבה־הויפן. בלויז דריי קאָלאָסאַלע טורעמס, פון דעם הורדוס פּאַלאַץ, האט טיטוס איבערגעלאָזט — און זאָלן זיי עדות זאגן, וואס פאר אַ מעכטיגע באַפעסטיגונג ער האט איינגענומען !...

און דאָס פאָלק ? טיילווייז אויסגע׳הרג׳עט אין קריג, טיילווייז

ערמאָרדעט פון שונא'ס האַנט נאָכ'ן זיג. טיילווייז האָבן זיך אַליין אין פייער געוואָרפן און מיט די פלאַמען פאַרשוואונדן. טיילווייז פון הונגער־טויט אומגעקומען און טיילווייז פאַר קנעכט און פאַר דינסטן אין פרעמדע לענדער פאַרקויפט. די חשוב'ע, די נאָטאַבעלן, וואָס האָבן זיך ביים לעבן דערהאַלטן, האָט מען געשמידט אין קייטן, געשלעפּט קיין רוים נאָכ'ן טריאומף־צוג פון טיטוס, בעת ער האָט זיך אַלס זיגער אַהיים אומגעקערט. און די העלדן און די שטאַרקע, האָט מען אין רוימישן צירק אַרויסגעלאָזט אַלס גלאַדיאַטאָרן, צו קעמפן מיט ווילדע, הונגעריגע חיות, כדי משמח צו זיין דאָס רוימישע פאָלק, וואָס האָט זיך הארציג געוויילט בא אַ זעלכע שפּילערייען.

און דאָס ביסל אידן, וואָס זענען איצט נאָך אין דער ארץ־ישראל פּראָווינץ גאַנץ געבליבן, האָט מיט ווייניגע יאָר שפּעטער דערזעלבער גורל געטראָפן.

# בר־כוכבא

צו-גרויס איז געווען דער חורבן פון אידישן פאָלק און אידישן לאַנד דורך טיטוס'ן, אַז די אידן זאלן אים גיך קאָנען פארגעסן. צו־גרויזאם און צו שוידערליך האט רוים באהאַנדלט די אויפ'ס ניי אונטערטעניג געוואָרענע אידן, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען בארואיגן. פינף צענדליג יארן נ אָ כ ' ן חורבן האבן אידן אַלץ נאָך געלעבט אין שטענדיגער טויט־שרעק און כמעט ווי אין קריגס־צושטאנד. יעדער שריט זייערער איז באַוואַכט געווארן, יערע האַנדלונג — אונטערדריקט. בלבולים האבן זיך געשאָטן אויף אידישע קעפּ. מסירות האָבן זיי אומאויפהערליך פאַרפאָלגט. און יעדער בלבול, יעדע מסירה האבן אידן געהאט אויסצוקעמפן מיט אומגעהויער פיל אידיש בלוט.

אַ לעגענדע כאראַקטעריזירט די אידישע לאגע, די רוימישע אכזריות פון יענער צייט:

„די פרוי פונ'ם רוימישן קייזער טראָיאַנוס האט געבוירן א קינד. גראָד איז עס אויסגעקומען אום תשעה-באב — דעם טאָג, ווען אידן האבן געפאסט, געזעסן אויף דער ערד און געוויינט אויפ'ן חורבן ירושלים. דאָס קינד האָט געלעבט קנאַפּע פינף חדשים און איז געשטארבן. דאָס איז גראָד אויסגעקומען אום חנוכה, ווען אידן מאַכן יום־טוב, צינדן אָן ליכט, צום אנדענקען פונ'ם נצחון פון די חשמונאים. זיינען מוסרים געקומען צו דער קעניגין און האָבן זי „אויפמערקזאַם" געמאַכט אויף דעם פאקט, אַז „בשעת זי האט ג ע ב ו י ר ן אַ קינד, האבן אידן געטרויערט, און בעת דאס קינד איז ג ע ש ט א ר ב ן האבן זיך אידן משמח געווען". האט זי דאס געהערט און געגלויבט און געשריבן צו איר מאַן, וואס האט דעמאָלט מלחמה געהאלטן מיט באַרבאַרן: איידער דו בארואיגסט די באַר־באַרן, גיי בעסער און בארואיג וואס גיכער די אידן, וואס זיינען

אין אויפשטאנד געגן דיר. האט זיך טראַיאַנוס אוועקגעלאזט מיט׳ן ים קיין ארץ־ישראל, וואוהין ער האט גערעכנט אָנצוקומען אין צען טעג ארום. האט אים אָבער דאס וועטער גוט געדינט און ער איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל מיט פינף טעג פריער, ווי ער האט גערעכנט. איז ער אריינגעקומען אין בית־המדרש און געטראָפן די אידישע חכמים לערנען דעם פסוק: „גאָט וועט אויפהויבן געגן דיר א פאָלק פון דער וויטן, פון עק־וועלט, און גיך וועט ער צו־פליען, ווי אַן אָדלער.“ האָט טראיאנוס צו זיי געזאגט: „דער אָד־לער — דאס בין איך! וואָרים אנשטאט צו שווימען צען טעג אהער, בין איך געשוואומען בלויז פינף.“ און אַן ווייטערע טענות האבן זיינע לעגיאָנען ארומגערינגלט די חכמים און זיי אויסגע׳הרג׳עט. און צו די אידישע פרויען האט זיך טראיאנוס געווענדט מיט דער פאָדערונג: „גיט זיך אונטער מיינע לעגיאָנען, אויב ניט, וועל איך זיך מיט אייך באגיין, אזוי ווי איך בין זיך באַגאַנגען מיט אייערע מענער.“ האבן די פרויען געענטפערט: „באַגיי זיך מיט די נידע־ריגערע, ווי דו ביזט זיך באַגאַנגען מיט די העכערע“ האבן די לע־גיאָנען אויך זיי אויסגע׳הרג׳עט. האָט זיך דאס בלוט פון די פרויען אויסגעמישט מיט׳ן בלוט פון די מענער. איז דער בלוט־שטראם ווייט געפלאסן און דערגרייכט ביז צום אינזל קיפּראָס.“

און נאָך ווייטער. און אומעטום, וואו דאס רוימישע באַגיין זיך מיט אידן האט דערגרייכט, זיינען די אידן אויפגעבראַכט גע־וואָרן געגן די רוימער. וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט טאָן געגן זיי, האָבן זיי געטאָן. און אז טראַיאַנוס האָט אונטערגענומען זיין גרויסן קריגס־צוג צו מזרח פון דער רוימישער אימפעריע, צו בבל, האבן זיך די אידן אין בבל באוואָפנט אנטקעגנגעשטעלט דער אכזריות, וואס איז אויפגעגאנגען אויף זיי פון רוים. און די אַנטי־רוימישע באוועגונג איז פון אזיען אריבער אויך אין אפריקא — מצרים. און פון די רוימער האט זיך דער אידישער האס אויסגעשפרייט אויך אויף די אידישע שכנים, די ה י י ד ן, וואָס זענען געווען אידישע שונאים און, דירעקט אָדער אינדירעקט, געשטיצט די רוימער, די רויבער, געגן די אידן.

האבן אין איין אָרט די רוימער דערטרונקען דעם אידישן אויפשטאַנד אין אידיש בלוט, האָבן אין אַן אַנדער אָרט די אידן גע־קילט זייער האַרץ אין בלוט פון די רוימער, אָדער היידן — אידישע שכנים. „דאָ האָט זיך אויסגעגאָסן דער גאַנצער כעס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין די אידישע הערצער געגן דער גריכיש־רוימישער אונטערדריקונג". אַזוינע אויפשטאַנדן, אָדער בירגער־קריג, זענען פאָרגעקומען אין בבל, מצרים, קירענע, קיפּראָס און אַנדערע ערטער. סוף־כל־סוף האָבן די רוימער געזיגט. דערביי איז די גאַנצע גרויסע אידישע קהלה אין אַלעקסאַנדריען פאַרטיליגט געוואָרן. די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון דעם אינזל קיפּראָס איז געוואָרן אויס־געראָטן. די אידישע מאַכט אין בבל איז געוואָרן געבראָכן. און די אָנפירער פון די אויפשטאַנדן זענען געווען אין די הענט פון די רוימישע קריגס־פירער, אויף געהאַנגען צו ווערן. אָבער איידער דאָס איז געשען, איז טראַיאַנוס געשטאָרבן. זיין אָרט פאַרנעמט אַ ד ר י אַ נ וּ ס. דער נייער קייסער מאַכט בטל די פאַראָרדנונגען פון די באַאַמטע פון'ם פריערדיקן קייסער און די אידישע פירער פון'ם אויפשטאַנד ווערן ניצול פון טויט.

אַ ישועה!

די צייט איז פאַר רוים אַן אומרואיגע. דער גאַנצער מזרח איז אויפגעבראַוזט געגן די אונטערדריקער פון ארום טיבער. און דער נייער קייסער האַלט עס פאַר בעסער דורך פ ר י ד ל א כ ע מיטלען צו באַרואיגן די אומצופרידענע. זאָגט ער צו די אידן, ער וועט זיי לאָזן ווידער אויפבויען דעם בית־המקדש. ער וועט נאָכאַמאָל אויפ־ריכטן ירושלים. גלויבט מען. און פון די נאָענטסטע און ווייטע גלות־לענדער הויבן אידן אָן זיך צו זאַמלען קיין ירושלים. מ'טרעט אויך צו צום בויען, אָבער שוין אין אָנהויב איז די ערלויבניש צו בויען געגומען געוואָרן צוריק. אייגנטליך, ניט אינגאַנצן. י אָ בויען דעם בית־המקדש, נאָר אַ ביסל אָן אַ זייט פון'ם פריערדיגן; יאָ אָפּבויען ירושלים, אָבער ניט אַזוי האַסטיג... אָבער שוין דאָס בויען דעם בית־המקדש אויף אַן אַנדער פּלאַץ, ניט דאָרט, וואו דער ערשטער בית־המקדש איז געשטאַנען, איז פאַר אידן גלייך ווי

גאָרניט בויען. האָט דאָס בויען אויפגעהערט. איז די אומצופרידנ־קייט געוואַקסן טיף און ברייט. אָבער ביז אַ צייט וואַרצלט זי זיך, ברענגט אָבער קיין פרוכט ניט, ברעכט ניט אויס אין מעשים.

איבער צען יאָר זיינען פאַרביי. די מזרח־לענדער האָבן זיך באַרואיגט. אַדריאַנוס מאַכט אַ טריאומף־צוג איבער זיין מלוכה. ער קומט אויך קיין פּאַלעסטינע. באַזוכט ירושלים. און דאָ קומט אים אויף דער געדאַנק:

אויפצוריכטן ירושלים אַלס מיליטערישע פעסטונג און אַלס רוימישן צענטער פאַר יופּיטער'ן, דעם היידנישן גאָט.

און אַזוי זאָל עס געשעען! די אַרבעט הויבט זיך אָן!

זאָל דאָס ניט אויפרייצן די געמיטער? דער לעצטער פונק פון האָפנונג אויף פרייהייט צאַנקט, און זאָל ניט קיין איינציג מאָל ווידער אויפפלאַקערן? דאָס וואָלט געווען אומנאַטירלאַך. און עס געשעעט דאָס נאַטירלאַכע: די מוטיגע און באַגייסטערטע און באַ־וואָפנטע זאַמלען זיך צונויף אין עמק־יזרעאל און האַלטן אָפּ אַ באַראַטונג: שוין זיך אויפהויבן געגן די רוימער, מיט געווער אין האַנט, אָדער דערווייל נאָך אָפּלייגן דעם אויפשטאַנד? דאָס מאָל האָבן געזיגט די מעסיגע. אָבער נאָר ביז אַ צייט. כאָטש אָפּגעלייגט דעם אויפשטאַנד, בילדן זיך דאָך קליינע גרופּן פאַרשווערער, וואָס הערן ניט אויף זיך באַראַטן און צוצוגרייטן און אָרגאַניזירן דעם פאָלקס־צאָרן צום אָפענעם קריג מיט די רוימער. און די גרעסטע גייסטער פון דער צייט שטייען מיט די פאַרשווערער. גענוג צו דערמאָנען רבי עקיבא'ן, וואָס איז דאָך געווען דער אנערקענטער גייסטיגער פירער פון גאַנצן פאָלק. מיט סכנת־נפשות, אין פאַר־וואָרפענע ווינקעלאַך פלעגן זיי אָפּהאַלטן זייערע זיצונגען. אַ ברייטע, נאָר אונטערערדישע פּראָפּאַגאַנדע האָבן זיי אָנגעפירט פאַר זייער אויפגאַבע. רבי עקיבא איז אומגעפאָרן איבער ארץ־ישראל, בבל און אפילו קליין־אַזיען און געוועקט באַ די דאָרטיגע אידן דאָס אינטערעס און מיטגעפיל צום קומענדיגן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער פרייהייט. און אויפ'ן אָרט האָט מען אין היילן געשאַפן לאַגערן פון געווער, פון שפּייז און פון אַלעם־נויטיגן פאַר אַ לענגערן פאַרטיזאַ־

ניש̇ן קריג. מ׳האט אפילו געמאכט אונטערערדישע דורכגענג פון היי̇ל צו היי̇ל. אלץ האט מען צוגעגרייט צום אויפשטאנד.

און דער רוימישער פארטרעטער אין ארץ־ישראל האט אויך פון זיין זייט געטאן אלץ, וואס ער איז געווען בכח, כדי דעם אויפ־שטאנד ארויסצורופן. ער דעמאראליזירט און פארגוואלטיגט אידישע פרויען; ער באליידיגט מיט וואס ער קאן נאר די רעליגיעזע געפילן פון אידן; ער און די זייניגע האלטן זיך מיט הוצפה, גלייך ווי זיי וואלטן קיין אנדער אויפגאבע ניט געהאט אין לאנד, ווי נאר ארויס־צורופן אן אויפשטאנד, גלייך ווי זיי וואלטן געוואַרט דערויף: און זיי האבן זיך דערוואַרט: דער אויפשטאנד האט אויסגעבראכן (131 אדער 132 נ. ק. געבורט).

און אויסגעבראכן האט ער אין די פארשידנסטע פונקטן מיט אמאל. וואו עס האט זיך באוויזן א רוימישער לעגיאן, דארט איז מען אים באפאלן; וואו עס האט זיך באוויזן א גרופע באוואפנטע רוימער, האבן זיי זיך אנגעשטויסן אויף געגן וואפן. דער אנפירער פון דעם אויפשטאנד, איינגאנצן געגומען, איז געווען ב ר ־ כ ו כ ב א. זיין אמת׳ן נאמען ווייסט מען ניט זיכער, „בר־כוכבא“ האט מען אים גערופן דערפאר, וואס רבי עקיבא האט גע־זאגט, אז דער פסוק „ד ר ך כ ו כ ב מ י ע ק ב“ — „א שטערן וועט אויפגיין פון יעקב׳ן“ — „והיה אדום ירשה“ — „און ער וועט ירש׳נען אדומ׳ן“ (רוים, הייסט עס) גייט אויף „בר־כוכב׳ן“. מען רעכנט, אז ער האט געהייסן ש מ ע ו ן. אבער קיין חילוק ניט. א העלד איז ער געווען, און א אידישער פאטריאט איז ער געווען, און פאר קיין שום פרייז אין דער וועלט איז ער ניט איינגעגאנגען אויף רעליגיעזן אדער נאציאנאלן שמד. גאנצע לעגענדעס זענען געבליבן וועגן זיין גבורה און וועגן די איבערמענשלאכע גבורות פון זיינע נאענטע העלדן. פיר מאל הונדערט טויזנט מענשן האט זיין חיל געציילט. און אויף טויט און אויף לעבן זענען זיי געהארכזאם געווען. דער רוימישער פארטרעטער אין פאלעסטינא, טינעאוס רו־פוס (אידיש: טורנוס רופוס, וואס מיינט: דער ט י ר א ן רופוס) האט גאר ניט געקאנט טאן קעגן בר־כוכבא און די פארטיזאנען. אין

משך פון איין יאר צייט האט בר־כוכבא געהאט אין זיין רשות איבער פופציג באפעסטיגטע פונקטן און קנאפע טויזנט שטעט און דערפער ניט באפעסטיגטע. און די אידישע באפעלקערונג — זי איז אינגאנצן געווען מיט אים, אויב ניט צו רעכענען א קליינע מינדערהייט פון געלערנטע אין פאלק, וואס האבן געראטן זיך אונטערצוגעבן די רוימער — ווייל קיין גוטס וועט פונ׳ם אויפשטאנד ניט ארויסקומען. דער גרויסער נצחון פונ׳ם ערשטן יאר האט אלעמען פארבלענדט די אויגן. אפילו אזא גרויסער גייסט ווי ר׳ עקיבא האט געגלויבט, און האט עס אויך אפן ארויסגעזאגט, אז בר־כוכבא — דאס איז משיח! און די קעמפער אליין — ווי שטאלץ זיי זיינען געווען בא זיך! מ׳דערציילט, אז בר־כוכבא האט זיך אמאל געווענדט צו גאט מיט א תפלה: רבונו של עולם, דו העלף נאר ניט אונזערע פיינט, מיר וועלן זיך אליין העלפן!...

שטעקט דערין „חוצפה געגן הימל“, אבער וויפיל העלדיש זעלבסטבאוואוסטזיין! און אין דער איבערנאטירלאכער העלדישקייט פון די אויפשטענדיגע האט מען אפילו אין רוים אויך מודה געווען. אויב לכתחילה האט מען דארט אונטערשעצט די אידישע מאכט, האט מען זיך אבער אין משך פון ערשטן יאר ארומגעזעען, אז דאס איז געווען א טעות. איצט שיקט רוים קיין ארץ־ישראל איר באַרימטסטן קריגס־פירער: יוליוס סעווער. ער האט אונטער זיין קאמאנדע פיר רוימישע לעגיאנען. טריט פאר טריט הויבט ער אן אויסצוראטן די פארטיזאנען, איינצונעמען צוריק יהודה. פיר־און־פופציג אנפאלן האבן די רוימער געהאט אונטערצונעמען ביז וואנען זיי זענען ווידער געווארן בעלי־בתים אין לאנד. דער לעצטער פונקט איז געווען די באפעסטיגטע שטאט ביתר, ניט ווייט פון ירושלים. נאך א לאנגער באלאגערונג, נאך א ריי אנטפלעקטע פעסטונגס־סודות מצד שומרונישע שפיאנען, האבן די רוימער די פעסטונג איינגענומען. דא איז אומגעקומען בר־כוכבא מיט זיין גאנצן חיל. דא האט מען אויסגעקוילעט אפילו די פרידלאכע באפעלקערונג, וואס האט זיך באהאלטן אין דער פעס־

טונג. דאס בלוט, וואס איז דארט פארגאסן געווארן, לאזט זיך ניט שאַצן און ניט מעסטן.

דריי מיט אַ האַלב יאר האט זיך געצויגן דער אויפשטאַנד. איבער אַ האַלב מיליאָן אידן זענען געפאַלן באוואַפנטע אויף דעם שלאַכט־פעלד. נאָכאמאָל אַזוי פיל זענען אומגעקומען אין די שטעט, אין די היילן און אין די פעסטונגען פון הונגער און פון קראַנקייטן. און צענדליגער און צענדליגער טויזנטער נפשות זענען פארקויפט געווארן פאר שקלאַפן אין די פארשידנסטע לענדער, פון וואנען זיי האָבן מער זיך ניט אומגעקערט... און נאָר אַ קליינער טייל האָט זיך געראטעוועט לעבעדיג און אַנטלאָפן קיין אראביען, בבל אדער קליין־אזיען.

איצט, אַז דער אידישער אויפשטאַנד איז געווען אונטער־דריקט, האָט אדראָנוס אויסגעפירט זיין אַלטן פּלאַן: מאַכן פון ירושלים א רוימישן קולטוס־צענטער. די שטאט ווערט איבערגעבויט, מ׳גיט איר אַ נאָמען: ע ל י אַ   ק א פּ י ט אָ ל י נ א — לכבוד דעם קייזער ע ל י ו ס אדריאנוס און דעם ק אַ פּ י ט א ל י ש ן יופיטער. דעם טעמפּל פאַר יופיטער׳ן האָט מען אויסגעבויט אויפ׳ן פּלאַץ, וואו עס איז פריער געווען דער בית־המקדש. די שטאט איז פול געווען מיט עפנטלאַכע בנינים, מיט טעאַטערס, מיט שפּיל־פּלעצער און מיט סטאַטועס פון גריכישע און רוימישע געטער. מיט צופרידנקייט האט מען געזען אריינקומען אין שטאט אריין מענשן פון אַלערליי נאַציאָנען, נאָר פאר אידן איז דער אריינגאַנג אין שטאט אריין געווען פארבאָטן...

אָבער פארגעסן אָן זיי האט מען ניט. נאָכדעם ווי מ׳האט בּאַ זיי אָפּגערויבט זייער פּ אָ ל י ט י ש ע פרייהייט, האָט מען געפּרובט אָפּצונעמען באַ זיי אויך זייער ג ע ו ו י ס נ ס־פרייהייט. מ׳פאָדערט ניט פון זיי צו אנערקענען און צו דינען די רוימישע געטער, נאָר מ׳לאזט זיי ניט אויסדריקן זייער אנערקענונג און דינען זייער אידישן גאָט. דאָס וויכטיגסטע פון אידישן גלויבן איז פאַר־באָטן געווען צו דערפילן. ניט מילה, ניט שבת, ניט תפילין און ניט אפילו בלויז תורה לערנען. פאר עובר זיין אויף אַזאַ פארבאָט האט

מען באשטראפט מיט טויט־שטראף. דעם אויפזעער דארויף, אז אידן זאלן אפּהיטן די פארבאָטן, האט מען באשטימט דעמזעלבן טורנוס רופוס, וואָס האָט ארויסגעוויזן זיין גאנצע אומפּייאיקייט אין קריג מיט בר־כוכבא׳ן. אָבער אין פרידנס־צייט, א באוואָפנטער געגן אומבאוואפנטע, האט ער ארויסגעוויזן די טיראנישסטע העל־דישקייט. די געפערלאכסטע צייט האָט זיך איצט אָנגעהויבן אי פאר די אידן, וואָס זענען נאָך אין לאנד געבליבן, אי פאר׳ן אידנ־טום, וועמען זיי זענען טריי געבליבן. די „צייט־געזעצן" פון דער תקופה האָבן זי אויך גערופן: „די צייט פון סכנה", „די צייט פון גזרות", „די צייט פון שמד" א. ד. ג. דער הערשער פון אויבן און זיינע שליחים, שפּיאָנען און מוסרים, אונטן, האָט געהאַט נאָר איין ציל: אויסראָטן דאָס אידנטום. און ממילא, האָט מען געהאָפט, וועט זיין פּלאץ פארנעמען דאָס גריכיש־רוימערטום. אָבער דער פּאסיווער ווידערשטאנד פון די אידן האָט זיך ארויסגעוויזן שטארקער, ווי דער רוימישער פויסט. אין דער שטאט לוד איז פאָרגעקומען א געהיימע באראטונג פון תנאים, כדי פעסטצושטעלן, וועלכע מצוות מעג מען נ י ט מקיים זיין, אויב עס דראט דערפאר דער טויט, און וועלכע מ ו ז מען מקיים זיין — אפילו ווען א שארפער שווערט ליגט דיר אויפ׳ן האלז. געווען אזוינע, וואס האבן געזאגט: אויב עס גייט אום אונטערברענגען דאס אידנטום, דאן דארף א איד זיך לאָזן הרג׳נען און ניט עובר זיין אויף דער מינדסטער מצוה. די מערהייט האט אָבער אנדערש באשלאסן: בלויז אין דריי פאלן דארף א איד גיין אויף קדוש־השם און ניט נאָכגעבן, נעמלאך: אויב מ׳צווינגט אים צו דינען געצן, אויב מ׳צווינגט אים צו אומזיטלאכן געשלעכטס־לעבן און אויב מ׳צווינגט אים בלוט צו פארגיסן. אין אלע אנדערע פאלן מעג ער זיך אונטערגעבן, אבי ניט גע׳הרג׳עט צו ווערן. דער באשלוס איז אָנגענומען געווארן פאר אלע. אָבער סוף־כל־סוף איז עס איבערגעלאזט געווארן פאר יעדן איינצלנעם צו האנדלען לויט זיין געוויסן. געווען שטארקע, געווען שוואכע, די שוואכע זענען פארשוואונדן. די שטארקע האבן מנצח געווען דעם רוימישן דעס־פּאטיזם אויף דורי־דורות. אויף זייערע רוקנס זיינען געשמידט גע־

וואָרן און אין זייער בלוט זענען געשטאָלט געוואָרן די אייביג־נאַציאָנאַלע, מאָראַלישע ווערטן: „קדוש השם“, „מסירת־נפש“, אָדער מקריב זיין זיך פאר גאט און פאר דער תורה. אַ גאנצער דור פון גרויסע גייסטער האט זיך באַוואוסטזיניג אנטקעגנגעשטעלט דער רוימישער מוטוויליקייט און רואיג דעם טויט אַנטקעגנגעגאנגען.. רבי עקיבא, דער גייסטיגער פירער פון די אידן אין יענער צייט, אַן אָנהענגער פון בר־כוכבא, האט זייער גוט געוואוסט, וואס עס דערוואַרט אים, אז ער וועט אריינפאלן צו טורנוס רופוס'ן אין די הענט אַריין; אָבער ער לאזט זיך ניט שטערן; ער זאמלט ארום זיך תלמידים און לערנט מיט זיי תורה. און אַז מ'האט אים געכאַפּט און געפירט צום טויט, האט מען זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען געריסן פון אים, און ער האט ביז דער לעצטער מינוט ניט אויפגעהערט הויך צו שרייען: „שמע ישראל!“ און אַ צווייטן תנא, רבי חנינא בן תרדיון, האט מען איינגעוויקלט אין אַ ספר־תורה, ארויפגעלייגט אויף אַ שייטער־הויפן פון נאַס האָלץ און אויפ'ן הארצן האט מען אים ארויפגעלייגט נאַסע וואָל, כדי ער זאל לאַנגזאמער פארברענט ווערן. און פון פייער ארויס האט ער זיין טאָכטער וואָס איז דערביי געשטאַנען, געטרייסט און געזאָגט: „דער, וואס וועט זיך נוקם זיין פאר'ן מבזה זיין די תורה, דער וועט זיך אויך פאר מיר נוקם זיין...“ און אַ דריטער, רבי יהודה בן בבא, אז ער האט געזען ווי די גרויסע פירער פון פאלק קומען־אום איינציגווייז און גרופנווייז, האט ער מורא געהאט, אידן וועלן בלייבן ווי שאָף אָן הירטן, האט ער צונויפגענומען זעקס תלמידים, זיי געגעבן סמיכה און זיי צוואה געלאָזט, אז זיי זאלן זיך איינשטעלן פאר'ן פאלק, פאר גאט און פאר דער תורה, דערווייל האָט מען דערזען רוימישע סאָלדאַטן גייען־צו, האט ער צו די תלמידים צוגעשריען:

— לויפט, קינדער!

— און מיט דיר, וואס וועט זיין? — האבן זיי אים געפרעגט.

— איך וועל דאָ פאר זיי ליגן בלייבן, ווי אַ שטיין, וואס מ'קאַן פון אָרט ניט רירן.

מיט די שפיזן האבן אים די רוימישע סאלדאטן געשטאכן אזוי לאנג, ביז זיין לייב איז געווארן דורכגעלעכערט, ווי א זיפ.

צען אזוינע פאלן זענען פארשריבן געוואָרן.

דאָס זענען אָבער בלויז א פּאָר טראָפּן פון ים. פיל אַנדערע און גרעסערע אכזריות האבן די רוימער אָנגעווענדט צו די אידישע חכמים און טרייע צו דער אידישער אמונה, נאָר עס איז אוממעג־לאָך אַלץ צו פארשרייבן. די צרות פון׳ם היינטיגן טאָג האָבן געמאכט פארגעסן די צרות פון נעכטן. און וואלט מען וועלן גע־דענקען אַלע טעג פון דער „תוכחה״, וואלטן קיין טעג אין יאר ניט געקלעקט. און די תוכחה וואָלט זיך אַלץ נאָך ניט אויסגענומען. נאָר אונטערגעגעבן האבן זיי זיך ניט.

אָבער א פולשטענדיגער איבערברוך איז איצט געקומען אין דער אידישער וועלט־אָנשויאונג. דער אידישער שווערד איז איבער־געשמידט געווארן אין א פעדער, דער פאנצער — אין א טאָוול. און מיט די צוויי קולטור־סימבאלן: ל ע ר נ ע ן און ש ר י י ב ן לאזן זיי זיך אין דער ווייטער און שווערער צוקונפט אריין, מיט דעם פעסטן גלויבן, אז דאס וועט זיי נוצן און שיצן בעסער ווי שווערד און פאנצער.

און זייער האָפנונג האט זיי ניט אָפּגענארט!...

# רבי יהודא הנשיא

**רבי יהודה הנשיא, דער זאמלער און אָרדנער פון משנה**

ניט בלויז איינער פון די מעכטיגסטע זיילן פון דעם היסטאָרישען אידנטום איז רבי יהודה הנשיא געווען, נאָר ער איז אויך געווען איינער פון יענע היסטאָרישע פערזענליכקייטן, וואָס האָבן דעם אידישן פאָלק געגאָלטן ווי אַ טרייסט און אַ פאַרגיטיגונג פאַר זיין גרויסן חורבן: פאַר דער נאַציאָנאַלער עהרע וואָס דער שונא האָט אָפּגערויבט: פאַר דער נאַציאָנאַלער קדושה וואָס דער שונא האָט פאַרשוועכט; און פאַר דעם נאַציאָנאַלן אָנזען וואָס ער האָט דורך דעם שונא פאַרלאָרן.

מלכות'דיג און הייליג איז רבי יהודה הנשיא. מלכות'דיג — שוין צוליב דעם יחוס, וואָס האָט דורך הלל'ן געגרייכט ביז דוד המלך, און אפילו דער רוימישער קיסר האָט פאַר אים געהאַט גרויס אַכטונג. און גוט און פרום און הייליג איז ער געווען — אַז דאָס גאַנצע פאָלק און אין אַלע דורות האָט אים גערופן: „הייליגער רבי אונזערער" (רבנו הקדוש). און רייך איז ער געווען, אַז דער וועכטער פון זיינע שטאַלן, אַזוי פלעגט מען זאָגן, איז רייכער געווען ווי אַן אַנדער מלך...

און גראָד דעמאָלט האָט דאָס פאָלק אַזוי נויטיג געהאַט טרייסט און פאַרגיטיגונג. וואָרים געבוירן געוואָרן איז ער, אַן ערך, פינף און־זעכציג יאָר נאָכ'ן חורבן (135). די וואונדן זענען נאָך געווען פריש. עס האָט נאָך ניט אויסגעטריקנט דאָס בלוט, וואָס דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא האָט געקאָסט דעם אידישן פאָלק. אנדרינוס, דער אידישער פאַרטיליגער, האָט געהאַלטן זיין שווערע פוס אויפ'ן אידישן נאַקן. עס איז די אידן פאַרבאָטן געווען — א י ד ן צו זיין. אין זייער אייגן לאַנד האָבן די פרומע און די גערעכטע געמוזט פירן אַ פאַרשטעלט, כמעט אַ מאַראַנען־לעבן — כדי צו קאָנען דערפילן די מצוות, וואָס די רוימער האָבן פאַרבאָטן. מיט מסירת־נפש האָט רבי יהודה הנשיא'ס פאָטער — דער נשיא רבי שמעון בן גמליאל דער צווייטער — אים געלאָזט מל זיין, וואָס עס איז

געוועז פארבאָטן אונטער טויט־שטראָף. קיין שטענדיגער גייסטיגער צענטער, וואו דער סנהדרין זאָל זיצן, וואו דער נשיא זאָל זיך געפינען, איז ניטאָ. עס וואנדערט דער סנהדרין און עס וואַנדערט דער נשיא פון אָרט צו אָרט, פון שטאָט צו שטאָט. און גזרות נאָך גזרות שיטן זיך אויף זייערע קעפּ. און אפילו נאָך אדרינוס'עס טויט (138) אַז זיינע גזרות ווערן טיילווייז בטל, דויערט עס ניט לאַנג און זיי ווערן צוריק באנייט. שווערע אומדערטרעגליכע צייטן שטייען פאַר דעם אידישן פאָלק. דער נשיא, רבי שמעון בן גמליאל, איז זיך דאָך באוואוסט. און ער באגרייפט אויך, וואָסערע אויפגאבן עס שטייען פאָר זיין זון, זיין יורש און נשיא רבי יהודה. און אין הסכם מיט די פאָראויסגעזעענע אויפגאבן ערציט ער אים.

און די אויפגאַבן זענען צווייערליי: ערשטנס, בייצושטיין דעם פאָלק אין זיינע פאָליטיש־בירגערליכע נויטן; פאָרצושטעלן דאָס פאָלק פאַר דער גרויזאמער, רוימישער מאכט. קאָנען זיך צופּאַסן צו דער עקזיסטירנדער לאַגע און זי אויסנוצן אמבעסטן. דאָס הייסט: „איינצוהאלטן און ווי ווייט מעגליך פארשטארקן די אינערליכע זעלבסטשטענדיקייט, אָדער אומאָפּהיינגיקייט פון דעם געבליבענעם פאָלק". און צווייטנס זאָרגן פאַר דעם קיום פון אידנטום; עס זאָל ניט הערשן אַזאַ גוואַלדיגער סעפּאַראַטיזם צווישן די פארשידענע ישיבות. איין תורה, איין געזעץ און איין לעבנספאָרם זאָל גילטן פאר אידן אין זייער גאנצער צעשפּרייטקייט. אלץ אינאיינעם צונויפגענומען — וועט עס אויך די לערנער און דעם פאלק גרינגער זיין זיך צו אָריענטירן אין דעם גרויסן לאבירינט פון געזעצן, וואָס רעגולירן דאס אידישע לעבן.

איז לויט די אויפגאבן — די ערציאונג.

דעם פאָטער'ס הויז איז דאָס אָרט וואו ער ווערט ערצויגן. דעם פאָטער'ס אַן אַלטער חבר און אַ גרויסער געלערנטער, רבי יהודה בן קורשאי, איז זיין רבי, אָבער זיין פאטער לערנט אויך מיט אים. ער לערנט פיל אויך פון די גרויסע תנאים, וואס פארקערן שטענדיג אין פאָטער'ס הויז. תנאים — און מיטגלידער פון סנהדרין, וואו עס ווערן באטראכט און באשלאָסן וויכטיגע פאָליטישע טאָג־

פראגן. נאך גאר יונג, איז ער א פארטיגער מענש. מיט תורה און מיט חכמה, מיט שפראכן און מיט נאטור־קענטשאפט, מיט גוטס־קייט און מיט פרומקייט און מיט גוטע מדות. און אין דער צייט שוין נעמט ער עס אונטער אומצואוואנדערן פון ישיבה צו ישיבה, כדי צו דערלערנען די געזעצן, אדער הלכות, צי משניות, וואס די פארשיידענע תנאים האבן פעסטגעשטעלט אין פארשיידענע ישיבות. און דערביי אויך קלאר צו מאכן זיך בא וואסערע באדינגונגען און אין וועלכע צייטן און צו וועלכע צוועקן זיי זענען געשאפן געווארן. און אינאיינעם דערמיט אויך אויסצופארשן די באציאונגען, אין וועלכע די פארשיידענע משניות פון די פארשיידענע ישיבות האבן זיך געפונען צו אנאנדער. אזוי זאמלט ער צונויף ד ר י י צ נ ע ר ־ ל י י משניות, פון פארשיידענע נוסחאות, פון פארשיידענע ישיבות. ער נעמט דאס אלץ ארום. זעט איין די געפאר דערפון, וואס א זאך, וואס איז אין איין ארט כשר, איז אין אן אנדער ארט טריף; א זאך וואס איז אין איין ארט טהור, איז אין א צווייטן ארט טמא. ווארים פון דער אייגענער תורה ווערן פיל תורות. און פיל תורות איז גלייך ווי גארנישט קיין תורה. געבענשט מיט גרויסע פייאיגקייטן, מיט א סינטעטישן שכל, וואס פון פ א ר ש י ד ע נ ע מיינונגען פאר־שטייט ער ארויסצוגעפינען די פונקטן וואו זיי זענען איייניג — נעמט ער עס אונטער: פון די אלע דרייצן באזונדערע משניות׳ן, אדער הלכות, צו שאפן איין אייינהייטליכע משנה. און די הלכות אדער משניות זאלן גילטיג זיין פאר א ל ע ערטער, ווי צו לעבן אזוי צו לערנען. אמת די ארבעט איז אן אומגעהויער שווערע. דאס קלייבן, רייניגן, פארגלייכן, רעדאגירן און קלאסיפיצירן די הלכות פאדערט פיל צייט און פיל רו. אבער דערצו האט אים אויך דאס מזל געדינט. שוין צו דרייסיג יאר (165) ווערט ער נשיא — אלזא, די העכסטע אויטאריטעט בא אידן! דערצו, מיט פיר יאר פריער, איידער ער איז געווארן נשיא (161), איז אין רוים געווארן קיסר מארקוס־אוירעליוס־אנטאנינוס. א קיסר א פילאזאף, א מענש מיט א הויכער מאראל, ווייט פון דעם בייזן ווילן — צו אונטערדריקן די פעלקער, וואס זענען אונטערווארפן צו רוים. ער לאזט די פעל־

קער רואיג לעבן און זיך אנטוויקלען. עס געניסן דערפון אויך די אידן. די קעניגליכע באאמטע, וואס פארוואלטן מיט ארץ־ישראל, באגייען זיך מענשליך מיט די איינוואוינער פון לאנד, פארקערן אויך פריינדליך מיט דעם אידישן נשיא, וואס האט געהאט א שם מיט זיין געלערנטקייט און זיטליכקייט. מען האט אין רוים געוואוסט דערפון און געהאט אכטונג צום אידישן נשיא. און אין יאר 175, אז מארקוס־אוירעליוס באזוכט סיריה, רופט ער ארויס דעם נשיא קיין קיסרין. דער נשיא בלייבט דארט א לענגערע צייט. עס קומען צו רייד פארשיידענע פילאזאפיש־עטישע פראבלעמען. דער נשיא האט נאכדעם איבערגעגעבן געוויסע מיינונגען, וואס ער האט גע־הערט פון קיסר, און אין מארקוס־אוירעליוס שריפטן געפינען זיך ניט ווייניג מיינונגען, וואס זענען געווען דיזעלבע וואס רבי יהודה הנשיא האט געלערנט. עס פארבינדט זיך א גרויסע פריינטשאפט צווישן די צוויי גרויסע גייסטער. דער קיסר גיט אים אוועק א גרויסע שטיק לאנד צו באארבעטן, און רבי יהודה הנשיא ווערט רייך דער־פון און אין הונגער־יארן קאן ער אויסהאלטן מיט ברויט די גאנצע הונגעריגע באפעלקערונג, און אין נארמאלע יארן האלט ער אויס זיינע תלמידים און סתם חכמים. וואס נויטיגן זיך אין אונטער־האלטונג.

גאנצע צוואנציג יאר האט געדויערט דאס קעניגן פון דעם גוטן קיסר. זעכצן פון זיי — פאר רבי יהודה הנשיא. דאס זענען געווען ג ו ט ע צייטן פאר אידן. רואיגע צייטן פאר זייער נשיא. און ער נוצט אויס די דאזיגע גוטע צייט אויף אפצוטאן די גרויסע קולטור־ארבעט, וואס ער האט אויף זיך גענומען. ער קלאסיפיצירט די משניות לויט זייער אינהאלט און טיילט זיי איין אין זעקס סדרים, אדער געננ. יעדער סדר איז ווידער איינגעטיילט אין באזונ־דערע מסכתות. דער ערשטער סדר (זרעים) באהאנדלט דערהויפט די אגראר־געזעצן; דער צווייטער (מועד) — יום־טובים; דער דריטער (נשים) — פאמיליען־רעכט; דער פערטער (נזיקין) — ציוויל־און קרימינאל־רעכט" דער פינפטער (קדשים) — קרבנות, כשר און טרפה; און דער זעקסטער (טהרות) — היגיענע און סאניטארי.

און אין וואס פאר א גלענצנדער שפראך!

עס האט זיך דעמאלט כמעט ניט געלאזט אפשאצן די גרויסע וויכטיגקייט פון דער דאזיגער ארבעט פאר דער עקזיסטענץ און ווייטערער אנטוויקלונג פון אידנטום. אבער אויך אין זיין צייט האבן מענשן איינגעזעען די גרויסע פארגרינגערונג וואס ער האט געבראכט פאר אלע די, וואס האבן געוואלט האבן א קלארע משנה, א זיכערע הלכה און ניט דארפן ערשט זיי ארויסזוכן פון בערג גאנצע מיט פלפולים און אויסדרינגענישן און סתירות, צו וואס וויט ניט יעדערער אי זפייאיג. און נאך א וויכטיג וואגן: אנשטאט דעם וואס ביז אים האט מען די אלע משניות, אין א געוויסער ארדנונג אדער אן יעדער ארדנונג, געמוזט געדענקען אויסוועניג — ווייל תורה שבעל־פה האט מען ניט געטארט פארשרייבן — האט רבי יהודה הנשיא זיך דערלויבט די משנה צו האבן א ג ע ש ר י ־ ב ע נ ע, א פעסטגעשטעלטע, איין פאר אלע מאל, און איינע פאר אלע. און זיין אויטאריטעט איז געווען גרויס געווען, אז די משנה, וואס ער האט געזאמלט און רעדאגירט, זאל אנערקענט ווערן ווי דער צ ו ו י י ט ע ר ספר פון דער תורה. אנערקענט — און געהייליגט. אלע איבעריגע משניות, וואס רבי האט אין זיינע משניות נ י ט ־ אריינגענומען, זענען אפילו אויך געזאמלט געווארן, אבער בלויז אלס צ ו ג א ב (תוספתא). אין קיין שום קאנקורענץ מיט רבי׳ס משנה, פאר אנערקענונג, שטייען זיי ניט... אלע יענע הלכות, וואס רבי האט אריינגענומען אין זיין קאדעקס, הייסן משניות. אלע יענע מענשן, וואס זענען דערמאנט אין רבי׳ס משנה, הייסן: תנאים. וואס נאכדעם איז געקומען, האט מער ניט געהייסן מ ש נ ה, נאר ג מ ר א. די וואס האבן ווייטער אנטוויקלט און ערקלערט רבי׳ס משנה האבן מער ניט געהייסן תנאים, נאר אמוראים. אז ע ר האט פאראייביגט די תורה שבעל־פה — דאס האבן שפעטער אלע מודה געווען. אבער אין זיין צייט, און אפילו צווישן זיינע תלמידים, האבן זיך געפונען אזוינע, וואס האבן אפן אדער באהאלטן ניט סימפאטיזירט מיט דע ראַרבעט פון רבי יהודה הנשיא. אנדערע פון זיי פלעגן זיך אפילו אמאל ערלויבן שארפע וויצן קעגן אים, שטעכ־

ווערטלעך, אָנצוהערענישן. אָבער ער פֿלעגט דאָס פֿארבייגיין אומ־באַמערקט. ער האָט נאָר אַלע טאָג גאָט געבעטן, ער זאָל ניט אָנשיקן אויף אים קיין עזות־פּנים'ער, אָבער די עזות־פּנים'ער האָט ער במעט שטענדיג געלאָזט צורו.

ווארים בא זיין גאנצער גרויסקייט און פּאַרנעס, סיי לויט זיין פּערזענליכקייט און סיי לויט זיין לאגע, איז ער דאָך געווען זייער באַשיידן. ער שעמט זיך ניט צו זאָגן, אַז יענער און יענער קאָן מער לערנען פֿון אים. עס איז אים גוט צו רעקאָמענדירן אַ תּלמיד זיינעם אויף פּירנדער שטעלע און ערקלערן: "ער איז אזאַ חכם ווי איך". ער ערלויבט זיך צו זאגן, אַז „פֿיל האָט ער געלערנט פֿון זיינע רביים, מער — פֿון די חברים, און מער ווי פֿון אלעמען האָט ער געלערנט פֿון זיינע תּלמידים". אפילו אין טעגליכע פֿראגן נעמט ער אָן אַ גלייכע עצה, פֿון וועמען עס מאַכט זיך, — פֿון גרויסע ווי פֿון קליינע.

און אפילו די משנה. אין הסכם מיט זיין מיינונג איז עס געזאָגט געוואָרן, אַז פֿון דער בלויזער משנה, אָט ווי זי שטייט געשריבן, טאָר מען נאָך ניט פּסק'נען קיין דין. די משנה איז אַ סגולה צום געדענקען. מען דארף זי לערנען, חזר'ן און קענען. אָבער כדי אַ דין צו פּסק'נען איז נויטיג ערשט צו באַדינען תּלמידי־חכמים און זען ווי די משנה ווערט אין דער פּראַקטיק אָנגעווענדט.

אָבער ניט בלויז אין לערנען. אין לעבן איז ער אויך זיין באַזונדערן וועג געגאַנגען.

ער פֿירט אַ קעניגלאַכן הויף. אויב זיין לאַגע, אַלס נשיא, פֿאָדערט עס ניט פֿון אים, פֿאָדערט עס פֿון אים זיין נאָענטקייט צו די רוימישע הויפלייט. ער האַלט אָן אַ רייכן טיש, אָבער ניט קוקנדיג אויף דעם אַלעם האָט ער געקאָנט עדות־זאָגן פֿאַר גאָט.

„רבונו של עולם, דו ווייסט, אַז אַרום דער תּורה האָב איך זיך באַמיט מיט אַלע מיינע צען פֿינגער, אָבער קיין הנאה פֿון דער וועלט האָב איך אפילו מיט'ן קליינעם פֿינגער אויך ניט געהאַט..."

און הגם נאָענט צו די רוימישע גרויסע, לאָזט ער זיך דאָך פֿון זייער קולטור ניט באַאיינפלוסן. בא אים אין הויף רעדט מען העברעאיש. עס איז באַקאַנט געווען, אַז אפילו זיינע דינסטן האָבן גע־

רעדט אַ מוסטערהאַפטע העברעאישע שפּראַך. און ער האָט אויסגע־דריקט זיין פאַרדרוס דערויף, וואָס דאָס פאָלק רעדט האַלב העב־רעאיש און האַלב אַראַמעאיש, אַ מין געמישטן זשאַרגאָן. עס טוט אים וויי צו זען דאָס אידישע פאָלק אין אַן אומנאָרמאַלער לאַגע, ווי מאַראַליש אַזוי מאַטעריעל. און ווי ווייט ער קאָן באַמיט ער זיך צו קומען צו הילף, כּדי דאָס לעבן גרינגער צו מאַכן. ער איז מבטל פיל דינים פון „מוקצה" (זאַכן וואָס מען טאָר זיך אָן זיי ניט אָנרירן) אום שבת; ער איז מבטל פיל פּרטים פון עירובין; ער איז מתיר צו אַרבעטן אום שמיטה — ווייל די הויכע רוימישע שטייערן האָבן עס אוממעגלאַך געמאַכט, אַז מען זאָל באַאַרבעטן די ערד זעקס יאָר און דעם זיבעטן יאָר זאָל מען רוען (זיין פרומער חבר, רבי פּנחס בן יאיר, האָט דערצו ניט צוגעלאָזט). ער מאַכט אויך גרויסע פאַרלייכטערונגען בנוגע מעשר־אָפּצאָל א. ד. ג. דאָס פאָלק האָט געוואוסט אָפּצושאַצן זיין פרומקייט און גוטסקייט צו אים, און האָט אים גערופן בלויז מיט'ן נאָמען ר ב י אָדער „רבנו הקדוש" — „אונזער הייליגער רבי" — צו וואָס קיינער פון די גרויסע תנאים האָט ניט זוכה געווען.

אָבער קורץ זענען געווען די גוטע צייטן. אין יאָר 180 איז מאַרקוס־אורעליוס געשטאָרבן, און זיין יורש האָט איינגעמאָנט פון אידן דאָס, וואָס זיין פאָרגייער האָט נאָכגעלאָזט. די ווירקונג פון נשיא אויף דער אידישער פּאָליטיק אין רוים איז אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרן. פון אידן האָט מען אויסגעזויגן דעם לעצטן טראָפּן בלוט. און אַז אידן האָבן אין רוים געבעטן, מען זאָל זיי אַביסל פאַרגרינגערן די שטייערן, האָט מען זיי געענטפערט: „ווען מיר וואָלטן געקאָנט פאַדערן אַן אָפּצאָל פאַר דער לופט וואָס איר אָטעמט, וואָלטן מיר עס אויך געטאָן"... און „האָט דאָס רוימישע היל דורכגעמאַרשירט דורכ'ן לאַנד, האָט עס איבערגעלאָזט נאָך זיך פאַרוויסטונג, געשווענקט מיט טייכן אידיש בלוט". דעם נשיא'ס פּאָרמיטלונג האָט מער קיין ווערט ניט געהאַט. זעלטן נאָר פלעגט עס טרעפן, אַז אויס איינזעעניש מיט'ן נשיא, מיט זיין עלטער און אַמאָליגער חשיבות, האָט מען אָפּגעלייגט אַ גזירה, אָדער אַ ביסל

ברחמנות'דיגער זי דורכגעפירט. אזוי, על כל פנים, האָט דאָס פאָלק געגלויבט.

פינף־און־אכציג יאָר האָט רבי יהודה הנשיא געלעבט. לכתחילה לעבט ער אין טבריה, שפּעטער אין בית־שערים. אין די לעצטע יאָרן, אז ער איז שווער קראַנק געוואָרן, אי פון צרות אי פון פיזישע קראַנקהייטן, פאָרט ער אריבער קיין צפּורי — א שטאָט אויף א בארג, מיט פרישע לופט, גוטע גערטנער און פעלדער — א שטיקל תרופה צום געזונט. אָבער די עלטער נעמט אירס. עס זענען געקומען די טעג פאר'ן טויט. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן זיך שרעקן, אז נאָך רבי'ס טויט וועלן זיי גאָר בלייבן אויף הפקר, און רבי האָט אָנגע־זאָגט, אז מען זאָל ניט מאכן קיין טומל ארום זיין טויט, כדי די רוימער זאָלן זיך ניט גלייך דערוויסן דערפון. זאָל מען קיין הספדים ניט מאכן, דרייסיג טעג נאָך זיין טויט זאָל מען ווידער באַנייען דאָס לערנען אין אלע ישיבות, און אפילו בא אים אין הויז — זאָל ווי תמיד ברענען דאָס ליכט אויפ'ן אָרט, דער טיש זאָל געדעקט זיין און דאָס בעט צוגעבעט — עס זאָל אויסזעען ווי ער וואָלט נאָך געלעבט... און די תלמידים האָבן אָפּגעמאכט צווישן זיך, אז ווער עס וועט זיך דערלויבן זאָגן: „רבי איז געשטאָרבן", זאָל דער־שטאָכן ווערן מיט א שווערד. דאָס אלץ האָט אָבער ניט גענוצט.

וואָרים באלד ווי רבי איז געשטאָרבן איז דער תלמיד זיינער, בר־קפּרא, ארויסגעקומען צום פאָלק, וואָס האָט באלאַגערט דעם נפטר'ס הויז, און האָט ערקלערט:

„מענשן און מלאכים האָבן געקעמפט פאר'ן ארון־קודש. האָבן געזיגט די מלאכים און דער ארון־קודש איז גענומען געפאַנגען".

דאָס פאָלק האָט פארשטאַנען דעם משל. א יאָמער האָט אויס־געבראכן אין צפּורי און אינגיכן ארומגענומען דאָס גאנצע לאנד. דער גאנצער וועג פון צפּורי ביז בית־שערים, וואו מען האָט רבי'ן צו קבורה געבראכט, איז פול געווען מיט אבלים, וואָס האָבן גע־קלאָגט אויף רבי'ס טויט. אין אלע שולן און ישיבות האָט מען אים מספּיד געווען:

— ניטאָ מער קיין אמת'ע עניוות אויף דער וועלט, ניטאָ מער קיין אמת'ע מורא פאַר אַ חטא אויף דער וועלט !

און „באַלד נאָך זיין טויט האָבן זיך די אידישע צרות פאַר־טאָפּלט".

# אָנהויב פון אידישן גלות

## די אידן אין רוים.

אידן אין דער וועלט־געשיכטע זענען דער לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און גרייכט ביז צום הימל און פעלקער שטייגן אַרויף און נידערן אַראָפּ אויף אים.

דאס אידישע פאלק אין אלטערטום — און ניט *בלויז* אין אַלטערטום — האט אויף זיין רוקן געשפּירט דאס אויפשטייגן פון די גרויסע וועלט־מלוכות: אשור און בבל, גריכן און רוימער. יעדער פון זיי האָט אויף זיין וועג צו די פּאָליטישע הימל־הויכן איבערגעלאָזט אין אידישן פאָלקס־קערפּער בלוטיגע, אָפּט אומהיילבאַרע, וואונדן. אָבער מיט זיינע אויגן האט אויך דאס אידישע פאלק געזעען, ווי *דיזעלבע* פעלקער, נאָכדעם ווי זיי האבן זיך זאַט־געזויגן מיט מענשן־בלוט, נאָכדעם ווי זיי האבן פול געמאַכט די וועלט מיט חורבנות־מצבות נאָך זיך, זענען שנעל אַראָפּגעשטיגן, פאַרשוואונדן און אומגעבראכט געווארן פון דער וועלט.

*אומגעבראכט געווארן* — און פיל גרויזאמער, ווי *זיי* האבן אומגעבראכט דאס אידישע פאלק. דעם אידן האבן זיי פון זיין באָדן ארויסגעריסן, האט ער זיך אין פרעמדן באָדן איינגעווארצלט. דערצו האָט דאָך דאָס אידישע פאלק *קינדער* געלאזט, וואס האבן אין קלאסישע קלאנג־לידער יעראַך דערמאנט דעם אידישן רוהם; דאָס אידישע פאָלק האָט דאָך כאָטש *יורשים* געלאזט, וואס האבן ניט בלויז אָפּגעהיט, נאָר אויך אנטוויקלט די גייסטיגע ירושה פון זייערע אבות. דאָס חרוב'ע אידישע פאָלק האָט דאָך דורות צו דער וועלט געבראכט, וואָס האָבן אָפּט גייסטיג *באהערשט* זייערע אונטערדריקער. און באהערשט ביים אונטערדריקער אין דער היים, וואוהין מ'האָט *זיי*, די באזיגטע, אין קייטן געשמידטע, אהינגעבראכט...

און דאָס לעצטע האָבן אידן באוויזן, הויפּטזעכלאָך, אין ר ו י ם.

די רוימישע אימפּעריע בכלל און די שטאָט רוים און איטאליע בפרט, האָט געקענט אידן נאָך אין צווייטן יאָרהונדערט פ א ר דער געבורט פון קריסטוס — פון וואַנען־אָן אייראָפּא פירט איר צייטרעכענונג. א לאַנגע צייט, הייסט עס, פאַר'ן צווייטן חורבן. אהערגעקומען זענען זיי פון דער באַרימטער עגיפּטישער רעזידענץ א ל ע ק ס א נ ד ר י ע, געגרינדעט פון אַלעקסאַנדער מוקדון, וואו אידן האָבן געשפּילט א גרויסע ראָלע סיי אין פּאָליטישן לעבן, סיי אין קולטורעלן און סיי אין עקאָנאָמישן. אויך פון דער סירי־שער רעזידענץ אנטיוכיה, וואו אידן און גריכן זענען געווען גלייכע בעלי־בתים, זענען אידן אריבערגעקומען ביז רוים. אָבער אויך דירעקט פון ארץ ישראל זענען אַנדערע אהינגעקומען. סרוב אידן האָבן דורכגעמאַכט דעם לאַנגן ים־וועג אַלס סוחרים. ווארים גרויס און אנטוויקלט איז שוין דעמאָלט געווען דער מעבר־לים האַנדל צווישן מזרח און מערב. און גרויס איז געווען דער פאַר־קער אויפ'ן מיטללענדישן ים. אָבער פיל זענען אויך געווען די אידן, וואָס זענען ניט אַליין, גוטווילינ, אהינגעקומען, נאָר מ'האָט זיי אהינגעבראַכט, ווי קנעכט געקויפטע, אָדער אין אן אומגליק־לאַכן קאַמף געפאַנגענע. אין רוים טרעפן מיר אויך גרויסע אידישע געלערנטע „די אַלטע פון רוים" („זקני רומי") האָט מען זיי גע־רופן. און אויך תנאים פון ארץ ישראל פלעגן אָפט אַראָפּקומען קיין רוים. ווער פון שתדלנות וועגן, ווער פון נייגעריקייט וועגן און פלעגן דאָרט בלייבן א לענגערע צייט.

און פאַרנומען האָבן זיך דאָרט אידן מיט אַלץ, וואָס אַנדערע רוימישע בירגער האָבן זיך פאַרנומען: מיט ערד־ארבעט און מיט מסחר, מיט מלאכה און מיט קונסט. געווען צווישן זיי מעכאַניקער און דאָקטוירים, חלפנים און באַאַמטע, אפילו באַרימטע אַקטיאָרן זענען געווען צווישן זיי. אויפ'ן עקאָנאָמישן געביט זענען די אידן אין קיין פּרט ניט אַנדערש געווען, ווי די ניט־אידישע בירגער.

און אן אייגענעם, א באַזונדערן אידישן צענטער, האָבן זיי אין רוים געגרינדעט אויפ'ן רעכטן ברעג פון טיבער. אייגענע שולן, מיט

באזונדערע בית־עלמינ׳ס. אייגענע ריכטער, בתי־דין, האבן זיי. און די שולן־ווירטשאפט ווערט פארוואלטעט פון אידישע באאמטע. און די אידישע רעליגיע עקזיסטירט לעגאל. צעזאר, למשל, ער־לויבט די אידן אפצוהאלטן עפנטלאכען גאטעסדינסט. זייערע רעליגיעזע געפילן ווערן געאכט. רעגירונגס־אקטן ווערן אפט אפ־געלייגט פון שבת אויף אן אנדער טאג, כדי אידן ניט צו שטערן אין זייער שבת־רו. רוימישע בירגער! און דאס זענען זיי אויך אין אלע אנדערע פראווינצן, איבער וועלכע רוים הערשט. ווי די פראווינצן ארום דונאי, אדער ארום רהיין. און דאס באפרייט זיי פון׳ם עול פון די ארטיגע רעגירונגען. דאס גיט זיי אויך רעכט צו אפעלירן קיין רוים געגן דעם פסק אדער פאראָרדנונג פון א פראווינציעלן הערשער. און געוואוסט האבן אויך די פראווינציעלע סאטראפן, אז אויב זיי באהאנדלען שלעכט אידן, וועלן זיי אין רוים קיין שיינעם קבלת־פנים ניט האבן...

און בא דער גאנצער אכטונג און אנגעזעענקייט, זענען זיי שטארק פארבונדן מיט ארץ־ישראל, מיט ירושלים, מיט׳ן בית־המקדש. גרויסע אידישע מאסן זענען יערלאך „עולה־רגל" קיין ירושלים, אין איינעם פון די באשטימטע דריי ימים־טובים (פסח, שבועות, סוכות). און די, וואס קאנען ניט אליין אהין קומען, שיקן איבער זייערע נדבות. מלוכה ווייסט דערפון. און ניט בלויז ווייסט זי דערפון, נאר דעקרעטן שיקט זי פאנאנדער אין אלע פראווינצן, אז מ׳זאל ניט שטערן די דארטיגע אידן אריבערצושיקן זייערע נדבות קיין ארץ־ישראל, און וואו־נויטיג, זאל מען זיי אויך געבן שוץ. און נאכ׳ן חורבן בית־המקדש, האט מען די ערשטע צייט גע־פאדערט, אז די סומען, וואס אידן האבן געצאלט אויפ׳ן בית־המקדש, זאלן זיי צאלן פאר יופיטער׳ן. אבער אין א צייט ארום ווערט עס בטל. רוים אנערקענט דעם ראש־ישיבה אין ארץ־ישראל אלס נשיא און ערלויבט צו שיקן געלט פון רוים אויף דעם נשיא׳ס הצטרכות׳ן און אויף די הצטרכות׳ן פון זיין ישיבה. און דער נשיא אליין ווערט גערעכנט פאר א הויכן רעגירונגס־באאמטן. די אידן אין ארץ־ישראל זיינען אזוי דאנקבאר געווען דערפאר, אז ר׳ יהודה

הנשיא איז שמאל געווען איינגעפאלען, מבטל צו זיין די עראינערונג פון חורבן־בית־המקדש — ווייל „וואו ס'זענען ניטאָ קיין רדיפות, איז ניט שייך צו פאסטן"...

גוטע צייטן געווען!

אָבער אין די דאָזיגע גוטע צייטן האָט זיך קלאָר און דייטלאך אויסקריסטאליזירט דער צושטאנד, וואס מיר באצייכנען מיט'ן נאָמען: גלות... און דאָס באטייט: שטענדיג אומזיכערקייט, שטענדיג אין וואקלענדיגן צושטאנד — ווייל שטענדיג אָפּהענגיג פון כאראקטער אָדער קאפריז פון א פרעמדן הערשער, פון'ם איינזעען אָדער מוטוויליגקייט פון'ם פרעמדן עצה־געבער. דערפאר האָבן די טובות קיין האפט ניט. איז אָפּגעריסן און נאָר קינסטלאך צונויפגעקניפט דער פאָדים פון דורות צו דורות.

אזוי, למשל, איז דער קיסר טיבעריוס גוט צו אידן. זיי אר־בעטן און לעבן און זיינען פונקט אזוינע גוטע בירגער ווי אלע אנדערע. קומט אָבער א שלעכטער מיניסטער, וואס האט א ווירקונג אויפ'ן קיסר, און אין איין וואָלקנדיגן פרימאָרגן טרייבט מען ארויס פון רוים טויזנטער אידן און זייערע שולן ווערן פארמאכט. שטארבט דער מיניסטער — און דער קיסר טיבעריוס ענדערט זיין רעזשים. און ווידער איז ערלויבט אידן זיך צו באנוצן מיט אלע זייערע רעכט און פריווילעגיעס. קומט א נייער קיסר, קלאוודי, האָבן אידן אלע בירגערלאכע פרייהייטן. געפעלט אים אָבער ניט די מחלוקת, וואָס צוויי גרופּן אין אידנטום פירן צווישן זיך בנוגע משיח'ן און זיין קומען, און ביידע גרופּן מוזן פארלאָזן דאָס לאנד. פאלט א קיסר'ס א ווייב אריין אין די הענט פון א פּאָר אידישע שווינדלער — און אין רוים ברעכט אויס א פּאגראָם אויף אידן. מיט גע'הרג'עטע. מיט בארויבטע גאר אויפ'ן מאדערנעם שטייגער. און די צייטן פון'ם ווילדן טיראַן נעראָ זענען פאר די אידן אין רוים געווען גראד גוטע צייטן — ווייל זיין פרוי האט שטארק געהאלטן פון דער אידישער רעליגיע. אָבער דאָס זענען דאָך אלץ צופעליגקייטן, אויף וועלכע מ'קאָן ניט פאראויס רעכענען, און אויף וועלכע א פאָלק קאָן זיך ניט בויען. אָבער דער גלות

ווייסט אויסצונוצן אַזוינע צופעליגקייטן. דאָס האָבן אויך די אידן אין רוים פארשטאנען. די צופעליגקייטן און די **גייסטיגע קאָניונקטור**, אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקן, האבן זיי אויסגענוצט. דאס האט זיי געמערט אין צאָל, געשטאַרקט אין איינפלוס און געלאָזט וואקסן אין אָנזען.

אָבער ניט בלויז פון זיך אויס, פון איינוואַנדרונג און נאַטירליכן צווואוקס, איז די צאָל אידן אין רוים געוואקסן, נאָר אויך פון אויסן. פון צווישן דער רוימישער באפעלקערונג. פון צווישן דעם פשוט'ן, אָבער מער דענקענדיגן פאָלק. וואָס האָט געהאַט גייסטיגע באדערפנישן און ניט געקאנט זיי באפרידיגן.

וואָרים רוים האָט ניט געקאָנט קיין פאָלקס־קולטור. קיין מאסן־קולטור, ווי עס איז געווען אמאָל בא די גריכן. דער אויסנווייניגסטער גלאנץ פון די רוימישע שטעט, די פרעכטיגע טעאַטרס און סעדער, די אַלע פאלאצן, וואס די רוימישע קיסרים האבן אָנגעבויט, זענען דאָך געווען הויל, אָרים, גייסטלאָז. נאָר איינצלנע, אויסדערוויילטע, האָבן זיך פארנומען מיט פילאָזאָפיע, מיט ליטעראטור, מיט פאָעזיע. אָבער דאס איז אַלץ געווען שפייז פאר רייכע, פאר דער אריסטאקראטיע. דאס ברייטע פאלק, די סאלדאַטן און די קנעכט — און זיי האָבן דאָך אויסגעמאכט אַ גרויסן טייל פון דער רוימישער באפעלקערונג — האבן דערפון ניט געקאָנט געניסן. די פרינציפן פון דער גריכישער פילאָזאָפיע — און קיין אנדערע האָבן דאָך די רוימער ניט געהאט — האָבן ניט געקאָנט אייגן־ווערן ביים המון. דעם קנעכט — וואס איז ניט קיין בעל־הבית פאר זיך; דעם קאלאניסט, וואס ארבעט דאס גאנצע יאר אזוי שווער, דעם אָרימאַן וואס לעבט פון זיין טאג־לוין — האבן די סטאָיקער און די אפיקורייער, די תלמידים פון פלאטאָן און אריסטאָטל, ניט געהאט וואס צו זאגן. זייער עטיק איז געווען אַ **הערן**־עטיק, זייער מאָראל — אַ הערן־מאָראל. ביידע האבן דעם „געמיינעם מאן" ניט באריקזיכטיגט. און **בכלל**: ניט פילאָזאָפישע וועלט־אנשויאונגען, קאפ־שטיק, קאָנען באפרידיגן דעם געפילס־מענטשן, נאָר רעליגיעזע אָנשויאונגען, געטלאכע פאָרשטעלונגען און

באַגריפן פון גוט און שלעכט, וואָס ער קאָן באַגרייפן פון זיך אויס. פון זיין טאָג־טעגלאַכן לעבן און שאַפן. דער געצנדינסט האָט זיך איבערגעלעבט. די געבילדעטע האבן אין אים שוין געזעען בלויז צערעמאָניע אָן אינהאַלט. און וואס די העכערע געזעלשאַפט ל א כ ט א ו י ס, געפינט שטענדיק אָן אָפּקלאַנג ביים המון. און זוכענדיג רעליגיעזע באַפרידיגונג, באַגעגנט מען זיך מיט׳ן אידנטום. ד י ר ע ק ט דורך אידן, אָדער אינדירעקט — דורכ׳ן קריסטנטום, וואס איז לכתחילה געוועזן א אידישע כתה, וואס האט געשעפּט אירע געדאַנקען און אינהאַלט פונ׳ם אידנטום. די אָרגאַניזאַציאָנס פּייאַיקייטן פון די רוימער העלפט זיי, די אָרימע און גייסטיג־באַדערפטיגע, זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ געזעלשאַפט. און זי, אָט די רעליגיע פון די נידריגע שיכטן, הויבט אָן צו ווירקן אויך אויף די העכערע. וואָרים אויך יענע, אויבן, איז מיאוס געוואָרן דאָס שטענדיגע פּלפּול׳ן זיך אַרום פילאָזאָפישע מיינונגען, און פאַרלאָרן דעם אינטערעס צו די אויסגעקליגלטע פראזן אָן אינהאַלט, מיט וואָס די געבילדעטע, אין זייערע קרייזן, זענען אויך רייך געוועזן. האבן אויך זיי אָנגעהויבן אויסצוקוקן, אז אינ׳ם נייעם גלויבן וועלן זיי געפינען דעם אמת, וואס זיי האבן דורכ׳ן שכל ניט געקענט אַרויסגעפונען.

און פיל רוימער האבן אָנגעהויבן זיך מקרב צו זיין צום אידנטום. שוין דער גאָט־באַגריף פון אידנטום האָט שטאַרק אימפּאָנירט די גויים. „עס איז דאָך אַ געוואַלטיגער געדאַנק זיך פאָרצושטעלן גאָט ווי דעם איינציגן, אַלמעכטיגן און גערעכטיגן. אַ גאָט, וואָס קאָן ניט ג ע מ אָ ל ט ווערן; וואס איז א י י נ צ י ג און נעמט אַרום הימל און וועלט און נאַטור“. וואָס פאַר אַ פּנים האָבן דען די ג ע מ אַ כ ט ע און ג ע מ אָ ל ט ע געטער, וואס געפינען זיך אין רשות פון מענשן, געגן אַזאַ גאָט, וואס דער מענש געפינט זיך אין ז י י ן רשות? און דערצו האט דאָך דאס אידנטום אָנגעוויזן באַשטימט און פּולקאָם די וועגן, דורך וועלכע דער מענש קאָן דערגרייכן אַ זיטלאַך און גליקלאַך לעבן. און דאָס איז דאָך אייגנטלאַך דאָס הויפּט־ציל פון דער אידישער אמונה. דאָס

ציט־צו פיל רוימישע הערצער צום אידנטום. גאַנץ אָדער טיילווייז. אַנדערע נעמען־אָן דאָס אידנטום אינגאַנצן. זענען זיך מל און מישן זיך אויס מיט די אידן. אַנדערע נעמען אָן בלויז גאָטעס־דינסט, שבת, און היטן זיך פון פאַרבאָטענע מאכלים. פאַראַן אַזעלכע, דערהויפּט צווישן די לעצטע, וואָס זענען ווידער אָפּגעפאַלן פון אידנטום. אָבער דאָך זענען גרויסע צאָלן גרים געבליבן צווישן אידן. אידן האָבן זיך אויך ב אַ מ י ט צוציען רוימער צום אידנטום. זיי האָבן דערין געזען זייער נ צ ח ו ן איבער זייערע אַמאָליגע אונטערדריקער. און זיי האָבן אויך געהאַט ער־פאָלג. באַזונדערס צווישן פרויען, וואָס זייער געמיט איז פייאיגער, און זייער הארץ אָפענער פאַר רעליגיעזע מאָטיוון און פאַרשטע־לונגען. אידן נעמען צו אין צאָל. דאָס אידנטום געווינט איינפלוס. די אידן — אָנזען און רעספּעקט. אפילו קאָנסטאַנטין דער גרוי־סער, דער קריסטלאַכער קיסר פון רוים, מאַכט פאַרשיידענע הנחות צו אידן. דעמאָלט האָט מען נאָך געקאָנט קוקן דעם אמת אין די אויגן אריין און מודה זיין, אַז ק ר י ס ט ן זענען אייגנטלאַך אויך אידן, נאָר פון אַ צווייטער מדרגה... עס איז קלאָר געווען, אַז פּונקט ווי יופּיטער האָט אַרויסגעטריבן דעם אידישן גאָט פון ז י י ן לאַנד, אַזוי האָט איצט דער אידישער גאָט אַרויסגעטריבן יופּיטער'ן, און אַלע זיינע גלייכע, פון ז י י ן לאַנד. און אויף אייביג.

אָבער אין שטילן קאַמף פאַר די „ווירקונגס־ספערן" צווישן אידנטום און קריסטנטום געווינט — דער פרייער, דער איינגעזע־סענער און אַלטגעזעסענער. די נידריגערע סאָציאַלע שטופע, אויף וועלכער די אידן שטייען, שטערט אַנדערע נאָענט צוצוגיין צו זיי, זיך פאַרשמעלצן מיט זיי. דערצו העלפט אויך דער פאַל, וואָס דאָס אַריינ־קומען אין קריסטנטום איז ניט פאַרבונדן מיט אַזוינע פיזישע ווייטאָגן, ווי דאָס אָנקומען אין אידנטום. און אַז דאָס קריסטנטום הויבט־אָן קומען צו מאַכט, דאַן — ווידער — „גלות"־ערשיינונגען:

פאַגראָמען אויף אידישע אינסטיטוציעס, שולן, קהלה־הייזער א. ד. ג. טאָמער, אויס נויט, וועלן אפשר אידן איבערגיין צום קריסטנ־

טום. מ'שיקט פּאַנאַטישע גייסטלאַכע צו פּראָפּאַגאַנדירן קריסטנטום צווישן אידן און היידן. און אין „היילינן עקסטאַז“ באַפאַלט מען אידן און מ'טוט זיי אָן כל'ערליי נגישות. עס באַגייט זיך ניט אָן בלוט־פאַרגיסן אויך. עס קומען בלבולים. עס הויבן זיך אָן באַגרענצונגען פאַר אידן אין זייער רעכט. עס ווערט זיי פאַרבאָטן צו פאַרנעמען רעגירונגס־שטעלעס, צו בויען נייע שולן, און טויטשטראָף באַקומט דער, וואָס וועט איבעררעדן אָדער צווינגען אַ קנעכט אָדער אַ פרייען קריסט אַוועקצוואַרפן די קריסטלאַכע אמונה. אידן טאָרן קיין ריכטער ניט זיין — ווייל עס פּאַסט ניט, אַז **זיי** זאָלן משפּט'ן קריסטן. אידן טאָרן ניט זיין קיין וועכטער באַ טורמעס — ווייל ס'איז אַ פאַרברעכן צו דערלאָזן, אַז קריסטן זאָלן ליידן פון אידישער השגחה. און אין מיליטער טאָרן קיין אידן ניט דינען — ווייל מיליטער־דינסט פירט צו הויכן ראַנג און ברענגט דעם פּייאַגן אין **העכערע**, געזעלשאַפטלאַכע קרייזן. און דער קיסר האָנאָריוס טרייבט אַרויס זיינע העלדישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער באַוואוסטער מלחמה געגן די גאָטן, נאָר דערפאַר, וואָס זיי זיינען אידן. די דאָזיגע און ענלאַכע באַגרענצונגען ווירקן שלעכט אויפ'ן אידישן עקאָנאָמישן מצב. אָבער ערגער ווי דאָס פילן זיי די געזעלשאַפטלאַכע באַליידיגונג, וואָס שטעקט אין אַזוינע רעכטס־באַגרעניצונגען.

און גייט עס שוין אום דעם: אַראָפּצוזעצן די אידן וואָס מער און וואָס נידעריגער, פעלן ניט קיין איינפאַלן און ניט קיין מיטלען דאָס צו דערגרייכן. פאַרבאָט מען דעם אידן צו קויפן קנעכט. לכתחילה ווערט דאָס דאָזיגע געזעץ מאָדעלירט: קיין **קריסטן** ניט צו קויפן פאַר קנעכט, אָבער סתם קנעכט, **היידן** — יאָ. נאָר מיט'ן תנאי ער זאָל זיי ניט איבעררעדן אָנצונעמען זיין גלויבן; קיין **נייע** קנעכט ניט צו קויפען, אָבער די אַלטע, וואָס דער איד באַזיצט שוין, מעגן באַ אים בלייבן. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצער נעץ פון ערקלערונגען און אויסטייטשונגען פון יעדן פאַרבאָט און צו יעדער באַגרענצונג. אַמאָל צו בעסערן, אָבער געוויינלאַך צו ערגערן. און דער פאַרבאָט צו קויפן קנעכט איז ניט

בלויז א שטער פאר אידן זיך צו פארנעמען מיט שקלאפן־האנדל, נאר דאס שטערט זיי אויך זיך צו פארנעמען מיט ערד־ארבעט. צו קויפן און דערווערבן ערד — ווייל צו יעדער גרעסערער שטיק־לאנד האבן אנגעהערט א געוויסע גרעסערע אדער קלענערע צאל קנעכט, לייב־אייגענע. און זיי האט מען געקויפט און פארקויפט אינאייגנעם מיט׳ן באדן. און ניט בלויז ערד־ארבעט. ד ע מ א ל ט, און אין יענע באדינגונגען, האט קיין פארמעגלאכער מענש ניט געקאנט אויסקומען אן קנעכט. אפילו אין שטוב, שוין ניט צו רעדן פון מסחר. אבער דאס „שווערע אויסקומען" פון אידן פאר־זיך, איז אויך געווען: צ י ל. ווארים אין אידישן וואוילשטאנד זעט מען איצט א ב א ל י י ד י ג ו נ ג פאר דער קירך. אידישער וואוילשטאנד טאר ניט צוגעלאזט ווערן דארט, וואו „דאס קריסט־לאכע" האט די אויבערהאנט. ווילן אפילו ניט־אידן בעסער זיין קנעכט בא אידן, ווי בא זייערע „גלויבנס־גענאסן" — ווייל דער איד האט זיי, לויט׳ן אידישן געזעץ, געדארפט באהאנדלען און באהאנדלט בעסער, מענשלאכער, ווי אן אנדערער. אבער אום אזוינע קלייניקייטן קימערט מען זיך ניט, וואו ס׳קומט אויס אנצוטאן נגישות צו אידן. ס׳ווערט בארעכטיגט מיט׳ן „אויבערשטנ׳ס ווילן", און דעם אויבערשטנ׳ס ווילן איז עס אויך געווען צו פארבאטן געמישטע חתונות מיט אידן, בעת געמישטע חתונות מיט היידן זענען ניט פארבאטן געווען.

אזוי האבן די לעצטע רוימישע קיסרים אלץ מער און מער אונטערגעשטראכן די מינדערווערטיקייט פון אידן און דערמיט גופא פראוואצירט דעם אידן־האס בא די אומוויסנדע, און דערין דינט רוים ווי א בייזער מוסטער פאר דער וויטערדיגער אנטוויק־לונג פון די אומערטרעגלאכע לעבנס־באדינגונגען פאר די אידן אין גלות, די פיינטלאכע באציאונגען צו אידן (מיר רופן דאס איצט: אנטיסעמיטיזם) ווערט אויך א וויכטיגער עלעמענט אין דער גאנ־צער, וואקסנדיגער אייראפעאישער קולטור, ביז אויפ׳ן היינטיגן טאג. דער מזרח האט דערפון ניט געוואוסט. אפשר דערפאר ניט— ווייל דארט זענען אידן אין דערהיים. דארט זענען זיי געבוירן,

געוואקסן, און גרויס־געוואָרן אינאיינעם מיט זייער גלויבן, אינ־איינעם מיט זייער קולטור. דאָרט געהערן זיי, אַזוי צו זאָגן, צו די נאַטור־עלעמענטן. אָבער קיין אייראָפּאַ זענען זיי געקומען שוין גרויס געוואקסענע, מיט אַן אייגענער קולטור, וואס איז די אַלטגעזעסענע אין אייראָפּאַ, סוף כל סוף, לחלוטין פרעמד געווען.

אָבער בעת די לעצטע רוימישע קיסרים האבן אונטערן איינפלוס פונ׳ם קריסטנטום מיט אַזאַ התמדה פאַרזייט די זאָמען פון דער אייראָפּעאישער קולטור, האבן די פליגל פון מלאך־המות שוין געפאָכט איבער רוים. עס קומען אינגיכן אָסט־ און וועסט־גאָטן, עס קומען געפּידן, עס קומען הערולער, לאַנגאָבאַרדן, וואָס רייסן אַראָפּ די קרוין פונ׳ם רוימישן קאָפּ און צעטרעטן זי אין שטויב. די שטאָט רוים בלייבט אין די הענט פון איר אַמאָליגן שונא — דער קירך און די רוימישע באַפעלקערונג גייט אונטער, ווערט אויסגעראָט.

בלייבן אידן שטיין אַ ווײַלע, באַטראַכטן גאָטס־שטראָף אויף זייערע ביטערע שונאים, — ווי זיי האבן זי שוין ניט איינמאָל געזעען אויף זייער וועג, אויפ׳ן שטח פון דער געשיכטע, און שפּאַנען זייער אומענדלאַכן היסטאָרישן וועג ווײַטער...

# בבל — ס׳צווייטע אידישע פּאָטערלאַנד

בבל האט לאַנגע יארן געגאָלטן ווי אַ צווייטע פאטערלאַנד באַ אידן. פון גלות־בבל אָן (נאָכ׳ן חורבן פון ערשטן בית־המקדש) לעבן דארט אידן אין קאָמפּאַקטע מאַסן. געווען דארט זייער וויכטיגע שטעט, מיט אויסשליסלאַך אידישער באַפעלקערונג. און געווען שטעט, וואו אידן זענען געווען אין אַ גרויסע מינדערהייט. נאָר אַ ווינציגער טייל פון די בבל׳ער אידן האָבן זיך אין עזרא׳ס צייטן אומגעקערט צוריק קיין ארץ־ישראל. די ווייט גרעסערע מערהייט האט זיך איינגעווארצלט אין לאַנד. און אין דער מערהייט זיינען געבליבן טויזנטער און טויזנטער פון דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע באַ אידן. זייער פיל געלערנטע. גרויסע גבירים און מענשן מיט גרויסן איינפלוס. זיי האבן זיך געפילט אונטערטעניג צו ארץ־ישראל. האָבן אין האַרצן געטראָגן ליבע צו איר. האָבן יערלאַך געשיקט זייערע נדבות און מתנות קיין ארץ־ישראל. האבן זיך צוגעהערט צום דופק פונ׳ם ארץ־ישראל לעבן. אָבער אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן אַנטוויקלען זיי זיך אוונגאַרטיג, זעלבסטשטענדיג. ווערן אפילו באַאיינפלוסט פון דער פערסישער קולטור און רעליגיע; ווערן אויך באַאיינפלוסט פון די פארשיידענע רעליגיעזע סעקטעס, וואָס זענען פון צייט צו צייט אויפגעקומען אין לאַנד. די אידן פארדייען אָבער די איינפלוסן. זיי נעמען אויף די ווירקונגען פון אויסן און פאַראַרבעטן זיי אין געוועב פון אידנטום. נ י ט ווי דאָס איז געשען מיט די גריכיש־רוימישע שטרעמונגען אין מצרים אָדער אפילו אין ארץ־ישראל, וואָס האָבן פאַרטרונקען און אין זיך אַסימילירט גרויסע טיילן פון אידנטום... אידן גילטן אין לאַנד ווי אַ מאַכט, מיט וועלכע די רעגירער פון לאַנד רעכענען זיך. וואָרים אין אַ נויט פאַרשטייען זיי מיט געווער צו פאַרטיידיגן זייערע רעכט. אַן אָרגאַניזירט אידיש לעבן האבן זיי; מיט אַ „ריש־גלותא“ — אַ אידישן פאָרשטייער — קעגן אויסן און רעגירער

קעגן אינווייניג, מיט פירשטלאכע פולמאכטן. אידן האבן אים געוויילט און דער אויבערהערשער פון לאנד האט נאר געדארפט באשטעטיגן די וואל. געוויילט האט מען מענשן, וואס האבן געקאנט נאכווייזן זייער אפשטאמונג פון דוד המלך. דער ראנג פון ריש־גלותא איז געווען דער פערטער נאכ'ן קעניג און אן אפשיין פון קעניגלאכקייט האט אים געצירט. ער איז געווען א קרוב למלכות. זיין קליידונג איז געווען מלכות'דיג. זיין באוויזן זיך אין דער עפנטלאכקייט איז געווען מיט קעניגלאכן פאראד. אידן האבן דאס גערן געהאט — אן אפקלאנג פון זעלבסטשטענדיגער אידישער מלוכה, און ניט־אידן האט עס איינגעפלוסט דרך־ארץ פאר אידן. אידן האבן זיך גערן אונטערגעגעבן זיין הערשאפט און ארויסגעוויזן גרויס אכטונג צו אים — הגם ניט שטענדיג האבן זיך די ריש־גלותא'ס אויסגעצייכנט מיט געלערזאמקייט, און צומאל האבן זיי אפילו זייער הארט באהאנדלט זייערע אידישע אונטער־געווארפענע. דער הויכער אמט איז אידן טייער געווען. שטאלץ זענען זיי געווען מיט אים, מיט דעם הויכן יחוס פון זיינע טרעגער, וואס איז אין ארץ־ישראל געווען פארשוואונדן.

און בבל האט מען די בבל'ער אידן געהאלטן, אפילו אין ארץ־ישראל, פאר א ריינערער ראסע, ווי די אידן אנדערשוואו. זיי האבן ניט אריינגענומען אין זיך קיין פרעמד בלוט. זיי האבן ניט געוואוסט פון געמישטע חתונות, ניט פון שטילע פארגוואלטיגונגען, ווי די אידן אין מצרים, אדער אין פאלעסטינע. קיין גרויסע לומדים זענען זיי ניט געווען. אבער אידן זענען זיי געווען און אידישלאך האבן זיי געלעבט. געהאט א חוש פאר'ן פראקטישן. פארמאגט א געזונטן מענשן־פארשטאנד. א טיפע נייגונג צו אבסטראקטן דענ־קען, וואס האט זיך מיט דער צייט אנטוויקלט אין בבל'שן אידנ־טום ביז צו זייער א הויכע מדרגה.

פארנומען האבן זיך די אידן אין בבל מיט אלץ, וואס א געזונטער מענשן־שטאם, וואס לעבט פריי און פירט א נאטירלאכן לעבן, דארף זיך פארנעמען. זיי פארנעמען זיך מיט ערד־ארבעט, מיט פלאנצונגען, מיט פיך־צוכט, מיט כלערליי מלאכות ; זיי פאר־

נעמען זיך מיט מסחר, מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט, אין לאַנד און מיט אויסלאַנד. זיי האַנדלען מיט אַלץ, — אפילו מיט שקלאַפן. אַרום זיי אַנטוויקלט זיך דאָס געשעפט פון געלט־וועקסל. צום פאַך „געלט־וועקסל" געהערט עס אויך אַרויסצוגעבן סוחרים אַנ־ווייזונגען אויף אויסצוצאָלן געוויסע סומען אין אַנדערע שטעט. אָבער אויך מיט דער שווערער קאַנאַלן־בויערײַ, צום באַוואַסרן דאָס לאַנד, פאַרנעמען זיך אידן. מיט דער אומגעזונטער און אומ־אַנגענעמער גאַרבערײַ (פעל־אויסאַרבעטן) פאַרנעמען זיך אידן. אָבער אויך גאָלדשמידן זענען זיי. עדלשטיין שלייפער זענען זיי. פאַרפיום־מאַכער זענען זיי — אַזוי לעבן און אַרבעטן מענשן, וואָס שאַפן אַ ישוב און בויען אַ ישוב־לעבן.

און דאָס לאַנד איז שיין און איז פרוכטבאַר און באַצאָלט דעם מענשנ'ס מיה. אַלערלײַ תבואה וואַקסט דאָרט. כּל'ערלײַ פרוכטן גיט דאָס לאַנד אַרויס. און באַ גוטע געזעצן לעבט די באַ־פעלקערונג און מיט טראַדיציעס פון אַן אַלטער אָרטיגער קולטור און אַלט וויסן. אַנטוויקלט זיך דאָ אַ רייכער און אַ שטאַרקער אידישער צענטער. גייט עס איינעם ניט גוט אין ארץ־ישראל — בייט ער זיין אָרט, כּדי צו בייטן זיין מזל, און לאָזט זיך אַראָפּ קיין בבל. און נאָכדעם ווי דאָס גרויסע פאָלקס־אומגליק געשעט: די רוימער מאַכן חרוב דאָס לאַנד און דאָס פאָלק, ווערט דער פאַר־קער צווישן ארץ־ישראל און בבל נאָך גרעסער און פיל ארץ־ישראל אידן געפינען אין בבל אַ צווייטע היים. צווישן זיי גרויסע גע־לערנטע, וואָס האָבן מיט דער צייט דערהויבן און אַנטוויקלט און גרויס געמאַכט דאָס בבל'שע אידנטום.

שטענדיג זענען געווען אין בבל שולן צום לערנען און ישיבות. אָבער בלוט־אָרים זיינען זיי געווען. די בעסטע און פייאיגערע לערנער זענען אַוועק קיין ארץ־ישראל — צו דעם אור־קוואַל פון אידישן לערנען און פאַרשן. און דאָרט שוין געבליבן. די ווייניגע־פייאיגע, וואָס האָבן ניט געקאָנט האָפן אָנגעזועען צו ווערן אין ארץ־ישראל, האָבן זיך אומגעקערט צוריק. אָבער דאָ האָבן זיי אויך ניט געקענט אויפטאָן קיין גרויסע זאַכן. אין פיל פּרטים

זענען זיי אין בבל אָפּהענגיג געווען פון סנהדרין אין ארץ־ישראל. אפילו אין געוויינלאַכע דינים. דערהויפּט אָבער האָט זיך געפילט די אָפּהענגיגקייט דערין, וואָס בבל'ער געלערנטע, כדי זיי זאָלן מעגן פּסק'נען שאלות, אין אַלע פאַלן, האָבן זיי געמוזט האָבן סמיכה פונ'ם נשיא אין ארץ־ישראל. די נשיאות האָט זיך אָבער ניט געאיילט מיט סמיכה געבן. דערהויפּט נ י ט — די גרויסע און די געלערנטע — ווייל פאַר גרויסע בבל'ער לומדים און פער־זענלאַכקייט האָט מען אין ארץ־ישראל מורא געהאַט: ס'זאָל זיי אַמאָל ניט איינפאַלן צו באַפרייען זיך פונ'ם ארץ־ישראל יאָך... אַזוי האָבן, למשל, די גרעסטע אמוראים, די ווירקזאַמסטע און איינפלוסרייכסטע אין בבל, ווי רב און שמואל, ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן קיין סמיכה. שמואל האָט גאָר קיין סמיכה ניט געהאַט און רב האָט געהאַט סמיכה, אָבער ניט קיין פולשטענדיגע. בעת קליינע לומדים, ווי אַ רב שילא, למשל, האָט יאָ געהאַט סמיכה. וואָרים ווער האָט דען פאַר אַזאַ „לאָקאַלן למדן" געדאַרפט מורא האָבן?... אַזוינע פאַלן האָבן געמאַכט בייז בלוט. נאָר קיינעם איז עס ניט איינגעפאַלן זיך צו באַפרייען פון דער ארץ־ישראל'דיגער אויבערהערשאַפט אין תורה־ענינים.

אָבער די גייסטיגע ארץ־ישראל פון נאָכ'ן חורבן ווערט אַלץ אָפּגעשוואַכטער. אינערלאַך אָפּגעשוואַכטער. די גרויסע צרות רייסן אָפּ די מענשן פונ'ם לערנען הלכה, און מ'גיט זיך אָפּ מער מיט אגדה לערנען. מ'וויל הערן אַ טרייסט וואָרט, אַ האָפנונג. דער קאָפּ איז פאַרדרייט מיט דאגות, זוכט מען שפּייז פאַר'ן געפיל. אָבער אין בבל איז מען אין אַ גליקליכן צושטאַנד. די מענשן האָבן ליב חריפות און שאַרפזין. און ס'פעלן ניט אין ארץ־ישראל קיין מענשן, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ קיין בבל כדי זיך צו באַקענען מיט'ן אָרטיגן שטייגער לערנען. די גרויסהאַלטער און די האָפערדיגע אין ארץ־ישראל לאַכן אָפּ פון די דאָזיגע „לויפער". מ'לאַכט אויך פון די בבל'ער אידן. מ'רופט זיי: „בבל'ער טפּשים", „ברויט מיט ברויט עסער". די בבל'ער, פאַרקערט, פלעגן זיך באַרימען, אַז בעת ארץ־ישראל פאַרגעסט די תורה, קומט בבל און דערמאָנט זי. אַזוי

איז עס געווען אין עזרא'ס ציימן, אזוי איז געווען שפעטער, אין הלל'ס צייטן און אזוי איז עס אויך א י צ ט, נאָכ'ן חורבן פון צווייטן בית־המקדש. און די בבל'ער זיינען גערעכט געווען. און נאָכדעם, ווי רבי יהודה הנשיא האָט מסדר געווען די משנה און מ'האט זי געקענט האבן א געשריבענע, איבערטראָגן זי פון אָרט אין אָרט — האָבן די בבל'ער אמוראים באוויזן וואונדער פון שארפקייט און פלפול און טיפן אנאליז. דערהויפט איז בבל דער־הויבן געוואָרן נאָכ'ן טויט פון רבי יהודה הנשיא, ווען זיינע נאָכ־פאָלגער זענען ניט געווען אזוי גרויס ווי ער, ניט אזוי פאָפולער און חשוב ווי ער און זיינע תלמידים האבן זיך צעשפרייט, ווער וואוהין עס האָט געהאלטן פאר זיך בעסער.

אָבער נאָך ביים לעבן פון רבי יהודה הנשיא איז אויפגע־גאנגען פון ארץ־ישראל קיין בבל דער בבל'ער געבוירענער און אין ארץ־ישראל געלערנטער, מיט'ן נאָמען: ר ב. מיט אים הויבט זיך אָן א נייע עפּאָכע אינ'ם אידישן בבל. ער האט א סך מוט, אויסדויער, מענשענקענטשאַפט; ער איז גרויס אין לערנען, הייליג אין פרומקייט, ליב אין פארקער מיט מענשן, און אלץ בויגט זיך פאר אים. אלע אָנערקענען אים. און ער פילט זיך אין דער לאגע צו לייסטן גרויסעס פאר זיין פאָלק.

אין יאָר 219 (נ. ק.) איז רב אראָפּגעקומען צוריק קיין בבל. ער טרעפט דאָרט א קליינע, אָרימע ישיבה אין נהרדעא. דער ראש ישיבה — א מיטלמעסיגקייט. אָבער רב, ווויסנדיג ווי ווייט גרע־סער ער איז פונ'ם ראש ישיבה, איז ער דאָך נכנע פאר אים, זיצט אין ישיבה ווי איינער פון די פשוט'ע תלמידים. נאָר אז דער ראש ישיבה איז געשטאָרבן, באַמיט ער זיך און מאַכט זיין חבר, ש מ ו א ל, פאר א ראש ישיבה אין נהרדעא. דאָס טוט ער דער־פאר, ו ו י י ל שמואל איז נ י ט געווען א מוסמך פונ'ם נשיא אין ארץ־ישראל. ער וויל דערמיט ברענגען צום אָפּשוואכן כאָטש בלויז איינעם פון די פונקטן, וואו בבל האָט שווער געפילט דעם יאָך און די אונטערטעניקייט געגן ארץ ישראל... ער אליין אָבער,

ר ב, עפנט א ישיבה אין ס ו ר א (אָדער: „מתא מחסיא“). די ישיבה שטייט אין אַ גרויסן גאָרטן, וואָס די תלמידים פלעגן אים באַאַרבעטן צו ציען פון אים זייער חיונה. די דאָזיגע טאַט האָט געמאַכט גרויס אויפזועען אפילו אין ארץ־ישראל. ווי אויף אַ „קליינעם בית־המקדש“ האָט מען דאָרט געקוקט אויף ר ב'ס ישיבה און אין בבל — פון איין עק לאַנד ביז'ן אַנדערן, איז מען דער־פרייט געווען מיט איר. מ'דערציילט, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום נאָכ'ן גרינדן, האָט די ישיבה געציילט צ ו ו ע ל ף ה ו נ ד ע ר ט תלמידים. מ'האָט געלערנט ר' יהודה הנשיא'ס משנה. מ'האָט אָבער שטודירט אויך אַנדערע משניות, וואָס רבי יהודה האָט זיי אויסגעלאָזט און זיי אין זיין משנה ניט אריינגענומען. מ'האָט אַנאַליזירט, פאַרגליכן, געזוכט צווישצוגעפינען די טעמים: פאַר־וואָס מ'האָט דוקא אַזוי געזאָגט אין דער משנה, און ניט אַנדערש. און נאָך אַלע פאַרשונגען האָט מען אויך מכריע געווען צווישן די פאַרשידענע משניות, וועלכע זאָל אין פּראַקטישן רעליגיעזן לעבן אָנגעווענדט ווערן. אַזוי אַז גאַנצע תורות האָבן די תלמידים ארויס־געטראָגן פון רב'ס ישיבה — און אויך פון שמואל'ס — און האָבן זיי פאַרשפּרייט צווישן די אידן אין גאַנצן לאַנד.

און נאָך אַ מיטל איז אָנגעווענדט געוואָרן כדי די תורה צו פאַרשפּרייטן אין פאָלק. אַלע האַלב יאָר, סוף ווינטער — אין חודש א ד ר, און סוף זומער — אין א ל ו ל, קומען זיך צונויף די געלערנטע און פאַרשטענדיגע פון אַלע שטעט, די ראשי־ישיבות מיט זייערע תלמידים און די פאַרשטייער פון די ישיבות לייגן פאָר און ערקלערן די אויפטועען פאַר'ן פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָר. ס'קומען פאָר הייסע דעבאַטן וועגן די פראַגן, וואָס שטייען אויף דער טאָג־אָרדנונג. אַזוינע פאַרזאַמלונגען הייסן: „כלה“. די זיבן פאָרזיצער פון אַזאַ פאַרזאַמלונג הייסן „ראשי כלה“. דאָס איז געווען זייער אַ ווירדיגע פּאָזיציע. ביז היינט נאָך בעטן אידן, אַלע שבת, פאַר'ן לעבן און געזונט פון די ראשי־כלה... און אויך פאַר'ן געזונט פון די „ראשי־גלותא'ס... אַזאַ פאַרזאַמלונג דויערט אַ גאַנצן חודש. איבער צען טויזנט מענשן פלעגן זיך צונויפקומען אויף

אזוינע פארזאמלונגען. און דאס געהערטע און געזעענע פלעגן זיי פאנאנדערטראגן אין פאלק.

אין פינף יאר ארום נאך רב'ס טויט, אז נהרדעא איז חרוב געווארן (259) ווערט אן ענליכע ישיבה געגרינדעט אין פ ו מ ב ד י ת א, פון איינעם זייער אנגעזעענעם תלמיד פון רב'ן און שמואל'ן. די דאזיגע ישיבה האט עקזיסטירט לאנגע יארהונדערטער און איז געווען דער אנגעזעענסטער רעליגיעזער צענטר בא אידן. ראשי־ישיבות האבן זיך געביטן, צייטן האבן זיך געענדערט, אבער פומב־דיתא בלייבט בא איר חשיבות. בב'לער אידן האבן געקענט נאך אנדערע ישיבות אויך. מיט גרויסע ראשי־ישיבות און מיט ווייניגער גרויסע. ישיבות מיט לאנגע יארן און מיט קורצע יארן. אבער פומבדיתא שטייט איבער אלע. ערשט אין פינפטן יארהונדערט (נ. ק.) קומט ווידער אויף די ישיבה אין סורא (אדער: „מתא מחסיא“), וואס פארשטעלט אויף א צייט דעם גלאנץ פון פומבדיתא. רב אשי, דער לעצטער פון די אמוראים, באנייט ווידער די ישיבה אין סורא. ער ריכט זי אויף אין גרויסן פארנעם. לייגט ארויף אויף איר א גוואלדיגע, היסטארישע מיסיע. און זיין לאנג לעבן און ווירקן מאכט עס אים מעגלאך זיין מיסיע צו פארווירקלאכן. ער האט עס נעמלאך אונטערגענומען צונויפצונעמען, דורכזיפן, און איינהייטלאך רעדאגירן אלץ, וואס עס איז אין א משך פון דריי הונדערט יאר געשאפן געווארן ארום דער משנה. דאס אלץ ווערט צונויפגעשריבן און אנגערופן מיט'ן נאמען: ת ל מ ו ד, א קאלאסאלער קולטור־מאנומענט, וואס יארטויזנטער טוט אים א פאלק טראגן אין הארצן. א ווערק, וואס האט אויף טויזנטער יארן פאראוים רעגולירט דאס גאנצע לעבן פונ'ם אידישן פאלק, און פאראוים באשטימט די ריכטונג פונ'ם אידישן טאן און דענקען און פארלאנגען... פון איצט אן איז ארץ־ישראל איינער פון די זיילן, אויף וועלכע דער היסטארישער קולטור־פראצעס, וואס הייסט „אידנטום“, שטיצט זיך, און בבל איז דער צווייטער זייל, וועלכער דערגענצט און שטארקט דעם ערשטן.

אזוי האט זיך דאס אידנטום איינגעווארצלט אין בבל. דער

אָנגעזעטיגטער, טיף פאַרזייטער באָדן, הויבט אָן ארויסצוגעבן פאַר־שידענע שפּראָצן און אין פאַרשידענע ריכטונגען. דער תלמוד איז אָפּגעשלאָסן, אָפּגע׳חתמ׳עט. דער לעצטער דור פון די אמוראים,— און נאָך אין די סבוראי, וואָס זענען ניט פיל אַנדערש פון די אמוראים, — לעבט זיך אויס. און עס קומען די גאונים. א תקופה א גאנצע, ווען בבל ווערט דער אנערקענטער צענטר פאַר׳ן אידנטום פון דער גאַנצער אידישער וועלט. דערצו העלפט אויך די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע פון דער נייער, אַראַבישער גרויס־מאַכט, וואָס האָט איבערגענומען פון די פּערסער די הערשאַפט אויפ׳ן מזרח. אומגעהויער גרויסע ליידן האבן די אידן אין בבל אַריבערגעטראָגן פון די אַראַבישע פאַרשפּרייטער פון דעם דער־מאָלט ניי־אויפגעקומענעם מאַכמעדאַנישן גלויבן. אָבער אַז די בייזע צענדליגער יאָרן, אין דער ערשטער העלפט פונ׳ם זיבעטן יאָר־הונדערט, גייען פאַרביי, באַקומען אידן ווידער זייער רו, זייער אָנזעען און זייער אינערליכע זעלבסטשטענדיגקייט. און ווי ווייט די מאַכט פון מאַכמעדאַנישן כאַליפאַט גרייכט צו פאַראייניגן ווייטע לענדער, ווערט אויך די ווירקונג פונ׳ם בבל׳שן אידנטום פאַרשפּרייט. אַזוי אַרום באַקומט דער תלמוד ווייטע פאַרשפּרייטונג און אָנערקענונג. און גוטווילּיגע אָנערקענונג באַקומט אויך דער וועלטלאַכער אויבערהערשער פון די אידן, דער „ריש־גלותא“, און די גייסטיגע באַהערשער פון די אידן, די ראשי ישיבות פון סורא און פּומבדיתא, וואָס הייסן איצט גאונים. און אין דער צייט פונ׳ם אַראַביש־מאַכמעדאַנישן כאַליפאַט, האבן זיי די אייגענע ווירדע, וואס דער ריש־גלותא. דאָס פלעגט אמאָל ברענגען דערצו, אַז דער גאון פלעגט אפילו אַראָפּזעצן אַ „ריש־גלותא“. אַזוי איז עס איזט געשעען, אַז דאָס אידנטום, כמעט אין זיין גאַנצער צעשפּרייטקייט, איז ווידעראַמאָל פאַראייניגט געוואָרן אויף אַן אַלגעמיין־גילטיגן, רעליגיעזן באַזיס, און געשטאַנען אונטער דער איינהייטלאַכער השפעה פונ׳ם אידנטום אין בבל.

און דער באַזיס איז באַשטאַנען ניט בלויז פון הלכה, פון תלמוד, פון מעגן און ניט טאָרן. און די השפעה איז באַשטאַנען ניט בלויז

פון לומדות. פון בבל האט דאס אידנטום געהאט די יניקה אין אלץ, וואס א פארצווייגט רעליגיעז־קולטור־לעבן, און ניט ב ל ו י ז רעליגיעז, קאן געברויכן.

פון בבל און דערהויפט פון די גאונים, האבן אידן באקומען די געארדנטע תפלות, דעם הויפט־אינהאלט פונ'ם דאוונען, פון ס י ד ו ר. פון דארט האבן אידן באקומען דעם לוח, וואס רעגולירט אונזער צייט־רעכנונג און שטעלט פעסט די אידישע חדשים און ימים־טובים ביז אויפ'ן היינטיגן טאג. אין בבל איז אויפגעקומען די ערשטע אידישע פילאזאפיע, און אויך דער אורקוואל פון דער קבלה איז אין בבל. פונקט ווי דער ערשטער אידישער אפיקורס (חוי הבלכי) געהערט צו בבל. דא איז אויך אויפגעקומען דער ראציאנאליזם, די שיטה, וואס באמיט זיך צו באגרינדן די יסודות פון דער אמונה אויפ'ן ש כ ל, און זיי באגרייפלאך מאכן דעם מענשלאכן פאר־שטאנד, וואס האט באקומען זיין אויסדרוק אין רבי סעדיה גאון. אין בבל גרינדעט זיך די סעקטע ק א ר א י מ ע ן, וואס פראָ־טעסטירט געגן דעם תלמוד'ישן איבערבוי אויפ'ן תנ"ך, און אנער־קענט בלויז דעם פסוק, ווי ער שטייט אין דער תורה, דעם אזוי גערופענעם „מקרא", אדער „קרא", און האט זיך דערהאלטן ביז אויפ'ן היינטיגן טאג. פון בבל און פון דער תקופה פון די גאונים שטאמט אויך דער ערשטער פרוב צו שאפן א פ א ר ק י ר צ ט ן תלמוד, כדי יעדער איד זאל אן איבריגע מיה קאנען ארויסהאבן פון דארט אלץ, וואס ער האט נויטיג צו וויסן אין זיין אידישן לעבן. אפילו „שאלות־תשובות" — דער יסוד פון דער שפעטערער ר ב נ י ש ע ר ליטעראטור, הויבט זיך אן אין בבל.

אזוי זעט אויס דער באזיס, וואס דאס אידנטום האט באקומען אין בבל. דאס זענען די רערן (און ווייט נאך ניט אלע), דורך וועלכע דאס אידנטום אין בבל האט משפיע געווען, און איז ביז אויפ'ן היינטיגן טאג נאך משפיע, אויפ'ן אידנטום פון דער גאנצער וועלט.

און אז אין אנהויב פונ'ם עלפטן יארהונדערט, ווערט די גאונות בטל, איז עס נאר אויף א צייט. מיט א יארהונדערט שפע־

טער געפינען מיר זי ווידער. און ווידער לעבן די אידן — בא פאר־
שיידענע, זייער שווערע איבערלעבונגען פון צייט צו צייט — אין
אייגענטלאכן בבל און אין באגדאד — אין גרויס חשיבות. מיט א
„ריש־גלותא“, מיט גרויסע ישיבות, מיט קרובה׳שאפט צום מלכות,
קאמפאקטע מאסן אין די שטעט און מיט אינווייניגסטער זעלבסט־
פארוואלטונג. ערשט אין 13טן יארהונדערט הויבט זיך אן די ירידה
פונ׳ם בבל׳ער אידנטום און זיין זון הויבט אן צו טונקלען. סיבות
— אי אינווייניגסטע אי אויסנווייניגסטע. די שווערסטע זענען די
לעצטע. אינ׳ם דאזיגן יארהונדערט האבן די אידן אריבערצוטראגן
גרויסע פארפאלגונגען מצד דער נייער מאכט, דער מאנגאלישער,
וואס האט ארויסגעריסן די הערשאפט פון די אראביש־מאכמעדא־
נישע הענט. עס גייט אן א פולשטענדיגער אויסראטונגס־שטורם
אויפ׳ן מזרח. עס ליידן אלע פעלקער, אבער אידן אפשר מער פון
אלע. אין אזא צושטאנד ווערט אלץ אין זיך געווענדט. קליין און
צונויפגעשרומפן. דאן מוז אויפהערן די ווייטערע ענטוויקלונג, און
די ווייטערדיגע ווירקונג פון א שטאם מוז זיך אפשטעלן. און אויב
אויסראטן די אידן דארט, האט זיך אויך די מאנגאלן ניט איינגע־
געבן, אבער די טויזנטיעריגע, פילזייטיגע, אינטענסיווע דירעקטע
השפעה פונ׳ם בבל׳ער אידנטום אויף די אידן אין מרחקים האבן
זיי געבראכט צום שטילשטאנד. און מער קערט זי זיך שוין צו זיי
קיינמאל ניט אום.

# די קאַראַאימען

שוין מער ווי טויזנט יאָר איז אַלט די דאָזיגע סעקטע, און ביז היינט איז נאָך ניטאָ קיין ג ע נ ו י ע געשיכטע פון איר אויפקומען, וואַקסן, ווירקן און פאַלן. וואָס מ'ווייסט פון איר, איז געשריבן אָדער פון קאַראַאימען, וואָס האָבן געליגט און געפעלשט און אויסגעטראַכט ווילדע שקרים, כדי זיך אויסצופיינען פאַר דער וועלט, אָדער עס האָבן געשריבן וועגן זיי אירע געגנער, וואָס האָבן אָפטמאָל מגזם געווען צו שלעכטן, כדי די קאַראַאימען פאַר דער אידישער וועלט צו פאַרשוואַרצן. אין די ערשטע הונדערטער יאָרן, נאָכ'ן אויפקומען פון דער סעקטע, ווען עס איז אָנגעגאַנגען אַ העפטיגער קאַמף צווישן דער סעקטע ק אַ ר אַ אי מ ע ן, וואָס האַלטן בלויז פון ק ר א, תנ"ך, און לייקענען אָן דער תורה שבעל־פה, און צווישן די גרויסע אידישע געלערנטע, ווי רבי סעדיה גאון, דער רמב"ם, דער ראב"ד — וואָס שטיצן דער תורה שבעל־פה, האָט דאָך פון אָביעקטיווער געשיכטע געווים קיין רייד ניט געקאָנט זיין. און שפּעטער — שפּעטער זענען שוין די קאַרטן געווען פאַרמישט, דאָס היסטאָרישע פאַרשאָטן מיט ניט־היסטאָרישן. דאָס עכטע מיט'ן געפעלשטן. און די אָביעקטיווע געשיכטע־שרייבער זענען שוין געצוואונגען געווען דאָס לעגענדאַרע אויך אריינגעמען אין דער געשיכטע — הגם מיט געוויסער פאָרזיכט און באַגרעניצונגען.

זיכער איז דאָך, אַז די ערשטע שפּראָצן אירע האָבן זיך באַוויזן אויפ'ן באָדן פון דער אומצופרידנקייט מיט'ן תלמוד. אין אָנהויב פון זעקסטן יאָרהונדערט איז דער תלמוד געוואָרן אָפּגעשלאָסן. און שוין פון זיין ערשטער פאַרשפּרייטונג אָן באַווייזן זיך אומצופרידענע מיט פיל פון די דינים און גזירות און פאַרבאָטן, וואָס ער האָט ארויפגעלייגט אויפ'ן אידן. לכתחילה האָט די אומצופרידנקייט געטליעט אונטער אַש, אין דער שטיל. ב י ח י ד ו ת האָבן מענשן געטראָגן זייער פאַרדרוס. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער

פאַרשפּרייט זיך די אומצופרידנקייט, באַקומט אַלץ מער טרעגער און אָנהענגער און ווערט אַ געזעלשאַפטליכע ערשיינונג. און אַז דער עול פון דרויסן וואַקסט אויך: די מחמד'אַנישע כאַליפן דריקן זייערע אידישע אונטערטאַנען אי פּאָליטיש־בירגערליך, אי עקאָנאָמיש, און מענשן הויבן אָן צו לעכצן נאָך אויסערליכער באַפרייאונג, קומט צום אויסדרוק אויך דער דראַנג צו אינווענינגסטער באַפרייאונג. באַפרייאונג פונ'ם עול פון די רעליגיעזע דינים, ווי פונ'ם עול פון די בירגערלאַכע דינים. און שוין אין צווייטן יאָרהונדערט נאָכ'ן אָפּ'חתמ'ענען דעם תלמוד, שטייען אויף פאַלשע „נביאים" און פאַלשע „משיחים" (אַבו איסאַ, סירינִי), וואָס נעמען עס אונטער, מיט געווער אין האַנט, צו באַפרייען אידן פונ'ם יאָך פון גלות און פונ'ם יאָך פון תלמוד. דאָס גיט זיך זיי ניט איין. קעגן מלוכה קאָנען זיי ניט באַשטיין, און פאַרשווינדן. אָבער זייער אידעע פאַרשווינדט ניט. און די אומצופרידנקייט אין גרויסע טיילן פון פאָלק פאַרשווינדט ניט. און אינגיכן ווערן די אומצופרידענע ווידער אויפשטענדיג — אָבער דאָסמאָל שוין בלויז אויפ'ן רעליגיעזן געביט, און דערום מיט מער ערפאָלג.

אַן ערך 750־60 האָט מען אין בבל גענדאַרפט וויילן אַ נייעם ריש־גלותא. צוויי קאַנדידאַטן זענען געווען אויף דעם הויכן פּאָסטן — ב י י ד ע פונ'ם געשטאַרבענעם ריש־גלותא'ם פאַמיליע, ע נ ן און זיין ברודער ח נ נ י ה. האָט מען ענן נ י ט געוויילט, ווייל „ער איז געווען ניט גענוג ירא־שמים און צו פרייעריש". און מ'האָט געוויילט זיין אינגערן ברודער, חנניה, „ווייל ער האָט פאַרמאָגט אַן איבערפלוס פון באַשיידנקייט, שעמעוודיגקייט און פרומקייט". זענען געוואָרן צדדים. האָבן זיך אַרום ענַנ'ען צונויפגענומען אַלע אומצופרידענע, פאַרביטערטע און סתם אינטריגאַנטן, וואָס האָבן ליב מחלוקת און אַוואַנטורע. האָבן זיינע מענשן אים געוויילט, אין דער שטיל, פאַר אַ ראַש־גולה. א י ן ד ע ר ש ט י ל — ווייל די וואַהל פון אַ ריש־גלותא האָט געדאַרפט באַשטעטיגט ווערן פון כאַליף. און דער כאַליף האָט באַשטעטיגט בלויז איין ראַש־גולה. דערפאַר איז די וואַל פון אַ צווייטן ראַש־גולה גערעכנט געוואָרן

פאר א מרידה במלכות. אָבער אינגיכן איז מען געוואָר־געוואָרן פון דער וואָל און מ'האָט ענג'ען ארייגגעזעצט אין תפיסה. דאָ טרעפט ער זיך מיט א מחמד'אנישן געלערנטן, א סעקטאנט, און ער האָט ענג'ען געגעבן פאָלגענדע עצה, ווי זיך צו באפרייען פון זיין צרה: „באמי זיך — האָט ער אים גע'עצה'ט — פאָרצוקומען פאר'ן כאליף, און דאן פרעג אים: „צי האָסטו מיין ברודער באשטימט פאר'ן ראש פון אײן אמונה צי פון צוויי?“ און אז ער וועט דיר ענטפערן: „פון איינער“, זאָלסטו אים ערקלערן: „אָבער איך און מיין ברודער געהערן דאָך אָן צו צוויי באזונדערע אמונות“. דאן וועסטו אים ערקלערן דעם חילוק צווישן דיין אמונה און צווישן דער תלמודישער אמונה און דו וועסט באפרייט ווערן“. און כך הוי. נאָר אין זיין געשפרעך מיט'ן כאליף האָט ענן נאָך צוגעגעבן, אז זיין שיטה אין אידנטום איז זייער נאָענט צו דער שיטה פון קאָראַן. דאָס האָט שוין גאָר אונטערגעקויפט דעם כאליף. ער באפרייט ענג'ען און ענן טרעט אָפּן ארויס געגן די אנהענגער פון תלמוד און ווערט אָפיציעל געהאַלטן פאר'ן ראש־גולה פון די געגנער פונ'ם תלמודישן אידנטום.

דער עצם מהות פון ענג'ס לערע: די געגנערשאפט צו דער „תורה שבעל־פה“, אָדער צו דעם אלעם, וואָס שטייט ניט בפירוש געשריבן אין דער תורה, — איז ניט נײ. שוין אין דער צייט פונ'ם צווייטן בית־המקדש זענען געווען די צדוקים, וואָס האָבן די תורה שבעל־פה ניט אנערקענט, און געהאַלטן בלויז פון תורה שבכתב. דערפאר טרעפט עס, אז גרויסע אידישע געלערנטע, פון תלמודים־טישער זייט, רופן אָן די קאראאימען מיט'ן נאָמען צדוקים. אנדערע פון זיי מיינען אפילו גאנץ ערנסט, אז די קאראאימען שטאַמען פון יענע, פארצייטיגע, צדוקים. די קאראאימען אליין לייקענען, ניט בלויז דאָס, אז זיי שטאַמען פון א סעקטע, ווי די צדוקים זענען געווען, אָדער אז זיי זענען א סעקטע, נאָר פארקערט, זיי באהויפּטן, אז זיי זענען עס דאָס אמת'ע, ווירקליכע פאָלק ישראל, און די אלע אידן, וואָס האַלטן פון תלמוד, זענען אָפּגעבראָכענע צווייגן פון אידישן שטאַם. זיי, די תלמודיסטן,

געהערן צו יענער מערהייט אידישע שבטים, וואָס זענען אַוועק מיט ירבעם בן נבט, באַלד נאָך שלמה המלכ׳ס טויט, און געגרינדעט מלכות ישראל און געדינט צו די ירבעמ׳שע קעלבער. אַנדערע קאַראַאימישע געשיכטע־שרייבער הויבן אָן זייער געשיכטע פון שפּעטערע צייטן. אָבער אַלע קומט עס אָן אויף איין פּונקט, נעמליך: צו באַווייזן, אַז אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש, דערהויפּט אין די לעצטע הונדערט יאָר פאַר׳ן חורבן, זענען די זייעריגע ניט געווען אין ארץ־ישראל, נאָר אין בבל, אין מצרים, אין אינדיע, אין קרים, אין כינא און וואו נאָר זיי ווייסן אַ נאָמען פון אַ לאַנד. דערמיט זענען זיי אויסן צו באַפעסטיגן דעם איינדרוק, אַז זיי, די קאַראַאימען, האָבן זיך בשום אופן ניט געקאָנט באַטייליגן אינ׳ם משפּט און אינ׳ם טויט פון קריסטוס׳ן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געזוכט צו געפינען לייטזעליגקייט אין די אויגן פון דער קריסטליכער וועלט אויפ׳ן חשבון פון די תלמודישע אידן, וועלכע זיי האָבן באַ יעדער געלעגנהייט געטאַדלט מיט דער שפּראַך און מיט די אויסדרוקן פון די ערגסטע אַנטיסעמיטן אין אַלע צייטן. און כדי דאָס דאָזיגע ציל צו דערגרייכן, האָבן זיי זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט פון פעלשונגען, ליגנערישע באַהויפּטונגען, סתירות, וואָס מאַכן זייער אָפּט לעכערליך זייער גאַנצע געשיכטע־שרייבונג.

אָבער אויך זייער תורה. לכתחילה האָט עס געהייסן, זיי אַנערקענען בלויז די תורה שבכתב, דעם חומש. פון קיין שום אַנדערע דינים און מנהגים און מצוות ווילן זיי ניט וויסן. אָבער גאָר אייגיכן איבערצייגן זיי זיך, אַז עס איז אוממעגליך צו לעבן לויט דער תורה אַליין, אָהן באַשטימונגען, ערקלערונגען און אויסדרינגענישן, וואָס דער מענש מאַכט צום געשריבענעם טעקסט פון דער תורה. שוין כאָטש דערפאַר איז עס נויטיג, ווייל דער קורצער פּסוק שטעלט פעסט בלויז הויפּט פּרינציפּן פון מצוות, ער רעכנט אָבער ניט אויס אַלע מעגליכע פאַלן, וואו עס קאָן אויסקומען די דאָזיגע מצוות צו ערפילן. אין די דאָזיגע אַלע „מעגליכע פאַלן“ מוז שוין דער מענש זיך אָריענטירן לויט פּירושים, פאַרגלייכונגען, אָפּלערנענישן — לויט באַשטימטע כללים — וואָס ער ווענדט אָן צום קורצן געשרי־

בענעם פּסוק. קומט דאָך דאָס אייגענע פּאָר אויך מיט אַלע געזעצן אין געזעץ־ביכער, וואָס גילטן בא פעלקער אין מלוכות. און אָפּגע־וואָרפן דעם תלמוד, אַלס פּירוש צו דער תורה, מוזן זיי שאַפן זייער אייגענעם „תלמוד", זייערע אייגענע קאָמענטאַרן צו דער תורה, כדי מעגליך מאַכן זי אָנצואווענדן אין פּראַקטישן לעבן. און ניט פאַר־גרינגערט האָבן זיי דעם עול פון דעם תלמוד, נאָר נאָך שווערער האָבן זיי אים געמאַכט. אזוי בנוגע שבת, יום־טוב, הייראַט צווישן קרובים, שחיטה און נאָך און נאָך. שוין ענן אַליין פאַרפאַסט אַ „ספר המצוות", איבער וועלכן ער אַרבעט גאַנצע דריי יאָר צייט (ער ווערט פאַרטיג 770). דערביי באַנוצט ער זיך מיט די כללים. וואָס דער תלמוד האָט פעסטגעשטעלט ביים קאָמענטירן די תורה. אפילו די „מידות", לויט וועלכע די תורה ווערט גע׳דרש׳נט בא די תלמודישע אידן, באַנוצט ער. שפּעטער מוזן די קאַראַאימען צוגעבן, אַז דאָס קאַראַאימערטום שטיצט זיך אויף דריי זיילן: אויפ׳ן פּ ס ו ק, אויפ׳ן א ו י ס ד ר י נ ג ע ן דאָס ניט־געשריבענע פונ׳ם געשריבענעם (היקש) און אויף דער ירושה־לאַסט (סבל־הירושה), דאָס הייסט: אויף דינים און מנהגים, וואָס זיי האָבן איבערגענומען בקבלה פון דורי־דורות, כאָטש זיי זענען אין ערגיץ ניט פאַרשריבן.

און ווייל קיין אַלגעמיין־אָנערקענטער אויטאָריטעט אין פעסט־שטעלן דאָס „אויסדרינגען" איז ניט געווען, און יעדער געלערנטער קאַראַאים האָט זיך פאַרלאָזט דערין אויף זיין אייגענעם שכל, איז עס מיט דער צייט געקומען צו אַ געוואַלטיגן מיש־מאַש אין זייער אויסטייטשן און אָנווענדן די תורה. יעדע פּראָווינץ מיט אירע אויטאָריטעטן. יעדער אויטאָריטעט מיט זיין שכל און זיין איינזען און זיינע דינים. איז וויפיל אויטאָריטעטן אזויפיל שפּאַלטונגען, כתות אָדער סעקטעס, וואָס זענען מחולק צווישן זיך און האָבן באַזונדערע תורות. מיט קנאַפּע הונדערט פופציג יאָר ענג׳ם טויט באַקלאָגט זיך אַ געלערנטער קאַראַאים, יעקב אלקירקיסאַני, אויף דעם דאָזיגן צושטאַנד פונ׳ם קאַראַאימערטום. מ׳פּרובירט צו ברענגען אָרדנונג אין דעם פּרט. זיי פאַרמאָגן אָבער ניט די פעסטע יסודות, וואָס

מ'זאָל קאָנען אונטערבויען אונטער דעם וואַקעלדיגן בנין. ציט זיך די אומאָרדנונג און אומקאָנזעקוועגץ אין דעם קאַראַאימענטום ביז אויפ'ן היינטיגן טאָג.

און דער פאַרלויף פון זייער לעבן אין דער געשיכטע?

קליין און ווינציג אין צאָל און אין זשעניען ווי זיי זענען געווען; צעוואָרפן און צעשפּרייט איבער ווייטע וועלט־שטחים, זענען זיי ניט אימשטאַנד געווען צו שאַפן און צו פאָרמען זייער געשיכטע. אפילו קיין פּאַסיוון ווידערשטאַנד, ווי די אידן האָבן אָפט באַנוצט, זענען זיי ניט אימשטאַנד געווען צו שטעלן. איז אַמאָל ליידן זיי רדיפות אינאיינעם מיט אידן, און אַמאָל מיידט זיי אויס דער גורל פון אידן. זוכן זיי אַלעמאָל די לייטזעליגקייט פון די מעכטיגע, פון וועמען זייער וואויל און בייז הענגט אָפּ. די טענדענץ און ריכטונג: אָפּזונדערן זיך וואָס מער פון די וועלט־פאַרהאַסטע אידן, כדי צו געפינען חן בא די וועלט־באַהערשער, די גויים. אַזוי האַנדלען זיי ביז'ן דרייצענטן יאָרהונדערט, ווען זיי שטייען אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבישע כאַליפן; אַזוי פון דרייצענטן יאָרהונדערט אָן, ווען זיי שטייען אונטער דער הערשאַפט פון די טאָטערישע כאַנען; און פון פערצענטן יאָרהונדערט אָן, ווען זיי זענען אָפּהענגיג פון די ליטווישע פירשטן און פוילישע קעניגן, און פון זיבעצענטן יאָרהונדערט אָן, ווען זייערע הערשער זענען די רוסישע צאַרן, ווייל שטענדיג שטרעבן זיי צו איין ציל: ר ע כ ט!

די געשיכטע איז קורץ:

מורא־האָבנדיג צו בלייבן אין בבל, נאָענט צום אידישן ריש־גלותא, זיין ברודער חנניה, ציט זיך ענן און די זייניגע אריבער קיין ארץ־ישראל. דאָ בויט ער אַ שול און שאַפט אַ צענטר פאַר זיינע אָנהענגער, וואָס געפינען זיך אין ווייטע געגנטן ארום. ניט בלויז אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין מצרים, בבל, מעסאָפּאָטאַמיע און פערזיע. ענדע אַכטן יאָרהונדערט שטאַרבט ענן. זיינע נאָכפאָלגער זענען נישטיגער ווי ער. טוען ניט פיל אויף פאַר'ן באַפעסטיגן און אַנטוויקלען זייער סעקטע. און ווייל דער תנ"ך איז בא זיי אַן איינציגער קוואַל פון זייער חיות, פאַרנעמען זיי זיך מיט

גרינטלאַכן אויפאָרשן זיין אינהאַלט און זיין שפּראַך. ווען זיי
דערמיט די אייפערזוכט פון די תלמודישע אידן און אויך זיי גיבן-
אָפּ דעם תנ״ך גרויס אויפמערקזאַמקייט, דערהויפּט צוליב דעם, כדי
זיי זאָלן קאָנען באַקעמפן די קאַראַאימער און אָנווייזן זייער פאַלש
אויסטייטשן דעם תנ״ך. ממילא ברענגט עס צום פעסטשטעלן דעם
גענויערן טעקסט פון דער ביבל (מסורה), צום שאַפן אַ דקדוק פאַר
העברעאיש און אויך צו אַ וועלטליכער ליטעראַטור אויף דער
שפּראַך. און גרויסע קעמפער זענען אין אידנטום אויפגעשטאַנען
קעגן די קאַראַאימען. די וויכטיגסטע: רבי סעדיה גאון אין מצרים
און אין בבל; דער רמב״ם — ווייבער ווי אַנדערע — אין מצרים;
דער ראב״ד (אברהם בן דוד) אין שפּאַניע, א. ד. גל. די קאַמפן
שטערן אַביסל זייער אַנטוויקלונג, שוואַכן־אָפּ זייער אָנזען און ווירד־
קונג אין די רעגירונגס־קרייזן פון די דערמאָנטע לענדער, וואו זיי
זענען אין גרויס חשיבות, און גרויס שאָדן געטאָן די תלמידישע אידן.
אָבער אונטערגיין גייען זיי ניט אונטער. פאַרשיידענע היסטאָרישע
געשעענישן רייסן זיי אַרויס פון מזרח, וואו זיי זענען געבוירן, און
פאַרוואָרפן זיי אויף די מערב־ברעגן פון מיטללענדישען ים. זיי
גרייכן קיין גריכנלאַנד, שפּאַניע, טערקיי. שפּעטער, פון דאָרט קיין
קרים, קיין דרום־מערב רוסלאַנד, קיין ליטא, קיין פּוילן. און וואָס
ווייטער, אַלץ קלענער ווערן זיי אין צאָל, אַלץ ווינציגער אין באַ־
דייטונג. די ווערק, וואָס זייערע געלערנטע האָבן איבערגעלאָזט,
זענען באַרימט מיט זייערע געשיכטליכע פאַנטאַסטערייען און
באַוואוסטזיניגע פעלשונגען, דערהויבט צוליב דעם, כדי צו באַווייזן,
אַז אין קרים, למשל, וואוינען זיי נאָך פון פאַר קריסטוס׳עס געבורט
אָן א. ד. גל. און יעדעס שרייבן זייערס איז באַרעכנט אויף אַפּאָלאָ־
געטיק פאַר זיך — אלס  א מ ת ׳ ע אידן און פאַרלוימדונג אויף
די תלמודישע אידן. זייער גרעסטער געלערנטער פון׳ם פאַרגאַנגע־
נעם יאָרהונדערט, פירקאָוויטש, איז אויך באַרימט אַלס דער גרעס־
טער פאַלסיפיקאַטאָר  פון טעקסטן און מצבות־אויפשריפטן, וואָס
די געשיכטע קען. און זייערע פּראַקטישע צילן, וואָס זיי האָבן גע־
וואָלט דערגרייכן דורך די פאַלסיפיקאַטן, האָבן זיי דערגרייכט. אין

רוסלאַנד, למשל, האָט מען זיי גערעכנט פאַר אַ גרויסע׳ מעלה, וואָס זיי האַלטן ניט פונ׳ם „שענדליכן תלמוד". און ווייל זייער צאָל איז זייער קליין, האָט מען זיי געגעבן אַלע בירגערליכע רעכט, און אויך פּריווילעגיעס: מ׳האָט פון זייערע ניט גענומען צום מיליטער־דינסט.

און אויס דאַנקבאַרקייט האָבן זיי זיך באַמיט נאָך מער צו דערווייטערן פון אידן. האָבן זיי די לעצטע יאָרצענדליגער זיך אָנגע־הויבן אָפּצוזאָגן פון זייער אַלטער טעאָריע, אז זיי שטאַמען פון אידן, וואָס זענען אין גלות פאַרטריבן, און אָנגעהויבן באַווייזן, אז זיי שטאַמען פון די כוזרים — אַ טערקיש־טאָטערישער שטאַם, וואָס האָט אָנגענומען דאָס אידנטום — און מיט אידן האָבן זיי קיין שום בלוט־פאַרוואַנדשאַפט ניט... פלעגן אויך אָנפאַלן אויף אידן מיט גרויסע זלזולים, אינ׳ם נוסח פון אַלע רוסישע אַנטיסעמיטן. איינער אַ חכם זייערער אין יעווּפּאַטאָריע, שאַפּשאַל, פלעגט באַווייזן צו באַזוכער די קאַראַאימישע שול און דעם קאַראַאימישן מוזיי. דערביי האָט ער אויך ניט אויסגעמיטן צו לעסטערן אידן. האָט איינער פון די באַזוכער אים געפרעגט אַמאָל: פאַרוואָס איז ער אַזוי געשטימט קעגן אידן, האָט ער געענטפערט: „מיר, קאַראַאימען, קענען זיי ניט מוחל זיין די דראַמע אויף דער גאָלגאָטע", ד. ה. וואָס מ׳האָט יעזוס׳ן געהאַנגען.

אין ערך אַכט טויזנט נפשות האָבן זיך, אין פאַריגן יאָרהונ־דערט, געפינען אין גאַנץ רוסלאַנד. קאָנצענטרירט — אין קרים. אַלע זענען געווען רייך — ווייל כמעט די גאַנצע טאַבאַק־אינדוס־טריע האָט זיך געפונען אין זייערע הענט. „אין דער צייט פון דעם קרים־קריג — דערציילט פּראָפ. ר. ב. מאַרקאָן — איז ארויס אַ קלאַנג, אַז בעת און נאָך דער מלחמה וועט די רוסישע רעגירונג ארויסטרייבן פון קרים אַלע מוסולמאַנער, וואָס לעבן אין קרים. די טערקן און טאָטערן האָבן זיך דערשראָקן, און זיך אַריבערגעקליבן אין טערקיי. זייער פאַרמעגן, הייזער, באָדן, טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס — דאָס אַלץ האָבן זיי פאַרקויפט פאַר קליין־געלט. ס׳רוב פאַרמעגן האָבן אָפּגעקויפט די קאַראַאימען. פון דעמאָלט אָן זענען זיי רייך

געוואָרן און דערצו אָנגעזען אין די רעגירונגס־קרייזן. אין די צאַריסטישע צייטן האָבן די קאַראַאימען געפירט אַן עקסט־רעכטע פּאָליטיק. אייניגע פון זיי האָבן אפילו געהאָלפן מאַכן אידישע פּאָגראָמען. די סאָוועטישע רעגירונג האָט זיי אויסגעגליכט אין זייערע רעכט מיט אַלע אידן. און אַלס אינהאַבער פון אומבאַוועג־ליכע גיטער זענען זיי אינגאַנצן רואינירט.

האָבן זיי איצט „אַ קאַראַאימישע פאַראייניגונג", וואָס שטייט אויף דער סאָוועטישער פּלאַטפאָרם. איינע פון די אויפגאַבן פון דער „פאַראייניגונג" איז צו פאָרשן די אַלטערטימליכקייטן פון זייער געגנט. האָפט אָבער קיינער ניט, אַז די היסטאָרישע וויסנשאַפט זאָל דערפון עפּעס געווינען. וואָרים אויך איצט ווילן זיי ניט אַנ־דערש באַווייזן, אַז פירקאָוויטש האָט קיין שום פעלשונגען ניט געמאַכט. און די גאַנצע „אויספאָרשונג" זייערע בויען זיי אויף זיינע באַהויפּטונגען. דערצו מיידן זיי אויס דאָס וואָרט „אידישע". זיי רופן זיך אָן ניט „סעקטע", נאָר „קאַראַאימיש פאָלק", און העברעאיש רופן זיי „קאַראַאימיש". זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז טאָטעריש. זייער טעטיגקייט און ווירקונג — נול.

# רבי סעדיה גאון

קיינער קאָן אייך גענוי ניט זאָגן: פון וואַנען שטאַמט ער, וואו איז ער ערצויגן, פון וועמען האָט ער זיין ערשטע בילדונג באַקומען — קיין מענש ווייסט עס ניט. שונאים זאָגן: זיין פאטער איז געווען א מ צ ר י, וואָס האָט זיך מגייר געווען. און פאַר־גומען האט ער זיך: איינער זאָגט, ער איז געווען א באַרבער, דער צווייטער זאָגט: א בוטשער, דער דריטער — א מלוה א. ד. ג. און פריינט זאָגן: א תלמיד־חכם איז זיין פאָטער געווען, א חשוב'ער מענש און ווערט דערמאָנט אין בריוו פון באַוואוסטע גרויסע מענשן אין זיין צייט. און סעדיה גאון אליין זאָגט, אז ער שטאַמט פון שבט יהודה, פון דער גלייכער ליניע פון ש ל ה — יעקב־אבינו'ס אייניקל פון זיין זון יהודה. און צו זיינע אורעלטערן, פון די לעצטע דורות, רעכנט ער דעם תנא רבי חנינא בן דוסא.

וואָס מען ווייסט זיכער פון זיין יוגנט, איז: אז ער איז גע־בוירן אין יאר 892 (נ. ק.), אין מצרים, אין דער געגנד פון פיתום. צו צוואַנציג יאָר שרייבט ער אָן א העברעאיש־אַראַבישן ווערטער־בוך. צו 23 קומט ער פון מצרים קיין ארץ־ישראל. דאָ טרעפט ער די קאַראימען, וועלכע ווילדעווען אין אידנטום און פאַרשפּרייטן זייער פאַלשע תורה צווישן אידן. און פון אידן איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל זיך מוטיג, באַוואָפנט מיט וויסן, זיי אַנטקעגן שטעלן. די קאַ־ראימען פלעגן זיך גריבלען אין תנ"ך. פון דאָרט פלעגן זיי אויסדריי־גען אַלע זייערע באַהויפּטונגען קעגן דער אידישער טראַדיציע, קעגן תלמוד, קעגן יענער־וועלט, קעגן שכר און עונש פאַר האַנדלונגען אויף דער וועלט, קעגן תחית־המתים א. ד. ג. און פון רבנישער זייט איז מען געקומען מיט חרמות קעגן זיי, מיט גזרות זיך צו דערוויי־

טערן פון זיי, וואָס האָט ניט פיל געהאָלפן. פאַרקערט. דאָס שטרענגע „פאַרבאָטן" וועקט די נייגעריקייט זיך צו באַקענען מיט'ן פאַרבאָטענעם. און איז מען ניט אימשטאַנד דאָס „פאַרבאָטענע" אָפּצופרעגן, נעמט מען דאָס אָן. אַזוי האָבן די פאַרבאָטן נאָך געהאָלפן דעם ערפאָלג פון די קאַראַימען.

רבינו סעדיה גאון האָט דאָס באַלד באַגריפן. ער האָט איינגעזען, אַז די קאַראַימישע פּראָפּאַגאַנדע-מיטלען און די רבנישע קאַמפּס-מיטלען פירן צו איין און דעם זעלבן ציל — צו פאַרשפרייטן דאָס קאַראַימענטום. נעמט ער זיך צום איינציג-ראַדיקאַלן קאַמפּס-מיטל: צו אויפקלערונג. ער שרייבט אַ גרויס ווערק געגן דער קאַראַימישער לערע. געשטיצט אויף טיכטיגער תנ"ך-וויסנשאַפט מאַכט ער צו-נישט אַלע זייערע באַהויפּטונגען. קלאָר און בולט באַווייזט ער, אַז עס איז אַן אומזין צו זאָגן: איך אַנערקען דעם באַפויל פון דער תורה, איך וויל אָבער ניט אַנערקענען די ערקלערונג: ווי אַזוי דעם באַפויל אויסצופירן. יעדער באַפויל, יעדער געזעץ, איז שטענדיג אויסגעדריקט אין אַלגעמיינע ווערטער און באַגריפן, וואָס מאַכט אוממעגלאַך זיי אָנצווענדן אָן ספּעציעלע ערקלערונגען, באַ פאַל און פאַל. און יעדער געזעץ, אַ געטלאַכער אָדער מענשלאַכער, רעליגיעזער אָדער וועלטלאַכער, מוז אָנקומען צו אויסטייטשונגען און נויטיגן באַשייד — אויב מ'וויל אים אָנווענדן אין לעבן. און די „תורה-שבעל-פּה" איז דער ספר פון ערקלערונגען צו די קורצע געזעצן פון דער „תורה שבכתב". אַנדערש אויסגעדריקט: דער תלמוד איז עס דער ספר, וואו ס'ווערט ערקלערט, ווי אַזוי מ'דאַרף פאַרשטיין און מקיים זיין די געזעצן פון דער תורה. ווילט איר, קאַראַימען, ניט אַנערקענען די טראַדיציאָנעלע ערקלערונגען, ווי זיי זענען פאַרשריבן אין תלמוד, און ווילט נאָר די תורה אַליין. אָנגענומען. צי מאַכט איר דען אָבער ניט אייערע אייגענע ערקלערונגען צו די געזעצן פון דער תורה? אויב איר זאָגט, אַז פרייטאָג-צו-נאַכטס דאַרף מען זיצן אין דער פינסטער — ווייל אין דער תורה שטייט: „איר זאָלט קיין פֿייער ניט אָנצינדן אין אייערע וואוינונגען דעם שבת'דיגן

טאָג" — איז דען דאָס ניט שוין קיין אויסוויינינגסטע אויסטייט־שונג? דאָס אייגענע איז אויך מיט'ן קאַראַימישן עקסטרעמען דער־ווייטערן זיך פון חתונה צו האָבן מיט קרובים א. ד. ג. אין ערגיץ קומען זיי ניט אויס אָן אויסטייטשונגען און ערקלערונגען דערצו, וואָס אין דער תורה איז געשריבן. נאָר הייסן הייסט עס בא זיי, אַז זיי אַנערקענען, אויסשליסלאַך, נאָר דאָס, וואָס שטייט אין דער תורה. איז עס ניט זעלבסטנאַרעריי? א. אז. וו., א. אַ. וו. דאָס בוך פון סעדיה גאון איז ניט צו געפינען. די קאַ־ראַימען האבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כדי דאָס אויסצורוימען פון דער וועלט. כדי דאס מאַכן פאַרגעסן. אָבער צו טיף האט זיי דער גאון מיט דעם ווערק זיינעם אָנגעריפן, אַז זיי זאלן עס פאַר־שווייגן. אַ קאָלאָסאַל־העצערישע פּאָלעמיק אַנטוויקלען די קאַראַי־מען געגן סעדיה. איז פון די ציטאַטן, וואָס די קאַראַימען ברענגען אין זייערע „ענטפערן", האט זיך די וועלט באַקענט מיט סעדיה'ס אָנגריפן געגן זיי. און פון זייערע תשובות האָט די וועלט ערפאַרן, ווי נישטיג און ווי הינטערשטעליג זיי זענען, וואו זיי טרעפן אָן אַ פעסטן ווידערשטאַנד פון אַן אמת'ן געלערנטן, ווי רבי סעדיה איז. דאָס האָבן די קאַראַימער אויך דערפילט. דערפאַר איז אנשטאט זאַכלאַכע ענטפערן, באַפאַלן זיי אים מיט זידלערייען. און אַזוי אין אַלע דורות, אפילו ביז גאָר די לעצטע. די קאַראַימען קאָנען אים קיינמאָל ניט שענקען דאס אומגליק, וואס ער האָט מיט זיין פעדער אויף זיי געבראַכט.

וואָרים רבינו סעדיה גאון געהערט ניט צו די, וואס דער־שרעקן זיך פאַר אַ בייז וואָרט, ווען דאָס וואָרט איז פאַלש און אומגערעכט. דאָס פאַרהאַלטן צו אים פון די קאַראַימען ברענגט בלויז דערצו, אַז ער שרייבט אַ שריפט נאָך אַ שריפט געגן זיי. גראָבט אונטער אַלע זייערע פונדאמענטן. שטעלט זיי אוועק ווי לעכער־לאַכע, אומאויפריכטיגע דעמאַגאָגן, און באַווייזט אַז ענן אַליין, דער באַגרינדער פונ'ם קאַראַימענטום, האָט זיך אָפּגעווענדט פון די רבנים דערהויפּט דערפאַר, וואָס מ'האָט אים ניט געוויילט פאַר קיין ראש־גולה, ווי ער האָט עס פאַרלאַנגט.

אָבער ניט בלויז קאַראַימענטום. ער קאָן אויך קבלה — ווי דער גרעסטער פון די מקובלים. ער קאָן אויך פילאָזאָפיע — ווי דער טיכטיגסטער צווישן די אַראַבישע פילאָזאָפן.

און געגן ביידע האָט ער וואָס אויסצוזעצן.

איז אים די לערע פון די קאַראַימען צו טרוקן, דאַן איז אים די לערע פון די מקובלים צו־זאַפטיג. מ׳קאָן ניט לעבן בלויז אויפ׳ן טרוקענעם פסוק, מ׳קאָן אָבער ניט אַריינטייטשן אין פסוק אַריין אַלץ, וואָס די פאַנטאַזיע שפּילט איינעם פאָר. דער געזונטער מענשן־פאַרשטאַנד האָט אויך זיין רעכט אַ וואָרט צו זאָגן אינ׳ם אויפפאַסן די תורה. און די פילאָזאָפיע מוז אויך פון איר באַריקזיכטיגט ווערן. וואָרים דער ריינער גלויבן געפינט דירעקטע שטיצע אינ׳ם ריינעם פילאָזאָפישן דענקען. פיל מער שטיצע, ווי אינ׳ם מיסטיציזם, וואָס מאַכט דעם מענשנ׳ס שכל בלאָנדזשען אין גרויע וואָלקן...

און רבינו סעדיה גאון זעצט איבער דעם תנ״ך אויף אַראַביש — די שפּראַך, וואָס די איינוואוינער פון וויטן מערב אָן, ביז אינ־דיען, האָבן אַלע פאַרשטאַנען. איז דאָס אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט, אָבער ווייט ניט פריי פון טענדענצן. וואָרים הן אין טעקסט, הן אין באַ־מערקונגען און ערקלערונגען צו געוויסע שטעלן, זוכט ער, קודם כל, מבטל צו זיין די קאַראַימישע ערקלערונגען צו דיזעלביגע שטעלן (מיט וואָס זיי זיינען אויסן געווען מבטל צו זיין די אויפפאַ־סונג, וואָס די תלמודיסטן האבן געהאַט פון דיזעלבע שטעלן). אָבער אויסער דעם באַמיט ער זיך דאָ אויך אָפּצופרעגן די אויפפאַסונג פון די אידישע מיסטיקער, אָדער מקובלים. וואָרים זיי האָבן גענומען די אויסדרוקן פון חומש, וואו עס רעדט זיך פון גאָט׳ס „אויגן", „הענט" א. ד. ג. אין פשטות. דאַרום האָבן זיי גאָט אויפגעפאַסט, ווי אַ גרויסן „בשר ודם", מיט אַלע גלידער — נאָר קאָלאָסאַלע — וואָס אַ מענש האָט; מיט באַוועגונג אין צייט און אין רוים, מיט פאַרנעמען אַ באַשטימטן פּלאַץ און אָרט. אָבער לויט זיין אויפ־פאַסונג, איז גאָט — גייסט, דרינגט דורך אַלץ, וואָס געפינט

זיך אויף דער וועלט, איז אָבער אַליין דערהויבן איבער אַלץ און איבער דער וועלט, וואָס ער אַליין האט געשאַפן פון גאָרניט. פון נישט. און מיט געוויינליכע אויפפאסונגס־מיטלען, ווי דער מענש פאסט אויף די וועלט און אירע באַשעפעניש, קאָן מען גאט ניט אויפפאסן; און אין די באַגריפס־פאָרמען, ווי מענשן פאַסן אויף גשמיות׳דיגע זאכן, לאָזט זיך גאט ניט באגרייפן. דאָס באַגרייפן גאט קאָן געשען בלויז דורכ׳ן העכסטן, געלייטערטן, פילאָזאָפישן דענקען. דערפאר שטימט די ריינע אמונה מיט׳ן ריינעם דענקען. די טראַדיציע — מיט׳ן שכל. און קיין סתירה צווישן זיי קאָן ניט זיין. און האָט די תורה פאָרט גערעדט פון אַ גאָט מיט גלידער, איז עס געשען בלויז דערפאר, וואָס רעדנדיג מיט מענשן, האָט די תורה גערעדט אין אַזאַ שפּראַך, און אין אַזעלכע אויס־דרוקן, ווי מענשן רעדן... פאַראייניגן די תורה מיט דער השכלה, אָדער פילאָזאָפיע פון זיין צייט — דאָס האָט ער געגלויבט צו דער־גרייכן דורך זיין איבערזעצונג.

און נאָך איינס: צוליב די אָנפאלן פון די קאַראימען אויפ׳ן תלמוד, האָבן עס די אידישע געלערנטע געהאַלטן פאַר נויטיג זיך צו פאַרנעמען בלויז מיט תלמוד לערנען, און דעם תנ״ך האָבן זיי פאַרנאַכלעסיגט, ווי איבערגעלאָזט אים פאַר די קאַראימען. דורך דער איבערזעצונג האט רבינו סעדיה געוואלט פאַרשפּרייטן דעם תנ״ך אין פאָלק, וואָס האָט שוין געהאט לאַנג אויפגעהערט צו רעדן העברעאיש. און אינאיינעם דערמיט אויך צוציען די אידן צו דער אַראַבישער קולטור און פילאָזאָפיע. אָדער, ריכטיגער, דורך דער איבערזעצונג אַריינגעטראָגן וועלטלאַך וויסן צווישן די אידן. און זאָלן זיי אויך אין דעם פּרט ניט אָפּשטיין פון אַנדערע פעלקער. און דאָ האָט ער, ווייזט אויס, געהאט מער גליק, ווי די תנ״ך־איבער־זעצער פאַר אים און נאָך אים.

די איבערזעצונג רופט ווידער אַרויס אַ שטורם פון קאַראימישע אָנפאַלן אויף אים. ער ענטפערט, אָבער לאָזט זיך ניט פאַרשלונגען פון דעם טומל. ער שרייבט אַן איינלייטונג צום תלמוד, ער זעצט

איבער די משנה אויף אראביש. דאס אלץ מאכט אים א גרויסן נאמען אין אפריקע, אזיע און אייראפע. מ'באוואונדערט זיינע גרויסע קענטעניש אין אידישע און וועלטלאכע חכמות; מ'איז באגייס־טערט פון זיין פעסטן מוט אין קאמף געגן אונזערע געגנער און מ'אנערקענט, אז זיין קאמפסלוסט פאר גאט און פאר דער תורה פארדינט געשטיצט און באלוינט צו ווערן.

און אין 928, קוים 36 יאר אלט, באקומט ער אן איינלאדונג פון'ם ריש־גלותא אין בבל, ער זאל ארויפקומען און ווערן גאון פון דער ישיבה אין סורא. דער ריש־גלותא, דוד בן זכאי, האט געמיינט דורך אים צו הויבן דעם פרעסטיזש פון דער ישיבה, וואס איז שטארק געוועזן געפאלן די לעצטע יארן. אבער דער פאסטן איז געוועזן זייער א הויכער. ר ב האט דאך דא געלערנט! ר ב א ש י האט דאך דא געלערנט! און רב סעדיה גאון נעמט אן די איינלא־דונג. ער פילט זיך שטארק געשמייכלט דערמיט. איז עס דאך, אויסער אלעס, דער ערשטער פאל אין דער געשיכטע פון אידנטום איז בבל, אז מ'זאל פון א ו י ס ן איינלאדן א מענטשן אויף אזא הויכן פאסטן!... רב סעדיה האט פארשטאנען דאס אפצושאצן... אבער דוד בן זכאי האט עס אויך פארשטאנען זיך איינצושאצן... ער האט געגלויבט, אז פאר דעם גרויסן כבוד, וואס ער האט ארויס־געוויזן רב סעדיה'ן וועט אים רב סעדיה באהילפיג זיין אין זיינע מעשים...

מיט גרויס פאראד איז פארגעקומען דאס קרוינען רבי סעדיה'ן צום גאון פון סורא. אפילו דער גאון פון פומבדיתא צו יענער צייט האט ניט געהאט דעם מוט נ י ט צו באטייליגן זיך אין די פייער־לאכקייטן — הגם ער האט געוואוסט, אז איצט וועט סורא אריבער־וואקסן פומבדיתא; און אזוי איז עס אויך געוועזן, ניט בלויז תלמידים מערן זיך אין סורא; ניט בלויז איז זיין שטייגער לערנען פאפולער צווישן לומדים און תלמידי־חכמים, נאר אויך דאס פאלק

— אזוי ווייט און אזוי ברייט, ווי די אראביש־מאכמעדאנישע הער־שאפט גרייכט — אנערקענט זיין גרויסע צדקות און ווארהאפטיג־

קייט. מיט פאַרשיידענע שאלות ווענדט מען זיך צו אים. און ער ענטפערט תשובות (אויף אַראַביש) אַזוינע לויטערע, אַזוינע איינ־לויכטנדיגע, אַז זיי גילטן ווי אַ מוסטער פון לאָגישן דענקען, פון וויטן און ברייטן און אַלזייטיגן אויפפאַסן אַ פּראָבלעם. רב סעדיה איז גרוים געוואַקסן אין סורא. און סורא איז דערהויבן געוואָרן מיט רבי סעדיה׳ן. זעגען אָנגעוואַקסן שונאים. שפּראָצט די אינטריגע. און איינגיכן ברעכט זי אויס. און ברענגט צו טרויעריגע פאָלגן פאַר׳ן גאַנצן בבל׳ער אידנטום.

אַ קליינער מענש און אַ האַרטער און אַ געלט־גיעריגער איז געווען דוד בן זכאי — דער ראש הגולה. זיין נאָענטקייט „צום הויף", האָט ער אָנגעווענדט אויף אויסצופּרעסן וואָס־מער געלט פון די אידן, וואָס זענען אים אונטערגעוואָרפן. טרעפט זיך אַ פּראָצעס וועגן אַ רייכער ירושה. דער ראש־הגולה וויל דאָ אַראָפּציען אַ פעטן חלק, פאַרבויגט ער די גערעכטיקייט און פסק׳נט אַזוי ווי פאַר אים לוינט בעסער. כדי קיינער זאל אָבער ניט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פונ׳ם פסק־דין, פאָדערט דוד בן זכאי, אַז די גאונים פוןביידע ישיבות, — פון פומבדיתא און פון סורא, — זאָלן דעם פסק־דין אונטערשרייבן. דער פומבדיתא׳ר ראש־ישיבה, גרייז גרוי און באַ זיך געפאַלן, שרייבט אונטער. אָבער רבינו סעדיה וויל ניט אונטערשרייבן. ער פּרובט זיך לכתחילה אַרויסצומאַכן, ניט זאָגן פאַרוואָס ער וויל זיך ניט אונטערשרייבן אויפ׳ן פסק־דין. אָבער אַז מ׳שטייט־צו צו אים, זאָגט ער, אַז דער ראש־גולה האָט ניט גע־פסק׳נט ווי דער ריכטיגער דין איז. אַז די גערעכטיקייט איז דאָ געשעדיגט. גייט עס שוין דוד בן זכאי אום אַ צו־להכעיס. שיקט ער זיין זון צו סעדיה׳ן, און לאָזט אים זאָגן, אַז אין נאָמען פון זיין אמט פאָדערט ער זיין אונטערשריפט. רבי סעדיה ענטפערט, אַז אין רעכטס־זאַכן האָט די תורה פאַרבאָטן צו פאָלגן די גרעסערע. שיקט בן־זכאי דעמזעלבן זון זיינעם נאָכאַמאָל צו רבי סעדיה׳ן און סטראַשעט אים מיט אַראָפּזעצן פון אמט, אויב ער וועט ניט אונ־טערשרייבן דעם פסק־דין. רבי סעדיה זאָגט זיך דאָך אָפּ. יענער ווערט אויסער זיך און הויבט־אויף די האַנט געגן גאון. די תלמידים

דערזעען עס, ווארפן זיי ארויס דעם חצוף פון דער ישיבה. דער ראש־הגולה האלט זיך פאר באליידיגט. זעצט ער אראפ רבי סעדיה'ן פון זיין גאון־שטעל, לייגט אים אריין אין חרם, און אויף זיין ארט באשטימט ער אן אנדער גאון. רבי סעדיה איז אבער ניט פון די שרעקעדיגע. ער ערקלערט באלד דעם ראש־הגולה פאר אראפגעזעצט, און באשטימט אן אנדער ראש־הגולה. באלד בילדן זיך צוויי צדדים. מיט'ן גאון גייט דאס גאנצע קאלעגיום פון דער סורא'ר ישיבה, אלע חשוב'ע מענשן פון דעם בבל'ער אידנטום און אויך אלע גע־לערנטע פון באגדאד. ג ע ג ן אים איז געוועזן די ישיבה אין פומבדיתא און עטלאכע גבירים, וואס האבן דעם ראש־הגולה געהאט צו פארדאנקען זייער אנזעען אין הויף פון קאליף. צוויי יאר האט זיך געצויגן דער שטרייט. צוויי גאונים אין סורא און צוויי ראשי־הגולה האבן עקזיסטירט. צען טויזנט דינרים האט זיך דעם ראש־הגולה'ס צד געלאזט קאסטן, און רבי סעדיה האט דעם קריג פאר־שפילט. ער פארלאזט סורא. לעבט 4 יאר (אנדערע זאגן: 7 יאר) אין באגדאד, אלס פריוואט־מאן. שווערע שטימונגען באפאלן אים פון צייט צו צייט. אבער ער לאזט זיך ניט פיל באאייגפלוסן. גראד די שלעכטע יארן אין באגדאד זענען אים די פרוכטבארסטע. פריי פון קהל'שע געשעפטן, גיט ער זיך נאך מער אפ מיט לערנען און שרייבן. דא שרייבט ער פיל תלמודישע אפהאנדלונגען. ער שרייבט שטימונגספולע רעליגיעזע שירים. ער פארפאסט תפילות. שרייבט וועגן קאלענדאר־פראגן, פאלעמיזירט מיט'ן בעל־המסורה אהרן בן אשר פון טבריה, ער שרייבט א פירוש אויפ'ן מיסטישן „ספר יצירה" און נאך און נאך. און דאס וויכטיגסטע, וואס ער האט אויף זיין לעבן געשריבן, איז זיין ספר (אויף אראביש) „אמונות ודעות", „גלויבונגען און מיינונגען". און אויך מיט דעם ספר איז ער אנט־קעגנגעקומען דער באדערפניש פון דער צייט, סיי בא אידן, סיי בא אראבער.

ווארים א צייט פון כפירה איז עס געווען, דערהויבט אין די געבילדעטע קרייזן. אידן האבן זיך געפונען — א חוי הבלכי, למשל — וואס האבן געלייקנט אין אלץ. אפילו אין דעם, אז גאט

האָט זיך אַנטפּלעקט אויפ'ן באַרג סיני. אַלע ניסים, פון וועלכע די תורה רעדט, האָבן זיי ערקלערט ווי געשייעניש, וואָס זיינען גע־קומען בדרך־הטבע. די וועלט, האבן זיי געזאָגט, עקזיסטירט אַזוי לאַנג שוין ווי גאָט, פון אייביג און אייביג אָן. און ניט גאָט האָט די וועלט באַשאַפן, נאָר זי האָט זיך אַליין באַשאַפן — דורך די נאַטור־קרעפטן, וואָס זענען באַהאַלטן אין דעם חומר, פון וועלכן עס באַשטייט אַלץ אויף דער וועלט.

מיט פיל שאַרפזין און פילאָזאָפישן אַנאַליז באַמיהט זיך רבי סעדיה צו באַווייזן די נישטיגקייט פון אַזוינע באַהויפּטונגען. די געטלאַכע אַנטפּלעקונג צום מענשן און געבן אים די תורה, איז אים אַ פאַקט, אין וועלכן ער דערלאָזט ניט קיין שום צווייפל. און דאָס איז אים דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר זיין גאַנצער רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע, וואָס ער אַנטוויקלט אין זיין לעבנסווערק „אמונות ודעות".

זעלבסטפאַרשטענדלאַך איז אים די ע ר ד דער צענטער פון דער וועלט. דער מ ע נ ש מיט'ן פרייען ווילן — דאָס העכסטע פון אַלע באַשעפענישן אויף דער ערד. דאָס ווירקליכע דערקענען גאָט — די העכסטע אויפגאַבע פון מענשן. דאָס געפיל פון אָפּהענ־גיגקייט פון ו ו ע מ ע ן, אָדער ע פּ ע ס העכערן, וואָס יע־דער מענש טראָגט בא זיך אין הארצן, דאָס איז דער קוואַל פון רעליגיע פון באַציאונג צווישן מענש און גאָט. קוים ליגט עס אין דער נאַטור פון מענשן, איז ד ע ר צ ו כלל ניט נויטיג געוועז, אַז גאָט זאָל זיך אַנטפּלעקן. אָן זיין אַנטפּלעקונג איז די עצם רע־ליגיע שוין דאָ געוועז. די אַנטפּלעקונג איז אָבער נויטיג געוועז כדי צו ר ע ג ו ל י ר ן די דערמאָנטע באַציאונג צווישן מענש און גאָט. אַריינגיסן זי אין געוויס פאָרמען. און דער מהות פון אידנ־טום איז דאָך: ר ע ג ו ל י ר ט ז י ט ל א ך ל ע ב ן.

ניט־קוקנדיג דערויף, וואָס שרייבנדיג דעם ספר איז רבי סעדיה אַלץ נאָך געווען אין חרם, פאַרשפּרייט ער זיך דאָך זייער שנעל צווישן אידישע און אַראַבישע געלערטע. ער מאַכט גרויס אויפזעען. איז ער דאָך דער ערשטער בא אידן, וואָס האָט געהאַט

דעם מוט צוצוטרעטן מיט פילאָזאָפישן געווען צו די יסודות פון אידנטום. און פאַרקערט: די וויכטיגסטע עלעמענטן פון אידנטום אַריינגעטראָגן אין דער פילאָזאָפיע. ווידער קלינגט זיין נאָמען איבער נאָענט און ווייט. און אַז ביני־לביני שטאַרבט דער קאַליף, וואָס האָט געגעבן געדעכט דעם ראש־הגולה געגן רבי סעדיה׳ן, געפינען זיך שוין ערליכע מענשן פון ביידע צדדים, וואָס לייגן זיך אריין אין שלום צווישן ראש־הגולה און דעם גאון. און דער שלום ווערט דערגרייכט צווישן זיי. רבי סעדיה קערט זיך אום קיין סורא און פאַרנעמט ווידער זיין פּלאַץ אַלס גאון און ראש־ישיבה. און ווידער ווערט סורא דער צענטר, וואוהין אַלע אידישע קהלות ווענדן זיך מיט אַלע זייערע רעליגיעזע באַדערפנישן און אָנפראַגן.

מיט דריי יאָר שפּעטער (940) איז דער ראש־הגולה, דוד בן זכאי געשטאָרבן. און רבי סעדיה באַשטימט זכאי׳ס זון אויפ׳ן פּלאַץ פון זיין פאָטער. אין גיכן הרג׳עט מען דעם נייעם ראש־הגולה — צוליב אַ בלבול — און רבי סעדיה נעמט צו זיך אין הויז אריין זיין זון, כדי צו לערנען מיט אים, און אים, דעם אייניקל פון זיין ערגסטן שונא, ערציען צו דער ווירדיגער שטעלע פון אַ ראש־גולה.

אָבער בלויז צוויי יאָר פאַרנעמט זיך רבי סעדיה מיט דער נאָבעלער אַרבעט. אין 942 שטאַרבט דער גאון קוים 50 יאָר אַלט — אָבער קראַנק און אויסגעצערט פון די אומגעהויערע צרות, וואָס ער האָט אריבערגעטראָגן אין די לעצטע יאָרן.

מיט זיין פאַרשווינדן, פאַרשווינדט אויך, און אויף שטענדיג, דער גלאַנץ פון דער ישיבה אין סורא. זי איז מער ניט דער צענטר פאַר אַ ווייט אויסגעשפּרייטער אידישער וועלט. און אויך דאָס אידנטום אין בבל פאַרלירט פון איצט אָן זיין פירנדע ראָלע צווישן אידן. אַנדערע צענטרען אין אַנדערע וועלט־טיילן קומען־אויף.

אָבער דער נאָמען פון רבינו סעדיה גאון איז אין אַלע וועלט־טיילן, אין אַלע אידישע צענטרען, אין אַלע צייטן אומשטערבלאַך. שטענדיג געדענקט מען אים, ווי דעם ערשטן און טיכטיגן, וואָס האָט געראַטעוועט דעם כבוד פון אידנטום פון די אָנגריפן פונ׳ם

וועלטלאַכן וויסן. אָבער אינאײנעם דערמיט האָט ער אויך דאָס וועלטלאַכע וויסן מקרב געווען צום אידנטום.

פון איצט־אָן קאָן דאָס אידנטום אויך פיל נאָכפאָלגער זיינע, אידישע תלמודישע געלערנטע, וואָס זענען אין זיינע שריט און אין זיינע וועגן געגאַנגען.

# עמנואל הרומי

אן אַלטע לעגענדע דערציילט:

אַז די ישיבות אין בבל זענען געווען געפאַלן, אָרים געוואָרן, און ניט געווען קיין מעגלאַכקייט זיי אויסצוהאַלטן, האָט מען באַשלאָסן אַרויסצושיקן פיר משולחים אויף דער וועלט, זיי זאָלן זאַמלען געלט פאַר די ישיבות. און אַזוי האַט מען געטאָן. וואָכן אויף וואָכן זענען די משולחים געשוואומען אויפ׳ן מיטללענדישן ים און צו קיין ישוב ניט געקומען. ביז אַמאָל אין אַ פינסטערער נאַכט, איז זיי איבערגעפאַלן אַ שפּאַניש־אַראַביש קריגס־שיף און האַט זיי אַלע גענומען אין געפאַנגענשאַפט. די דאָזיגע פיר משולחים, גרויסע לומדים, האָט דער קאַפּיטאַן נאָכדעם פאַרקויפט אין פאַר־שיידענע לענדער וואו עס זענען געווען אידישע קבוצים. אין יעדער קבוץ, וואו איינער פון זיי איז אַהינגעקומען, האָט ער געגרינדעט אַ ישיבה און פאַרשפּרייט די תורה און דעם תלמוד־בבלי. איינער פון די דאָזיגע פיר איז אויך אָנגעקומען קיין איטאַליע, וואו ער האַט געגרינדעט אַ ישיבה און געלאָזט דאָס תלמודישע אידנטום זיך אַנטוויקלען אין לאַנד.

דאָס איז לעגענדע. אָבער דער אמת איז אויך, אַז בעת די אידישע קולטור האָט אין מזרח, — דירעקט: אין בבל, — אָנגעהויבן צו וועלקן, האָט זי אין מערב אָנגעהויבן ווידער צו בליען. אינאיי־נעם מיט די אידן איז אויך די שכינה מגולגל געוואָרן קיין רוים... צום סוף פון׳ם ערשטן יאָרטויזנט קומט פאָר אַ גרויסער גייסטי־גער פאַרקער צווישן די אידן ביים טייך טיבער און די אידן ביים טייך פרת. די ערשטע נעמען איבער די ירושה פון די לעצטע. פון דאַן אָן געפינט מען אין איטאַליע גרויסע לומדים אין תלמוד, גרויסע קאָמענטאַטאָרן צו דער תורה, פּיטנים און דיכטער. אָבער קיין וועלט־צענטר פאַר׳ן אידנטום ווערט ניט רוים. ווערט ניט איטאַליע. גרויסע ווערטן האָבן די איטאַליענישע אידן

געשאפן אויפ'ן געביט פונם וועלטלאכן אידנטום, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקן. געגוג צו דערמאָנען דעם תלמודישן רעאַל־ווערטער־בוך פון רבי נתן הרומי, מיט דערקלערונגען און איבערזעצונגען אויף העברעאיש און לאַטיין. אָבער אויפ'ן געביט פון פּראַקטישן אידנטום, פון הלכה — נ י ט.

און ס'איז קיין וואונדער ניט. בירגערלאַך און רעכטלאַך האָט זיך די אידן אין איטאַליע געלעבט בעסער ווי די אידן אַנדערש־וואו. אפילו די גרוילן פון די קרייץ־צוגן האָבן זיי אויסגעמיטן. דאָס לאַנד איז געווען צעריסן אויף צענדליגער רעפּובליקן, טיראַניען, פרייע שטעט און אויטאָנאָמע פּראָווינצן. שטענדיגע קאַמפן, אָדער, על כל פּנים, די שטענדיגע מורא פאַר אָנפאַלן און אונטערדריקט ווערן, דיקטירט א פרידלאַך לעבן אין די אייגענע גרעניצן. זאָלן ניט מענשן וואַרטן אויף גליק פון אויסן... געניטן אויך אידן פון דעם צושטאַנד. געוויס טרעפט פון צייט צו צייט, דאָ אָדער דאָרט, א באַגרענצונג, א העצע, אַן אָנפאַל, א פּאָגראָם אויף אידן. טראָגט עס אָבער א צופעליגן, צייטווייליגן און לאָקאַלן כאַראַקטער. עס גרייכט ניט ביז צו וואָרצלען. עס שניידט ניט איבער דעם פאָדים פון דער באַשטענדיגקייט. לעבן אידן און ווירקן אויף אַלע געביטן פון לעבן. לעבן פרידלאַך מיט די שכנים דערהויפּט אין די העכערע ספערן, אין די אינטעליגענטע און קולטורעלע. מען לערנט איינס ביים אַנדערן און מען לערנט איינער פון אַנדערן וויסנשאַפט און לעבנס־שטייגער. און אין די ערשטע יאָרהונדערטן פונ'ם צווייטן יאָרטויזנט, אַז אין איטאַליע הויבט אָן צו שפּראָצן דער גייסט פון פרייהייט, פון הומאַניזם, פון רענעסאַנס, פון באַפרייאונג — אויף אַלע געביטן פון גייסטיגן לעבן — זענען די אידן דערביי. און ניט בלויז אַלס צושויער. די אידן האָבן שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז לויז־געריסענע פון באָדן, ווי מיר זענען, קאָנען עקזיסטירן נאָר אין אַן אַטמאָספערע פון רעליגיעזער און בירגערלאַכער פרייהייט.

און די באַוועגונג צו פרייהייט, וואָס באַקומט איר בולט'ן אויסדרוק סוף 13טן און אָנהויב 14טן יאָרהונדערט, באַפרייט קודם כל דעם פּרט, די פּערזענלאַכקייט, דאָס אינדיווידיום. דערצו העלפן

פיל די טיראַנען וואָס הערשן אין איטאַליען אין יענער צייט.
זיי בויען אויף ז י ך און זוכן דאַרום אַרויסצואַנטוויקלען
פון זיך אַלע זייערע פייאיגקייטן, אַלע זייערע טאַלאַנטן, אַלע
זייערע נייגונגען. ניט וויסנדיג „וועמענס מאָרגן עס איז",
שטרענגען זיי זיך אָן שוין היינט צו געניסן וואָס מער, דעם גענוס
צו פאַרטיפן, פאַרפילפאַכן, און זאָל ווערט זיין אַ טאָג — אַן איי־
ביקייט. און די אייגענע אַלזייטיגע און אַלמעגלאַכע אַנטוויקלונג
פאָדערן זיי אויך פון אַלע זייערע נאָענטע אויף וועמען זיי שטעלן
זייער קאָרט, אויף וועמען זיי בויען זייער מזל. אָבער די פאַרטיי־
פירער אין די רעפּובליקן טוען אויך דאָסזעלבע. דער אַנטוויקלטער,
דער פיל־זייטיגערער, דער פייאיגערער, ער איז אויך דער טיכטי־
גערער, ער איז דער באַזיגער, ער איז דער הערשער. ביידע ברענגען
צו דער אַנטוויקלונג פון דער פילזייטיגער פערזענלאַכקייט, פונ'ם
פיל־וויסנדיגן אינדיווידיום. דער טיראַן לעבט אין שטענדיגער
אימה פאַר פאַרראַט, פאַר פאַרשווערונג. דער רעפּובליקאַנישער
פאַרטיי־פירער לעבט אין שטענדיגער מורא, מ'זאָל אים ניט איבער־
שפּיצן, איבערכיטרעוועט. ביידע האָבן מורא פאַר די הומאַניס־
טישע דרשות וואָס רעדן פון מענשן־ליבע, מענשן־ווערדע און
מענשן־פרייהייט. ביידע זוכן שוץ אין שפּיאָנאַזש. אין אונטערהערן,
אונטערזיצן. זענען די שטעט פול מיט פאַרדעכטיגע. ווערן די וועגן
צווישן איין פּראָווינץ און דער אַנדערער פול מיט אַרויסגעשיקטע.
אָבער אויך מיט פרייוויליגע עמיגראַנטן, וואָס זוכן אַן אָרט פאַר
זייער אמת, פאַר זייער פרייען וואָרט און פרייען געדאַנק. די עמי־
גראַנטן — וייל אָן אַ היים, ווערן געשטימט קאָסמאָפּאָליטיש.
„ווייל שיינט דען ניט דיזעלבע זון איבער אַלע הימלען און אַלע
ערד־טיילן גלייך?" „וואו איינעם איז גוט, דאָרט איז זיין פאָטער־
לאַנד!" אָבער אויך אָט די שטימונג ברענגט צו דער אַנטוויקל־
טער פערזענלאַכקייט. הערט איר איין עמיגראַנט זאָגן: „בלויז
דער, וואָס האָט געלערנט, איז אינערגיץ ניט פרעמד; אפילו
אָן פאַרמעגן, אָן פריינט, איז ער דאָך בירגער פון יעדער שטאָט.
מיט פאַראַכטונג זעט ער צו די ענדערונגען צום ערגערן אין זיין

מזל.״ און אַ צווייטער זאָגט: „וואו דער געלערנטער באַזעצט זיך, דאָרט איז זיין היים.״ און אַ דריטער און אַ פערטער, און ניט קיין קלענערער ווי דער געניאַלער דאַנטע, — אַלע האָבן איין שטימונג: קאָסמאָפּאָליטיזם —

אָבער געניסן פון אים קאָן נאָר די אַנטוויקלטע פערזענלאַכקייט. די אַלזייטיג אויסגעבילדעטע, פילפאַכיגע געלערנטע. נאָר אַזאַ אינדיווידיום איז ניט געשמידט מיט קיין לאָקאַלע קייטן.

ווימעלט טאַקע די דערמאַנטע צייט (ענדע 13טן און אָנהויב 14טן יאָרהונדערט) מיט אויסגעבילדעטע, פילזייטיגע און פילוויסנ־דיגע אינדיווידיומס. שטייגט די גאווה, וואַקסט דער באַגער צו כבוד, צו אָנערקענונג, צו הויכאַכטונג. איז עס אָבער ניט באַשערט אַלעמען אין אַ גלייכער מאָס, וואַקסט די קנאה, מיט איר — די באַריי־מעריי, דער זעלבסטלויב און דער טאַדל פון צווייטן, דאָס אָפּלאַכן און אָפּשפּעטן פונ׳ם אַנדערן, פונ׳ם נוצלאָזן העכערן פון זיך, ווי פונ׳ם הילפלאָזן נידעריגערן פון זיך. דאָס אָפּ׳חוזק׳ן ווערט אַ באַזונדער מין פּאָעזיע און אַ הויכגעשעצטע פאַר זיך. זי ווערט אָנגעווענדט ניט בלויז אויפ׳ן פּאָליטישן געביט, נאָר אפילו אויפ׳ן טעאָלאָגישן. אויסלאַכן און אָפּשפּעטן ווערט דאָס שטאַרקסטע גע־ווער אין די הענט פון די מאַכטהאָבער. און די מאַכטהאָבער זוכן די פּאָעטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם פּרט, ווי זיי זוכן־אויף אַנדערע גרויסע קינסטלער, יעדן פון זיין פאַך, כדי זיי באַ־זיך צו האָבן. פאַר זייער גונסט, זאָלן די קינסטלער זייערע נעמען פאַראייביגן. די נעמען פון זייערע געגנער —פאַר׳מיאוס׳ן. דערהויפּט צייכענען זיך דערמיט אויס די טיראַנען מיט זייער פּלוג צו קאָלאָסאַלן, צום ווייטן און אייביגן. יעדער טיראַן האָט זיינע באַגינסטיגטע קינסטלער און יעדער קינסטלער — זיין טיראַן־מעצענאַט, אָבער סתם מעצענאַטן, ניט־טיראַנען, פאַרגינען זיך אויך דעם לוקסוס — באַרימטע מענער אין זייערע הויפן צו האָבן. יעדער מעצענאַט נוצט אויס זיין פּאָעט אָדער זיין געלערנטן לויט זיינע באַגריפן און זיינע באַדערפנישן. פון אַ הויפנאַר ביז אַ שטערנזער. אָבער אַ גרויסער טייל פון דעם, וואָס דער פּאָעט האָט

צו טאָן פאר זיין מעצענאט, איז: חוזק מאַכען פון זיינע געגנער. ניט מער אלס שטאַנד, אָדער קאַטעגאָריע, נאָר סוביעקטיוו, פערזאָן און פערזאָן ביים נאָמען אָנצורופן; פיל רויע בייזקייט ווערט דערביי אָנגעווענדט, פיל גראָבקייט, קיינער ווערט ניט געשוינט, קיין טראַדיציע ניט באַריקזיכטיגט. אפילו ניט קיין קאָנווענציאָנעלע מאָראַל, אפילו ניט רעליגיע. עס ווערט געקעמפט! מיט וויץ, מיט שפּאַט, מיט פּאַראָדיע, מיט וואָרט־וויץ און וואָרט־שפּיל —

דעם קולטור־אינהאַלט פון אַ גאַנצער עפּאָכע האָט עס אויסגעמאַכט!

און דער קולטור־אינהאַלט פון אָט דער עפּאָכע איז אויך דעם אידנטום ניט פרעמד געבליבן. אים האָט אריינגעבראַכט אין אידנטום און פאַראייביגט דער באַרימטער אידישער דיכטער: עמנואל הרומי.

עמנואל בן שלמה צפרוני איז געבוירן געוואָרן אין רוים, אין יאָר . . . מיר זענען באַקאַנט דאַטן: 1260, 1265, 1270, און 1272. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אז עס ווערן אָנגעגעבן נאָך אַנדערע דאַטן אויך... אַלענפאַלס איז ער געבוירן אין לעצטן פערטל פון׳ם 13טן יאָרהונדערט. אַ בן־יחיד איז ער בא חשוב׳ע, וואוילהאבנדע עלטערן. ער ווערט דערצויגן אין תורה און אין חכמה. ער וואַקסט אויס אַ גרויסער למדן, אַ מדקדק, אַ מקובל. אָבער ער קען אויך מעדיצין, פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, אַסטראָלאָגיע און אַלץ, וואָס אַ הויכגעבילדעטער מענש אין זיין צייט דאַרף קענען און דאַרף זיין:

אַ פולבלוטיגע און אַ פילזייטיג־אַנטוויקלטע פערזענלאַכקייט!

ער איז אַ צייט לאַנג דער סעקרעטער פון דער קהלה אין רוים. יום־כפור דרשנ׳ט ער אין שול און גרויסע מענשן איז ער מספּיד — ווייל „פּערל שיטן זיך אים פון מויל".

אַ גוטער מענש איז ער, אַ בעל־צדקה, אַ בעל־טובה, לייט גמילות־חסדים; האָט ער ניט קיין מזומן — איז ער ערב פאַר זיין פריינד בא אַן אַנדערן. ווערט ער טאַקע דערפון בדיל־הדל. אָבער ניט בלויז אויף געלט איז ער אַ פּזרן, נאָר ער איז עס אויך אויף

וויסן. ער לערנט מיט דער יוגנט — מוסר, ער לערנט מיט גרויסע — לעבנס־קלוגשאפט. פאר טראדיציע־טרייע שרייבט ער א פילאָזאָפישן פירוש אויף תנ״ך, פאר די לעבנס־דורשטיגע שרייבט ער שירים אויף אלערליי מענטשליכע תאוות, שטיקער פיוט פול מיט נבול־פה וועגן באציאונגען מיט פרויען. בדחנישע איינפאלן און בטלנישע המצאות צום לאכן. קופלעטן אויף לעבעדיגע מענטשן און באקאנטע געשעענישן. איז ווי לאנג ער איז געווען „אין מצב״, האָט רייכלאך פארדינט, — הן פון זיין מעדיצינישער פראקטיק, הן פון זיין קהל'שער שטעלע — איז ער געווען פאָפולער, באליבט, חשוב און הויכגעשטעלט.

האָט אים אָבער זיין ערבות פאר פרעמדע ארים געמאכט, זיין זון שטארבט, זיין פרוי שטארבט אים נאָך, עס קומט אָן דאָס שווערע יאָר 1321 פאר די רוימישע אידן. דער תלמוד ווערט עפנטלאך פארברענט. דער אויפגערעגטער המון הרג'עט עטלאכע אידן און צווישן זיי עמנואל'ס שוועגער. עמנואל ווערט בא זיך אפּ־העגנטיג, זיין פאָפולאריטעט פארשווינדט, שונאים און אָנגעגריפענע צעפליקן דעם קראנץ פון זיין קאָפּ. מ'הויבט אָן זיך צו זאָגן:

— זיין גאנץ גייסטיג פארמעגן האָט ער דאָך פון לייטן צו־נויפגעשארט: פילאָזאָפיע — פון רמב״ם, ביבעל־וויסנשאפט — פון אבן־עזרא, שירים־שרייבן — פון רבי יהודה הלוי, אלחריזי און בן־גבירל. נייע פאָרם — פון די איטאליענישע צייטגענאָסן. סאַ־טירע — פון זיין פריינט: דאנטע, סכאָלאסטיק — פון טאָמאַס פון אקווינע. — וואָס־זשע איז מיט אים דער מער? זיין נבול־פה! דאָס האָט ער אויך פון אנדערע געלערנט.

אז ער איז געווען דער הויכגעבילדעטער מאַן פון זיין צייט; אז ער האָט די גאנצע השכלה פון זיין צייט, זיינע אידישע צייט־גענאָסן פארשטענדליך געמאכט; אז ער האָט מיט פיל ווירדע זיין קהל'שן אמט יאָרנלאנג געטראָגן — דארין האָט מען פארגעסן... די אומדאנקבארקייט זיגט!

און עמנואל, שוין אין די פופציגער, מוז פארלאָזן רוים און זיך לאָזן אין דער וועלט אריין זוכן גליק. און נאָך לאנגן זוכן, בא־

גענגט אים דאָס גליק אין דער שטאָט פ ע ר מ אָ. דאָ געפינט ער אַ אידישן מעצענאַט, וואָס וויל נאָכטאָן די ניט־אידישע מעצענאַטן פון זיין צייט, און זיך איינשאַפן אַ גרויסן גייסט און בארימטן דיכטער אין זיין הויז אריין.

דאָ פילט זיך עמנואל גליקלאַך. ער לעבט רואיג, ווייסט ניט פון קיין אויסערלאַכע דאגות און דינט בלויז זיין שר (אַזוי רופט ער אים), ווי יענעם טוט וואויל געפעלן. אויפ'ן שר'ס באשטעלונגען שרייבט ער, זיינע פיינט — טאַדלט ער, זיינע פריינט — לויבט ער, זיין געליבטע — באַזינגט ער, און נאָך זיין גונסט לעכצט ער.

דאָ איז ער פריי. און דאָ לאָזט ער פריי זיין פעדער. ער שפּעט און חוזק'ט און פּאַראָדירט. ער פּאַראָדירט דעם תנ"ך אין די וואולגאַרסטע לידלאך; ער פּאַראָדירט די קינות (איכה יעיב באפּו), כדי אָפּצו'חוזקן פון אַלטע ווייבער. ער דערגייט ביז די גרעסטע ציניזמען. געווים דאַרף ניט פארשוויגן ווערן זיין גרויסע שפּראַך־קונסט. ממש ביז פייער שלינגען. ביז סטיינגעס ציען פון מויל. ער בענשט און שילט מיט דיזעלבע ווערטער, מיט דיזעלבע קלאַנגען און גראַמען און איר לייענט און איר שטוינט. נישטאָ באַ אים קיין אנדער פּראָזא ווי געגראַמטע; מעג עס זיך האַנדלען וועגן וואָס עס וויל, מעג עס זיין אין וואָסער אַ פאָרם עס וויל. ער ווייסט ניט פון קיין שוועריקייט און ניט פון קיין שטרויכלונג. עס איז אים דאָס גרינגסטע — מאַכן פון צוויי ווער־טער איין וואָרט, און פון איין וואָרט — צוויי. אומדרייען אַ וואָרט, אריינטייטשן אין דעם וואָס איינעם קאָן נאָר קומען אויפ'ן זינען. אַרויסברענגען אַ פּסוק (און ער באַנוצט זיך כמעט אויס־שליסלאך מיט פסוקים) אין אַזאַ זין וואָס איבערראַשט אייך — דערהויפּט דאָרט, וואו ער האָט אַרויסצוברענגען אַ ביסל עראָטיק... ער פאַרפּאַסט גאַנצע שטיקער פּיוט לויט דער פאָרם און דעם איג־האַלט וואָס איר ווילט, נאָר ניט קיין תפלה. אין ניינציג מאָל פון הונדערט: לצנות, סתם אין דער וועלט אריין, אָדער אויף באַשטימ־

טע פערזאָנען אין זיין צייט. די לצנות דערגייט אָפט ביז גראָב־קייט, וואו ער פארלירט איבער זיך יעדן קאָנטראָל, ער דערציילט:

א מאָגן־קראַנקן האָט ער געהיילט. האָט ער אים געגעבן אן אָפּפירונגס־מיטל. איבערנאַכט האָט די מעדיצין געזאָלט ווירקן. אויף מאָרגן, אז ער איז געקומען צום קראַנקן, האָט אים יענער דערקלערט, אז די מעדיצין האָט נ י ט געווירקט, דערפאַר האָט ער אָבער איבערנאַכט פארפאַסט א ליד. איז עמנואל שטאַרק אין כעס געוואָרן. שרייבט ער אָן אויף דעם חולה א גאַנצן פאַמפלעט, ריכטיגער: א פּאַסקוויל — און פירט אויס, אז אייגנטלאך האָט זיין מעדיצין יאָ געווירקט, נאָר אנשטאָט די ווירקונג זאָל זיך באווייזן הינטן האָט זי זיך באוויזן פון פאָרנט...

און די איבערגעשפּיצטקייט דערגייט ביז בטלנות. מ'פרעגט, למשל:

— פאַרוואָס שטייט אין פּסוק: ח נ ו ך לנער — חנוך איז געגליכן צו א אינגל, און עס שטייט ניט מ ת ו ש ל ח איז גע־גליכן צו א אינגל?

איז דער ענטפער:

— מתושלח האָט געלעבט קנאַפּע ט ו י ז נ ט יאָר, איז היתכן אים צו פארגלייכן מיט א אינגל? אָבער ביי חנוך'ן שטייט: „ויתהלך חנוך עם האלוהים — ואיננו" — און ניטאָ אים, מעשה קונדס. ער איז געגליכן צו א אינגל. און אזוינע ענטפערן זענען דאָ 59.

דאָס פאַסיגסטע און אנשטענדיגסטע זענען זיינע ווין־לידער. איין מאָל, ביי א פורים'דיגער סעודה, האָט ער פארפאַסט א כ צ י ג גלייכוועדטלאך וועגן ווין טרינקען, און די זענען די ריינסטע.

און די ליבע לידער דערגרייכן ביז פאָרנאָגראַפיע. פעטע, גע־דיכטע, אויפ'ן פּאַפּיר ניט ארויפצוברענגען.

און זיין פעאיגקייט צו ענטפערן מניה־וביה דערגייט ביז בדחנות, פּוסטער וואָרט־וויץ, אָרימסטער גראַם, — אָבער ניט שול־דיג בלייבן.

און א הספד אויף זיך מאַכט ער מיט גוזמאות און פאַרגרעסער־

טע און צובלאָזענע שבחים — ווי דער שטייגער איז אין א הספּד, אָבער פול חוזק, אי פון זיך אי פון אנדערע.

איז עס באמת א צער צו זען, ווי אזא הויך־באגאבטער מענש, ווי אזא רייכע צונג לעקט שמוץ...

אָבער דער צער ווערט נאָך גרעסער, ווען איר ווערט געוואָר פון זיינע לידער, וואָסער א גיהנם עס האָט בא אים אין הארצן געברענט, וואָסער א טיפער טרויער עס האָט דאָרטן גענאָגט, בעת ער האָט זיך און זיין שר לוסטיג געמאכט.

טרויער אויף זיין שוועער און ברודער און זון, טרויער אויף דער שווערער צייט פאר אידן אין איטאַליע און אויסער איר. אין די דאָזיגע טרויער לידער דערגרייכט ער געוואלדיגע הויכן, קומט ער ביז די טיפסטע איבערלעבונגען. זיי דערציטערן דעם לעזער אויך איצט.

און נאָך אין איין פּרט: ער האָט מורא פאר דער עלטער און שרעקט זיך פאר׳ן טויט. קומט זיין ודוי, קומט זיין תפילה, קומט ער ביז׳ן העכסטן רעליגיעזן עקסטאַז! דאָרט רעדט ער א וועלט פון הארצן ארויס... דאָס איז אים דאָס ליבסטע, דאָס אינטימסטע, דאָס באהאלט ער פון זייטיגן אויג. זיין טרויער און זיין אימה — דאָס וויל ער האָבן פאר זיך. קיין פרעמדער בליק זאָל אויף דעם ניט פאלן. קיין פרעמדער אויער זאָל דאָס ניט פארנעמען. די לוסט און די תאוה און דער לייכטזין — דאָס זאָל גילטן פאר אלע, אָבער דער טרויער, אָבער די תשובה, אָבער די טרער...

נאָך דער מעצענאַט, דער שר, ער האָט אים דאָך אָפּגעקויפט, אלץ וואָס דער קנעכט האָט דערוואָרבן, האָט דערוואָרבן דער האר. באנוגנט זיך ניט דער האר מיט די פּערל און עדלשטיין, וואָס עמנואל האָט אין אזא גרויסער צאָל צעוואָרפן פאר אים, אין די פארשיידנסטע לוסט־לידער. ער וויל אויך דאָס לעצטע, דעם שווארצן דימענט באגערט ער — די אינטימסטע טרויער־לידער, — און ער באקומט זיי און מיר זעען זיי, לייענען זיי, און פאר אונזערע אויגן הויבט זיך דער דיכטער אויף פון שטויב

און וואקסט אוועק הויך און ווייט, מיט׳ן פשוט׳ן אויג ניט צו דער־גרייכן.

און אויף דער עלטער ווידער צוריק־פאל. ווידער אימיטאציע.

אז ער איז שוין איבער זעכציג, געפעלט אים נאכצומאכן זיין גרויסן פריינט, דאנטע׳ן, און אויך אנשרייבן א מין „געטלאכע קאָמעדיע״ מיט׳ן נאָמען „גיהנם און גן־עדן״. האָט ער אָנגעפאקט דעם גיהנם מיט פ א ר צייטיגע און ז י י נ׳צייטיגע נעמען. מיט גבאים און מיט צבוע׳אקעס, מיט כל׳ערליי אידישע באַרימטע שונאים און קליינשטעטלדיגע קהלה־פיאווקעס, ווי ער האָט זיי געזען אין דער רוימישער געטאָ.

און ענלאכע, נאָר גערעכטע, באזעצט ער אין גן־עדן.

פון דאנטע׳ס „געטלאכע קאָמעדיע״ איז בא אים ארויסגעקומען א ביליגער פארס.

איז טאקע דאנטע, דער געניאלער פאָרשטייער פון׳ם גייסט פון זיין תקופה אין איטאליען, פארבליבן דער פאָלקס־העלד — ווייל דער פארקערפערער פון פאָלקס־זשעני. איז ע מ נ ו א ל ה ר ו מ י, דער אידישער „איבערזעצער״ פון׳ם דאָזיגן גייסט, אריינגעפאלן אין אומגונסט בא די דעמאָלטיגע פירער פון אידישן פאָלק, און זיינע ווערק זענען פארבאָטן געוואָרן — ווייל פארקי־מערט איז געוואקסן די איטאליענישע פלאנצונג אויף אידישן באָדן...

# אידן אין שפּאַניען

אין שפּאַניען האָבן אידן פון גליק געוואוסט. דאָ האָט דאָס אידנטום פּרעכטיג געבליט. קלאַסיקער, אויף אַלע געביטן פון אונזער קולטור־לעבן, זענען דאָ געוואַקסן. מוסטערן פאַר אייביגע דורות!

אָבער דער גרויסער פּיין, וואָס די אידן האָבן איבערגעלעבט אינ׳ם „בעסטן פון אַלע לענדער“, איז אויך אַ שרעקנס־מוסטער פאַר דורות. דער גאַנצער קאַטוילישער, מאַכמעדאַנישער, אויפריכטי־גער אָדער צביעות׳דיגער פאַנאַטיזם, האָט זיך אויף אונז דאָרט אויסגעגאָסן. ווי קרבנות פאַר׳ן באַרימהערציגן קריסטלאַכן גאָט, האָבן מיר וויפיל מאָל געגאָלטן. דער בלוט־פלעק אויפ׳ן געוויסן פון דער קריסטלאַכער רעליגיע, די בלוטדורשטיגע אינקוויזיציע, איז דאָרט געשאַפן. און דעם ביטערסטן גיפט־בעכער פאַר אַ פאָלק: מ א ס ן ־ ג י ר ו ש, האָבען מיר דאָרט געטרונקען.

די אידישע געשיכטע אין שפּאַניען הויבט זיך אָן פון גרויען אַלטערטום. בא אידן האָט עס געהייסן: תרשיש. די כנענים האָבן געפירט האַנדל מיט שפּאַניען און אידן זענען דערביי געווען, און פון דאַן אָן בלייבן אידן אין שטענדיגע באַציאונגען מיט דעם שיינעם לאַנד. אין רוימישע צייטן איז עס אַ גרויסער האַנדלס־צענטער. אין די צייטן פון משנה און תלמוד ווערט שפּאַניען גע־האַלטן פאַר „אַ ווייטע מדינה“. קאָרדאָווע ווערט אפילו דער־מאַנט אין דער גמרא (קורטובא, יבמות קט״ו ע״ב), גאַרטאַגאַ — אויך. גראַנאַדאַ האָט אין די גאָר אַלטע צייטן געהייסן: „אַ אי־דישע שטאָט“ — ווייל די מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ אידישע. די גרויסע אידישע צענטרען, ווי טאָלעדאָ, למשל, האָבן די אידן אַרומגערינגלט מיט ישובים, און האָבן זיי גערופן מיט די זעלבע נעמען, וואָס די ישובים אַרום ירושלים האָבן

אַמאָל געהייסן: אשקלון, עזקה, יפו, א. ד. ג. און איינגעוואַקסן זענען זיי אין לאַנד, אין באָדן, ווי די ארומיגע באפעלקערונג. זיי האָבן פעלדער און באארבעטמן זיי. זיי פלאַנצן ווייגגערטנער און מאַכן ווייז. זיי פלאַנצן איילבירטן און מאַכן אייל, און געשעפטן פירן זיי מיט נאָענט און ווייט. אפילו מיט אנדערע וועלט־טיילן. זיי האנדלען מיט וואָל און מיט טוך פון ענגלאַנד, מיט קנעכט פון די סלאַווישע לענדער און מיט פערד — פון אפריקא. אָבער אויך מיט כל־ערליי מלאכות באשעפטיגן זיי זיך, וואוינען אין באזונדערע גאסן, לויט זייער פאַך. לעבן אין שטעט און אין דער־פער. ש פּ א נ י ע ר זענען זיי, און אַלץ, וואָס גייט אָן דעם לאַנד, איז זיי ניט פרעמד. און אזוי קוקן אויף זיי די באפעלער און הערשער פון לאַנד. בשלום לעבן די אידן מיט אלעמען. זיי זענען גלייכבארעכטיגט מיט דער איבעריגער באפעלקערונג. עס קומט אָפט צו געמישטע חתונות — הגם בכלל לעבן די שפּאַנישע אידן לויט'ן תלמוד.

אָבער שוין זייער פרי ווערט געמאַכט די ערשטע פּרוב צו שטערן דאָס אידישע גלייכבארעכטיגטע און פרידלאַכע לעבן. אין יאָר 306 לייגט פאָר די קריסטליכע גייסטליכקייט, אז מ'זאָל בא אידן אָפּנעמען געוויסע רעכט. דעמאָלט ווירקט עס נאָך ניט. די אמונה פון די רעגירער און פון פאָלק איז געווען די אריאַנישע, — א סעקטע אין קריסטענטום, וואָס האָט געהאַט אביסל טאָלעראנץ צום אידנטום, — זענען אידן ניט געקריוודעט געוואָרן. אָבער מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער לאָזט זיך שוין אויך דער אריאַנישער הערשער רעדן פון באגרעניצונגען. אייגנטליך, אין קלייניקייטן: ניט צו פארנעמען געוויסע אמטן, ניט צו זיין קיין פארטיידיגער פון קריסטן אין געריכט, ניט צו בויען נייע שולן, ניט טאָרן איבער־רעדן קיין קריסט איבערצוגיין אין אידנטום, א. ד. ג. געוויסנפריי־הייט האָבן זיי אויך ווייטער. זייערע רעליגיעזע געפילן ווערן געאַכט. נאָר זייער מינדערוויכטיקייט אין גאָט'ס אויגן ווערט אונטערגעשטראָכן... און מיט אכטציג יאָר שפּעטער (586), אז דער קעניג רעקאָרעד נעמט אָן דעם קאַטוילישן גלויבן, הויבט זיך

שוין אָן די אידישע מאַרטירעאָלאָגיע אין שפּאַניען. די קאַטוילישע גייסטליכקייט פאָדערט צו פאַרפאָלגן אידן, ווייל אַזוי איז עס ניחא דעם באַרימהאַרציגן קאַטוילישן גאָט, און דער קאַטוילישער קעניג מוז פאַרפאָלגן די אידן — ווייל אַזוי איז עס ניחא דער קאַטוילישער גייסטלאַכקייט. און די שטיצע פון דער גייסטלאַכקייט האָט דער קעניג נויטיג געהאַט, ווייל ער איז געוויילט געוועזן פון די פּריצים, און איז געשטאַנען אין שטענדיגן קאַמף מיט זיי וועגן די גרעניצן פון זיין מאַכט. און שוין אין ערשטן פערטל פון זיבעטן יאָרהונדערט ליגט מען אידן פאָר די ברירה: „שמד'ן, אָדער עמיגרירן פון לאַנד". פיל אידן, דערהויפּט די, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט ערד און מיט ערד־אַרבעט, האָבן זיך גע'שמד'ט — דערווייל: לפּנים! — אָבער פיל זענען אַוועק פון לאַנד. ווער קיין פראַנקרייך, ווער קיין קייעראַן (אַפריקאַ), ווער אין אַנדערע לענדער. פיל געפינען אָבער אויך שוץ אין די דערפער, בא די פּריצים, אָדער ווי זיי האָבן געהייסן: גראַנדן, וואָס האָבן ניט מסכים געווען צו דער פאַרפאָלגונגס־פּאָליטיק פון דעם קעניג מיט זיינע קאַטוילישע ראַטגעבער. מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר שפּעטער ענדערט זיך די לאַגע. די עמיגראַנטן קערן זיך אום. די גע'שמד'טע קערן זיך אום צום אידישן גלויבן. און אין אַ צענדליג יאָר אַרום באַנייט מען ווידער די פריערדיגע גזרות. אַזוי בייט זיך ליכט און פינסטערניש, פאַנאַטיזם און ליבעראַליזם. אָבער דאָס גוטע קאָן קיינמאָל ניט פאַרגיטיגן דאָס בייז, וואָס איז פאַר אים געווען. די גע'שמד'טע לפּנים ליידן נאָך פיל מער, ווי די אידן. די פאַר־העלטניסמעסיגע גוטע צייטן האָבן זיי ניט נוגע געווען. אפילו די ליבעראַלע הערשער האָבן פאַרלאַנגט, אַז ד ע ר, וואָס האָט איינמאָל אָנערקענט דאָס קריסטנטום, זאָל בלייבן און ז י י ן אַ קריסט. אין זיבעטן יאָרהונדערט איז עס שוין געקומען דערצו, אַז אַ פאַרשטעלטן משומד האָט מען פאַרברענט אָדער פאַרשטיינט. צום גליק, האָבן די שלעכטע געזעצן ניט תמיד און ניט גאַנץ געקאָנט פאַרווירקליכט ווערן. פונדעסטוועגן האָבן זיי עטליכע מאָל אַרויס־גערופן אויפשטאַנדן מצד די אידן און די פאַרשטעלטע משומדים

(מאַראַנען). אָבער, נאַטירליך, אָן ערפאָלג. פאַרקערט, די אויפשטאַנדן ברענגען צו נאָך שווערערע באַגרעניצונגען. מ׳נעמט אָפּ בא די אידן אַלע אומבאַוועגליכע גיטער אין שטאָט און אין דאָרף. מ׳פאַרבאָט זיי צו האַנדלען. מ׳באַמיט זיך זיי צו האַלטן אָפּגעזונדערט פון די קריסטן, כדי די לעצטע זאָלן זיך ניט געפינען אונטער אידישער השפּעה. עס קומט אויך צו די געפערליכסטע בלבולים. גענוג, אַז דער קעניג קלאָגט אָן די אידן אין פאַרראַט: אַז זיי האָבן איינגעלאַדן קיין שפּאַניען די אַראַבער פון אַפריקאַ, אַז זיי זאָלן איינעמען שפּאַניען און איינפירן דאָ די אידישע רעליגיע. די גייסטליכקייט איז מסכים צום קעניג׳ס פאָרשלאָג, אַז אַלס שטראָף פאַר׳ן פאַרראַט זאָלן אַלע אידן אָנערקענט ווערן פאַר קנעכט. מען זאָל זיי פאַנאַנדערשענקען צו די גלויביגע — אָבער אָן דעם רעכט זיי צו באַפרייען, זייער פאַרמעגן קאָנפיסקירן א. ד. ג. דאָס געזעץ האָט מען אָנגעהויבן שוין פאַרווירקליכן. נאָר דאָ איז געקומען דאָס היסטאָרישע יאָר 711. עס קומען די אַראַבער, פאַריאָגן די וועסטגאָטישע הערשער פון לאַנד און גרינדן דעם גרויסן קאָרדאָווער כאַליפאַט. ערשט איצט הויבט זיך אָן פאַר אידן אַ גלענצנדע עפּאָכע פון וואוקס און ערפאָלג.

אידן ווערן פריי. אין זייער אינערליך לעבן — אויטאָנאָם. אַפילו מיט אייגענע ריכטער. מען פאַרגעסט דעם וועסטגאָטישן ליבעראַליזם, די אייגענע קנעכטשאַפט, די קריסטליך־קאַטוילישע ליבע און באַרימהאַרציקייט — און ווידער הויבט מען אָן זיך צוצופאַסן צו אַ נייער קולטור, שפּראַך, לעבנס־שטייגער און רעגירונגספאָרם פון די נייע הערשער... אידן האָבן פרייע הענט. ווי הונגעריגע וואַרפן זיי זיך אַרויף אויף אידישער בילדונג, וואָס קומט אַהער אַריבער פון בבל, דורך קיירואַן. ווידער לעבט אויף די אַלגעמיינע בילדונג. אידן קומען אָן אויף פאַראַנטוואָרטלאַכער מלוכה־דינסט, ווידער פאַרנעמען זיי זיך מיט ערד־אַרבעט, מיט האַנדל און אינדוסטריע. דאָס לאַנד בליט, און אידן מיט דעם. אידן באַפעסטיגן זיך און באַרייכערן זיך, און דאָס לאַנד מיט זיי. מאַטעריעלע גיטער און גייסטיגע גיטער וואַקסן בא אַנאַנדער. און

גיך וואקסט אויך אויס דער פרידן, וואָס הערשט אין לאנד צווישן אירע בירגער. אזוי וואקסט מען אריין אין צענטן יאָרהונדערט, אין דער „גאָלדענער עפּאָכע" פון די שפּאנישע אידן. און זאָל עמיצער פּרובען זי אנדערש שאצן? קיין איינציג יאָרהונדערט אין דער אידישער געשיכטע האָט ניט אויפגעוויזן אזא מאסע און אזוינע גרויסע שטערן אויפ'ן אידישן הימל, ווי דאָס צענטע יאָר־הונדערט. און ניט בלויז אויף איין געביט. אידישע מיניסטאָרן און קעניגלאכע ראטגעבער, פּאָליטיקער און דיפּלאָמאטן; מעדי־צינער, אסטראָלאָגן און אסטראָנאָמען (דיביידע וויסנשאפטלאכע צווייגן זענען געגאנגען צוזאמען); שפּראך־פאָרשער, ביבל־פאָרשער און גראמאטיקער; היסטאָריקער, פילאָזאָפן, פּאָעטן און מקובלים; גרויסע רבנים, גאונישע לומדים און סיסטעמאטיקער. ממש א צירונג, ניט בלויז פאר א לאנד, ניט בלויז פאר א פאָלק, נאָר פאר דער מענשהייט, וואָס האָט אזוינע געבוירען. יעדער נאָ־מען איז א ריכטונג. יעדע ריכטונג — עפּאָכע־מאכענד. יהודה הלוי און אבן גבירול אין דער פּאָעזיע; דער רמב"ם (משה בן מימון) און אבן גבירול אין דער פילאָזאָפיע; אברהם אבן־עזרא אין ביבל־פאָרשונג און ביבל־קריטיק, און אויך אין שפּראך־פאָר־שונג (שוין דאן, לויט דער פארגלייכונגס־מעטאָדע, צווישן אראביש, העברעאיש און סיריש); רבי שמואל הנגיד, יצחק אבן־גיאות און — איבער זיי — דער רמב"ם אין סיסטעמאטיזירן דעם תלמוד, אַרויסנעמען פון אים דעם תוך און אים צוגעגנגלאך מאכן די ברייטע אידישע שיכטן און אפילו לומדים, זיי זאָלן ניט דארפן אָפּגעבן אזוי פיל צייט אויף דורכצונעמען די גאנצע סכאָלאסטיק, וואָס וויקלט ארום די הלכות. דער רמב"ן (משה בן נחמן) אין דער קבלה; דער ראב"ד אין געשיכטע, דונש בן לברט און מנחם בן סרוק אין דער גראמאטיק. און נאָך צענדליגער און הונדערטער, וואָס יעדער פון זיי וואָלט אויף יעדן געביט געקאָנט א דור שפּייזן. אלץ איז געווען גרונדלייגענד, פונדאמענטאל, בארעכנט אויף עולמות. און אין צפון שפּאניען, וואו די קריסטן זענען שטארק געווען און די אראבישע שפּראך און קולטור איז ניט געווען פארשפּרייט, דאָרט

אַנטוויקלט זיך אַ גלענצנדיקע העברעאישע פּראָזע. אַ משנה־שפּראַך. זי ווערט אויך אָנגעווענדט אין צענטער־ און דרום־שפּאַניען, פון די, וואָס שרייבן לכתחילה זייערע ווערק אין דער העברעאישער שפּראַך.

און שטאָלץ זענען באַ זיך די שפּאַנישע אידן געגן זייערע ברידער אין אַנדערע לענדער. שטאָלץ מיט זייער גליק, שטאָלץ מיט זייער מאַטעריעלער און גייסטיגער מאַכט. גילט אָבער ניט אייביג די מאַכט — ווייל ניט אייביג גילט דאָס גליק. מיט איין יאָרהונדערט שפּעטער, און דער געבענשטער, שיינער באָדן הויבט זיך אָן צו וואַקלען הינטער זייערע פיס. אין עצם הויבט זיך אָן די וואַגלעניש ניט צוליב זיי. פאַרשיידענע רעליגיעזע רעכטונגען זענען פאַראַן אין מאַכמעדענטום. פאַראַן פרײדענקער און פאַראַן אָרטאָדאָקסן. קומט עס צו קאַמפן צווישן זיי ביידע. די פעסטע יסודות פונ׳ם איינהייטלאַכן קאָרדאָווער כאַליפאַט ווערן אַלץ שוואַכער. דער כאַליפאַט הויבט אָן זיך צו ברעקלען. קומען פאַר קאַמפן צווישן שטאָט און שטאָט. און ווער עס זיגט אויך, ליידן דערביי אידן. זיגט גראַנאַדאַ איבער סעוויליען, ליידט די סעווילישע אידישע קהלה. לכתחילה ליידן זיי בלויז מאַטעריעל. אָבער אַז די אָרטאָדאָקסיע זיגט, ליידן שוין די אידן אויך געוויסנס־פאַרגוואַלדיגונג. און אין 12טן יאָרהונדערט קומען אַריבער פון צפון־אַפריקע די פאַרווילדעטע אַלמאָהאַדן, נעמען איין דרום־ און צענטראַל־שפּאַניען, און שטעלן די אידן אַן אולטימאַטום: מחמד אָדער גלות. שמד אָדער עמיגראַציע. פיל שמד׳ן זיך, פיל אַנטלויפן קיין אַפריקע, פיל ראַטעווען זיך אויך קיין צפון־שפּאַניען, וואו קריסטן האָבן געבילדעט אַ מאַכט; פיל ווערן אויסגעהרג׳עט און פאַרקויפט פאַר קנעכט אויף די פאַרשיידענע מערק און יאַרידים... מיט פיר הונדערט יאָר צוריק זענען געקומען אַראַבער פון צפון־אַפריקע און האָבן געראַטעוועט די אידן פון דער וועסטגאָטישער הערשאַפט און ווירטשאַפט; איצט זענען געקומען אַראַבער פון צפון־אַפריקע, און אידן ראַטעווען זיך צו די וועסטגאָטן פון דער אַראַבישער הערשאַפט און ווירטשאַפט.

אָבער די רעטונג איז ניט פיל ווערט געווען. שוין אין עלפטן

יאָרהונדערט, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן אינ׳ם קאָר־דאָוועד כאַליפאַט, האָבן די קריסטן אין צפון אָנגעהויבן האָפן אויף רעוואַנש. אין 12טן יאָרהונדערט פילן זיי זיך גענוג שטאַרק און זעלבסטשטענדיג, אַז זיי זאָלן אָנהויבן פירן אַ זעלבסטשטענדיגע פּאָליטיק בנוגע זייערע אידן. אַ פּאָליטיק פון באַגרעניצונגען, ער־נידערונגען, פאַרגוואַלדיגונגען. זייער ערפינדעריש זענען זיי אפילו ניט. עס איז אויך דעמאָלט שוין כמעט מער ניט מעגליך צו ער־פינדן נייעס אויף דעם געביט. אָבער גרינדליך דורכפירן די אַלטע באַגרעניצונגען געניגט אויך.

אין דרום־שפּאַניען, אינ׳ם גראַנאַדער כאַליפאַט, פון וואַנען מ׳האָט אין צווייטן פערטל פון דרייצנטן יאָרהונדערט אַרויסגע־טריבן די אַלמאָהאַדן, איז עס אידן ווידער גוט געגאַנגען. די אַראַ־בער האָבן באַנייט זייערע פריינטלאַכע באַציאונגען צו אידן. און ווידער גייט אָן די אַלגעמיינע אָנשטרענגונג צו שטאַרקן די אַראַ־ביש־אידישע בירגערלאַכע פרייהייט. אָבער אין די קריסטלאַכע מלוכות, אין קאָרדאָוואַ, קאַסטיליען און אַראַגאָניע, גייט עס פון שלעכטן צו ערגערן. פון ערגערן צום אומערטרעגלאַכן. די קאַטוי־לישע קירך, מיט׳ן פּאַפּסט בראש, הערן ניט אויף צו זוכן און זיך צו באַמיען וועגן צופרידנשטעלן זייער באַרימהאַרציגן גאָט. און דעם באַרימהאַרציגן גאָט זייערן האָט באַפרידיגט נאָר איין זאַך — זיי האָבן עס געוואוסט אויף זיכער:

א געבראָטענער איד!

אויב דאָס איז נאָך דערווייל ניט מעגלאַך אויסצופירן —

א געפּייניגטער איד!

און פּייניגן אידן, זיי פאַרפינסטערן די טעג מיט די יאָרן, זיי אומזיכער מאַכן די לופט אפילו, וואָס זיי אָטעמען, אַרויסציען דאָס מינדסטע שטיקל באָדן פון אונטער זייערע פיס — דאָס איז געווען די איינציגע אויפגאַבע פון דער קאַטוילישער קירך בנוגע אונז אינ׳ם דרייצענטן און פערצענטן יאָרהונדערט. זי שטעלט־אויף דעם פּרינ־ציפּ, אַז „אידן ווערן בלויז געדולדעט אין די קריסטלאַכע מלוכות“.

איז געדרונגען דערפון, אז מ׳דאַרף דעם אידן האַלטן אָפּגעשיידט פון דער עפנטליכקייט, פון פאָלק, דורך באַזונדערע סימנים אויף די קליידער, דורך באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע קוואַרטאַלן. און קיין צוטרוי טאָר מען צו זיי ניט האָבן. אין קיין פּרט ניט. ניט צו זייער בילדונג, ניט צו זייער קלוגשאַפט. דער קריסט טאָר זיך ניט לאָזן היילן פון א איד. דער איד טאָר זיך ניט לאָזן באַדינען פון א קריסט. דעם אידנס וואָג און מאָס, האַנדל און מלאכה טאָר מען אויך ניט לאָזן עקזיסטירן. עס וואָלט אידן ווירקליך אוממעגליך געווען צו לעבן אויף דער וועלט, ווען די אַלע אויסגערעכנטע גזרות זאָלן געווען דורכגעפירט ווערן אין לעבן. אָבער אין רוב פאַלן איז דער „גוטער ווילן" פון דער קירך געבליבן אויפ׳ן פּאַפּיר. די מלכים אליין האָבן ניט געקאָנט אויסקומען אָן א אידישן דאָקטאָר און אָן א אידישן פינאַנץ־מיניסטער. דאָס איז געווען גענוג, אז אידן זאָלן האָבן א מליץ־יושר, א שתדלן און א פאַרטיידיגער געגן דעם קאַטוילישן, בלוט־דורשטיגן מאָנאַך, דעם שטאָטישן סוחר און בעל־מלאכה, און דעם פאַנאַטישן המון.

אין סוף 13טן און אָנהויב 14טן יאָרהונדערט האַלטן זיך נאָך אידן, ווי מ׳זאָגט, אויפ׳ן וואַסער. קאַסטיליען איז א אידישער צענטער. אידן פאַרנעמען מיניסטאָרן־שטעלעס. אידן פירן פּאָליטיק, אָבער אויך אינטריגעס. זיי נוצן אידן מיט דער רעכטער האַנט, און מיט דער לינקער ברענגען זיי שאָדן. אידן זאַמלען אָן גרויסע רייכטימער פון שטייערן־אָפּקויף. וואַקסט קנאה, חשדים, בלבולים קעגן די רייכע און קעגן זייער פאָלק. עס קומען־אויף משומדים־מוסרים, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אזוי פיל גיפט אין אונזערע באַציאונגען מיט די פעלקער, אז ער איז נאָך ביז איצט ניט אויסגעוועפּט. וואַקלט זיך די אידישע לאַגע פון קעניג צו קעניג, פון פּאַפּסט צו פּאַפּסט, און פון פּאַרטיי צו פּאַרטיי. זיי שטעלן אויך זייער וואוילשטאַנד אויף דער קאָרט. קריגן זיך פאַרטייען אָדער ברידער פאַר א טראָן, שטעלן זיך אידן אקטיוו אויף דער זייט פונ׳ם בעסערן. זיגט ער — האָבן זיי געוואונען. פאַרלירט ער — פאַרלירן אויך זיי. דער קאַמף צווישן די צוויי ברידער,

פעדראָ און הענריק פון קאַסטיליען, פאַר'ן טראָן (1355) האָט גע־קאָסט די אידן צוועלף טויזנט לעבנס פון פ ר י ד ל י כ ע איינ־וואוינער. דערצו א חורבן־פּאָגראָם. און פון דעם קאמף־אָן, וואו דער אידישער ש ו נ א האָט מנצח געווען, הויבט זיך אָן די ענטגילטיגע ירידה פונ'ם שפּאַנישן אידנטום. הגם אויך ער, דער זיגער, דער אידישער שונא, האָט צוויי אידישע מיניסטאָרן, און איינער פון זיי איז שמואל אברבנאל.

עס גייט אוועק אַ סדרה באַגרענצונגען, רעליגיעזע דיספּוטן — וואו דער איד מוז זיך היטן, ער זאָל חלילה ניט ארויסקומען קיין זיגער... — עס הויבט זיך אָן אן אמת'ער קריגס־צוג קעגן אידן. אין אים באַטייליגן זיך דערהויפּט קאַטוילישע גלחים, אין גאָט'ס נאָמען, נאַטירלאַך. חדשים לאַנג האָט מען אָנגעפירט אַ העצע קעגן אידן. אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע האָט מען געגרינדעט און שליחים זענען אומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען. אין אַ משך פון דהיטהאלבן חדשים האָט די פּאָגראָם־כוואַליע פארפלייצט גאַנץ שפּאַניען — געטראָגן פון בעלי־מלאכות, האַפן־ארבעטער און אידישע בעלי־חובות. די „סעווילער שחיטה" איז באַקאַנט אין דער געשיכטע. דער לאָזונג: ט ו י ט אָ ד ע ר צ ל ם! טויזנטער און טויזנטער נעמען איין דעם טויט. אָבער פיל טויזנטער שטרעקן אויס די האַנט צום צלם אין דער האָפנונג: „ס'וועט זיך איבערדרייען", און ווידער וועלן מיר ווערן אידנגלייך. אָבער דאָס מאָל איז זיי ניט געגאַנגען, ווי ס'גייט דער מענשן־טאָכטער, וואָס זאָגט: „היינט נאָר, איין קורצע שטונדע, וועל איך זינדיגן, נאָכדעם וועל איך ווידער זיין אזוי ערליך ווי געווען"... אָבער דאָס גילט ניט מער...

משומדים־מוסרים ברענגען דערצו, עס זאָל געשאַפן ווערן א באַזונדערע אויפזיכט אויף די געטויפטע לפנים, וואָס ברענגט סוף כל סוף צו שאפן (1420) די אינקוויזיציע ספּעציעל פאַר די מאַ־ראַנען. ווארים פון אָנהויב פּערצענטן יאָרהונדערט אָן האָבן שוין די רעגירונג און אפילו די פּריצים מורא צו שיצן אידן געגן דער גייסטליכקייט. עס ווערן באַנייט אלע באַגרעניצונגען, וואָס האָבן

ווען עס איז, וואו ס'איז געגאַלטן פאַר אידן. מען באמיט זיך זיי צו פאָלגן און רעאַליזירן. מען נעמט אָפּ בא אידן דאָס גאַנצע פאַר־מעגן זייערס, דאָס מאָל אפילו ערד־אייגנטום און מ'לאָזט זיי ניט עמיגרירן, כדי בא לית־ברירה, מיט'ן שטריק אויפ'ן האלז, זאָלן זיי אנערקענען די גרויסע ליבע פונ'ם גויאישן גאָט. משומדים, ווי יהושע הלורקי, פּאָוועל פון בירגאָס און אַנדערע זענען באַהילפיג מיט עצות. אין דער צייט האָבן זיך אויסגע'שמד'ט ביז 2 מ אָ ל ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז נ ט נ פ ש ו ת.

דאָס לאַנד ווערט פאַראָרימט. די מלוכה־קאַסע — רואינירט. אין האנדל און אינדוסטריע — אבלות'דיגער שטילשטאַנד. די מלכים זענען אומצופרידן. די פריצים אויפגערעגט. אָבער דער פּאַפּסט און זיין גאָט שיינען פון פרייד!

ז י י זענען באפרידיגט!

און אז ב אַ פ ר י ד י ג ט, גייט מען ווייטער אויפ'ן זעלביגן וועג. קוקט מען זיך אום אויף אַלע זייטן. באמערקט מען, אַז די אינקוויזיציע וועט ניט האָבן קיין ערפאָלג כל זמן אידן וועלן לעבן אין לאַנד לעגאַל. ווארים די לעגאַלע אידן שיצן און שטיצן די ניט־לעגאַלע, די לפנים'דיגע, די מאַראַנען. דאַרף מען פון די אידן פּטור ווערן. און פאַראייִנס — אויך שוין פון די רעשטלאַך אראַבער, מיט זייער גראַנאַדער כאַליפאַט. ריין זאָל ווערן דער פּלאַץ! און זאָלן די הייליגע, געטליכע בליקן פון אויבן ניט גע־שטרויכלט ווערן אָן די זינדיגע, אומגלויביגע אונטן. הויבט מען אָן דעם קאַמף געגן די אראַבער אין גראַנאַדער כאַליפאַט. און נאָכ־דעם ווי מ'האָט דאָרט געזיגט, שרייבט דער קעניג פערדינאַנד פון קאַסטיליען אונטער דעם דעקרעט וועגן ארויסטרייבן אידן פון קאַס־טיליען, אַראַגאָניען און סעווילען. ארויסטרייבן — און קיין שום ווערטזאַכן זאָלן זיי מיט זיך ניט ארויספירן.

אין 1492 קומט דער גירוש. אַן ערך פון פ ו פ צ י ג טויזנט אידן שמד'ן זיך און בלייבן אין לאַנד. אַן ערך פון ד ר י י מ אָ ל ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז נ ט אידן ווערן פאַרטריבן, אָרימע, באַ־רויבטע און באַ'גזל'טע. אין פאַרשידענע ריכטונגען, אין פאַרשי־

דענע וועלט־טיילן שפּרייטן זיי זיך פאנאנדער. די גרויסע צאָל זייערע ווענדט זיך קיין פּאָרטוגאַל (100,000) און טערקיי (60,000). אין דער טערקיי הויבט זיך פאר די אידן אָן א נײַ לעבן. דאָס אייגענע אויך אין האָלאנד. אָבער פון פּאָרטוגאַל האָט מען אויך אין גיכן די אידן ארויסגעטריבן.

אזוי האָט זיך אויסגעלאָזט די פופצן הונדערט־יעריגע אידישע געשיכטע אינ׳ם בעסטן פון אַלע לענדער.

פיל אומשעצבארע גיטער האָבן די ארויסגעטריבענע איבער־געלאָזט נאָך זיך: פעלדער און וויינגערטנער אין דאָרף. הייזער און פּאַלאַצן אין דער שטאָט. די צירונג פון פאָלק — אויף די בית־עלמין׳ס. די נאָענטסטע פריינד — אין די קאזעמאטן פון דער אינקוויזיציע און זייערע גע׳שמד׳טע ברידער — אין זייערע פארבאָרגענע, אונטערערדישע היילן. איז אָבער דאָס אַלץ, מיט דער צייט, מיט דורות, פארשוואונדן פון זכרון.

אָבער נאָך איינס האָבן אידן איבערגעלאָזט בא די טויערן פונ׳ם שיינעם, נאָר בלוט־געפּלעקטן שפּאַניען:

איידער זיי האָבן דעם לעצטן שפּאנישן שטויב אָפּגעווישט פון זייערע פיס, האָבן די ארויסגעטריבענע, מיט ספר־תורה׳ס אין די הענט, פייערליך געשוואָרן —

— קיינמאָל מער זיך ניט אומקערן אין דעם דאָזיגן בלוטיגן לאַנד אריין!

און די דאָזיגע **שבועה** געדענקען אידן ביז׳ן היינטיגן טאָג!

# ר ב י  י ה ו ד א  ה ל ו י

ר ב י  י ה ו ד ה  ה ל ו י — דער גרעסטער און נאַציאָנאַל־
סטער אידישער דיכטער, איז אויסגעוואקסן אין דער גאָלדענער
אידיש־אַראַבישער תקופה אין שפּאַניען. ער איז אויך דער זעלבסט־
שטענדיגסטער אידישער דענקער און פילאָזאָף פון יענער בליאונגס־
צייט. ער איז אָבער פאַר אונז ניט בלויז א גרויסע היסטאָרישע
ערינערונג, נאָר א  ל ע ב ע ד י ג ע ר  פאַקט איז ער אונז
אויך איצט. די אַן ערך אַכט הונדערט יאָר, וואָס ליגן צווישן זיין
צייט און אונזערער, האָבן אים ניט בלויז ניט דערווייטערט פון
אונז, נאָר האָבן אים פעסט איינגעוואָרצלט אין נאַציאָנאַלן באַ־
וואוסטזיין פון אידישן פאָלק. נאַציאָנאַלע ליידן און נאַציאָנאַלע
האָפנונגען האָט ער אין זיינע גרויסע דיכטונגען אויסגעדריקט. און
אין ליידן און אין האָפנונגען האָט אים דאָס פאָלק געדענקט. הונ־
דערטער יאָרן לעבט ער בלויז אין די קינות, וואָס אידן קלאָגן יעדן
תשעה באב אויפ׳ן חורבן פון פאָלק ישראל און אויפ׳ן חורבן פון
ארץ ישראל. און מיט׳ן וואוקס פון אונזער היסטאָריש־נאַציאָנאַלן
באַוואוסטזיין, מיט׳ן וואוקס פון אונזער שטרעבן צו נאַציאָנאַלער
זעלבסטשטענדיקייט אויף נאַציאָנאַלן באָדן — שטייט דער גרוי־
סער גייסט פון רבי יהודה הלוי לעבעדיג פאַר אונז, און זיין גייסט
באַנייט, דערפרישט און באַפליגלט אונזער, אים ווייטן דור, ווי קיי־
נער פון אונזערע נאָענטע דורות.

גבוירן איז ער אין טאָלעדאָ, צפון־שפּאַניען, אין יאָר 1080
אָדער 1086. לערנט ער דאָרט תלמוד אין דער ישיבה פון דעם
באַרימטן גאון יצחק אלפסי. און אז ער האָט אין די תלמודישע
למודים דערגרייכט א הויכע מדרגה, שיקט אים דער פאָטער זיינער
קיין קאָרדאָווא. דאָרט איז עס דער צענטער פון דער דעמאָלטיגער
קולטור. דאָרט שטודירט ער וועלטליך וויסן און ווערט א פילזייטיג
געבילדעטער און הויך־אנטוויקלטער מענש. ער איז א תלמודיסט,

א מעדיקער, אן אסטראָנאָם, א שפּראך־פאָרשער, א פילאָזאָף און דער עיקר — א דיכטער.

איך זאָג „דער עיקר" — ווייל שוין צו דרייצן יאָר שרייבט ער לידער, וואָס רופן ארויס באוואונדערונג בא אזוינע בארימטע פּאָעטן ווי משה אבן־עזרא איז דאן שוין געווען. „פון קאסטיליען, שרייבט אבן־עזרא, גייט־אויף א ליכט, וואָס וועט די גאנצע וועלט באַ־לייכטן". און ער האָט קיין טעות ניט געהאט.

נאָכ'ן ענדיגן זיין העברעאישן שטודיום קערט ער זיך אום צוריק קיין טאָלעדא. דאָ פארנעמט ער זיך מיט מעדיצינישער פּראקטיק, מיט ליטעראטור און מיט לעבן. וואָרים אויך פון לעבן געניסט ער אינאיינעם מיט יונגעלייט זיין גלייכן, פון ניט־אידישער אָפּשטאמונג. און א שטארקן זכר פון דעם לעבן זיינעם האָט ער פאראייביגט אין זיין ליטעראטור. איר האָט דאָרט לידער, וואו ער באזינגט די נאַ־טור, די ליבע, פרייען און אויך לויב־און טרויער־לידער וועגן פאַר־שיידענע פריינט. פון שיר־השירים אָן האָט די אידישע שירה ניט געקענט אזוינע ליבע־לידער, ווי זיי געפינען זיך בא רבי יהודה הלוי, אָבער פון תהלים־אָן געפינט איר ניט אין אונזער ליטעראטור קיין לידער וואָס זאָלן זיין אזוי טיף דורכגעדרונגען מיט ליבע צו גאָט און צו אידן ווי בא רבי יהודה הלוי. און פאר אלץ האָט ער אזוינע בולט'ע ווערטער, אזוינע פּלאַסטישע אויסדרוקן, בליציגע פארגלייכונגען און מייסטערהאפטע שילדערונגס־קראפט. ער איז בטבע א ראָמאנטיקער, אן אידעאליסט. און א לירקער לויט זיין טאלענט. און א געזונטער, נאָרמאלער טאלענט איז ער. זוכט ער הארמאָניע אין דער וועלט, אין דער געשיכטע, אינ'ם מענשלאַכן דענקען. און אין צענטער פון דער וועלט, ווי אין צענטער פון דער געשיכטע, שטייט אים דאָס אידישע פאָלק. שוין אין זיינע ל י ב ע־לידער קלינגט אַ טרויעריגער נאַציאָנאַלער טאָן. און מיט דער צייט ווערט אָט דער טאָן דער ג ר ו נ ט־טאָן פון זיין גאנצער דיכטונג. אפילו זיין גליקליכע היים שאפט א שווארץ־טרויער קלייד פאר זיין מוזע. ער זעט־צו די שטענדיגע קאמפן צווישן די קריסטן און מאכ־מעדאנער, די שטענדיגע רייסערייען צווישן די פארשידענע סעקטן

א י ן קריסטנטום, ווי אין מאכמעדאנענטום, און ווי יעדער קאמף טרעפט דעם אידן — און ער קומט צו דער איבערציייגונג, אז „ניטא קיין האפן ניט אין מערב, ניט אין מזרח, וואו מיר וואלטן קאנען רו געפינען. וועט מחמד מנצח זיין, אדער אדום וועט געווינען די אויבערהאנט — מיין גורל איז איינער — ליידן". די ליידן ווערן אים געלינדערט נאר דורכ'ן געפיל, אז „גאט, דער קוואל פון ליכט און לעבן און גליק, געפינט זיך ניט א ו י ס ע ר אונז, נאר אין אונז". דאס דאזיגע געפיל ברענגט אים צום העכסטן רעליגיעזן עקסטאז. זיין לעבן ווערט פארוועבט אין לעבן פון פאלק, זיינע האפנונגען, מיט די האפנונגען פון פאלק, און זיין טרייסט מיט דעם טרייסט פון פאלק. די אמונה אין משיח'ן איז בא אים דער טייטש: אז אידן וועלן זיך אומקערן קיין ארץ־ישראל. און „ירושלים וועט ווירקליך געבויט ווערן, ווען אידן וועלן בענקען דערצו מיט דער העכסטער בענקשאפט, אזוי, אז אפילו אירע שטיינער און איר באדן וועט זיי ליב זיין". און דאס מ ו ז געשען און דאס ו ו ע ט געשען — ניט קוקנדיג דערויף ווי לאנג און אין וואסערע באדינגונגען אידן וועלן לעבן צווישן די פעלקער. „ווארים דאס אידישע פאלק אין גלות איז דאס אייגענע, וואס דאס תבואה־קערנדל אין דר'ערד. עס דוכט זיך, אז עס איז פארפוילט, צעפאלן יעדער עלעמענט אין אים באזונדער און זיך אויסגעמישט מיט די עלעמענטן וואס ארום אים. אבער אין אמת'ן פארמאגט דאס תבואה־קערנדל דעם כח איבערצואנדערשן די עלעמענטן, וואס ער קומט אין בארירונג מיט זיי און זיי פאראיידלען און אויפהויבן צו ז י י ן מדרגה". דערפאר זענען אידן אייביג, ווי דער הימל און די ערד איז אייביג. אבער די אייביקייט באקומט זין און מאכט, אויב זי ווערט געשטיצט אויף ארץ־ישראל. ארץ־ישראל איז אים דער צענטער פון אידישן לעבן און אידישן שאפן — און דאס איז זי אויך פאר אים פערזענלאך. ארץ־ישראל איז אים דער צענטער פון דער וועלט. דער איינציגער פונקט, וואו די געטלאכקייט האט זיך אם העלסטן אנטפלעקט, וואו מענשן האבן דערגרייכט די הויכע מדרגה פון נבואה. און אויך ער אליין דערגרייכט דעם

העכסטן פּאָעטישן פלוג זיינעם אין זיינע לידער וועגן ארץ־ישראל. זיין בענקען אהין איז טיף ווי דער תהום, הויך ווי די הימלען. א פּאָר מוסטערן:

ער זינגט (איבערזעצט פון ביאליק):

בענקסטו אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע,
בענקען?
ווילסט אויך, ווי זיי פון דיר, א ליבן גרוס באקומען?
דאָ האָסטו אים! א גרוס פון נאָענטע און ווייטע!
אין הארצן דורות־לאנג געוואַרימט, טראָגט אים
פון אַלע עקן וועלט, דורך ימים און מדברות,
צו דיר אין שוים איין עלנד קינד דיינס, איינער
פון די וואָס זאַפּן אָן, ווי טוי דיין חרמון,
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיגע טרערן
און שטאַרבן אין דער פרעמד פארליבטע און פארבענקטע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואו נעמט מען פליגל?! שטיקערווייז וואָלט איך מיין הארץ
ווייט, ווייט צעווישן דיינע בערג פּאַרטראָגן,
כ'וואָלט צוגעפאלן צו דיין ערד, כ'וואָלט אויסגעקושט
איר יעדן פוסטריט, יעדער שטיינדעלע באזונדער,
און אומגעוואנדערט וואָלט איך טאָג און נאכט
א נאקעטער, א באָרוויסער אויף דיינע חורבות.
כ'וואָלט מיט מיין שטעקן אויסגעמאָסטן אלע קברים,
מיט דיין נשמה־לופט זיך אָנגעאטעמט,
זיך איינגעוויקלט אין דיין זיסן שטויב,
און ביז צום בלינד־ווערן באַוויינט דיין חורבן, ציון...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'וויל זען, אָ, גרויסער גאָט, נאָר איין שטראַל ליכט,
נאָר איין שטראל ליכט פון יענעם מאָרגנשטערן,
וואָס ד אַ ר ף, וואָס מ ו ז אמאָל נאָך העל און ליכטיג

זיך אָנצינדן אויף ציון'ס בלויען הימל,
באַנייען און באַפרישן זי מיט יוגנט...
גענוג. איין זימן חלום לאָז מיך זען נאָך
און אויסגיין מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

דאָס שטענדיגע בענקען מאכט אים ענג דאָס לעבן אין טאָלעדאָ. ער ציט ארויס פון דאָרט און באזעצט זיך אין קאָרדאָווא — דער צענטער פון גרויסע אידישע געלערנטע. אָבער אויך דאָ בארואיגט ער זיך ניט. די הייסע ליבע און גלויבן אין גאָט, די טיפסטע איבערגעבנקייט צום אידישן פאָלק, רייסן ארויס פון זיין ברוסט אומשטערבלאכע נאציאָנאַל־רעליגיעזע טענער. די אידישע פארגאנגנהייט איז אים דאָס גרעסטע וועלט־וואונדער. די אידישע געשיכטע, תורה — אַלס פרוכט פון דער געשיכטע — שפּראַך, ארץ־ישראל, גלויבן, דאָס אַלץ איז אים איין גוס. דאָס אַלץ זענען די באשטאַנד־טיילן פון זיין נאציאָנאלער נשמה — ווייל דער מהות פון דער פאָלקס־נשמה, פון גאנצן אידנטום, די תורה און די נבואה — דאָס איז דאָס העכסטע, וואָס לעבנדיג אין זייער גייסט, קאָן אַ אידן גליקלאך מאכן. אָבער דער נ י ט ־ איד קאָן אויף ז י י ן שטייגער גליקלאך זיין. פאַר דעם נ י ט ־ אידן איז די עכטע פילאָזאָפיע אַ גליק — זי ברענגט אים צו דערקענען די געטלאכע האַנט און די געטלאכע פאַרנונפט אין דער וועלט. אָבער דער איד דארף ניט דאָס אַלץ דערגרייכן ערשט דורך דער פילאָזאָפיע. ער דערגרייכט דאָס אַלץ דורך דער אמונה, דורך דער תורה, דורכ'ן שטיין ביים בארג סיני, דורך דער נבואה — די העכסטע מדרגה פון דערקענען איבערמענשליכעס, צו וועלכער מענשן זענען מסוגל. אָבער די נבואה איז מעגלאַך געווען בלויז בא א י ד ן — וואָס באַשטייען פונ'ם געטלאַכן אויסוואַל, וואָס ער האָט געוויילט די בעסטע פון דער מענשהייט, די בעסטע פון דור און דור, פון משפחה. און זי איז מעגלאַך געווען בלויז אין ארץ־ישראל — דער צענטער פונ'ם מענשלאַכן ישוב, דער באָדן פון אַלע מענשלאַכע רעליגיאָנען. און זי איז מעגלאַך בלויז אין

ה ע ב ר ע א י ש — די שפּראַך, אין וועלכער גאָט האָט גערעדט מיט אָדם־הראשון און וועלכע האָט איר אייגנאַרטיגע גראַמאַטיק און אירע אייגענע שפּראַך־פאָרמען. דערפאַר האַלט ער עס פאַר אַן עולה פון די העברעאישע פּאָעטן אין זיין צייט, וואָס באַנוצן די אַראַבישע דיכטונגס־פאָרמען אַנשטאַט צו באַנוצן די העברעאישע.

אָבער דאָס אַלץ גייט שוין אַריבער ווייט איבער די גרעניצן פון בלויזער ריכטונג. די דאָזיגע אָנגערירטע פראַגן ווידמעט ער זיין לעבנס־ווערק, געשריבן אין אַראַביש און פון אַנדערע איבער־געזעצט נאָכדעם אין העברעאיש. דאָס דאָזיגע ווערק הייסט „הכוזרי", אָדער ווי אידן רופן דאָס „דער כוזרי".

דאָס באַקאַנטע פּראָבלעם וועגן פאַראייניגן די תורה מיט דער חכמה, דעם גלויבן מיט דער פילאָזאָפיע, די אמונה מיט דער השכלה און ד. ג., וואָס האָט באַשעפטיגט אַזוי פיל גרויסע אידישע פילאָ־זאָפן פאַר אים און נאָך אים, האַלט ער פאַר נאַריש. פּונקט ווי איינער וואָלט עס זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַראייניגן הימל און ערד, פייער און וואַסער. ער אונטערשטרייכט דעם טיפן חילוק צווישן פילאָזאָפיע און פּסיכאָלאָגיע, צווישן דענקען און פילן, איבערטראַכטן און איבערלעבן, געדאַנק און געמיט. און איבער־צייגט איז ער, אַז זיי לאָזן זיך ניט פאַראייניגן. און ווייל דער קוואַל פון ריינעם גלויבן איז אין האַרצן, ניט אין מוח, אין געפיל און ניט אין שכל, אין געמיט און ניט אין געדאַנק, און ווייל דער קוואַל פון פילאָזאָפיע איז אין מח, ניט אין האַרצען; אין שכל, ניט אין געפיל; אין געדאַנק, ניט אין געמיט, דערפאַר לאָזן זיי זיך קיינמאָל ניט פאַרבינדן. און דערפאַר זענען אומגערעכט די ניט־אידישע פילאָזאָפן און די אידישע פילאָזאָפן, וואָס גייען זיי נאָך, וועלכע מיינען, אַז בלויז דער פילאָזאָף קאָן דערגרייכן צום אמת'ן גלויבן און אויפפאַסן דעם גאָט־באַגריף. פילאָזאָפיע און אמונה שטיצן ניט איינע די אַנדערע, נאָר שוואַכן־אָפּ איינע די אַנדערע. און קיינמאָל האָט פאַר אים ניט עקזיסטירט די פראַ־גע — וועמען קומט די בכורה: דעם שכל צי דעם געפיל? וואָרים אים איז שטענדיג קלאָר געווען, אַז דאָס געפיל טראָגט אין זיך

דעם מענשנס גליק, זעטיגט דעם מענשנס הונגער נאָך גייסטיגער רו. דער גלויבן נערט און זעטיגט דעם געפיל. „די פילאָזאָפיע פאַרמאָגט אָבער בלויז בליעכץ, אָבער ניט קיין פּירות". מיט וואָס־זשע קאָן זי דען זעטיגן דעם מענשן?

און ניט בלויז דער גאָט־באַגריף. אפילו באפעלן פון דער פאַרנונפט, פונ׳ם שכל האָבן מער קראַפט און ווירקונג, אויב זיי זענען דורכגעוואָרימט מיט׳ן „באוואוסטזיין פון געפיל"—ס׳הייסט: ווען דאָס האַרץ אנערקענט זיי. צי ווערט דען א מענש געשטאַרקט אין זיין גלויבן דורך פילאָזאָפישן פלפול? ברענגט דען די פילאָזאָפיע אַרויס נ י י ע באַווייזן פאַר׳ן גלויבן, וואָס דאָס גלויבן אליין האָט ניט? די אַלע פילאָזאָפישע ריידערייען און חקירות וועגן גלויבן דערמאָנען אים נאָר „יענע מענשן, וואָס שרייבן גאַנצע ביכער וועגן דער ט ע אָ ר י ע פון שירים שרייבן און פון פּאָעטישן שאַפן. די ביכער שרייבן זיי מיט גרויס פּאַטאָס, אין הויכע טענער און מיט זייער געניטער קענטשאַפט. נאָר קיין פּאָעזיע איז דאָס ניט. אָבער דער אמת׳ער פּאָעט אינטערעסירט זיך ניט מיט קיין טעאָריעס. ער שאַפט פון פולן האַרצן אַרויס, ווי זיין זשעני דיקטירט אים". און דאָס אידישע פאָלק, וואָס האָט אין זיין געשיכטע איבערגעלעבט די געטליכע ענטפּלעקונג — ער האָט ניט נויטיג די פילאָזאָפישע חקירה כדי צו באַגרייפן די געטליכקייט. ניט ל אָ ג י ש, נאָר פּסיכאָלאָגיש באַגרייפט ער גאָט און זיינע איינגעשאַפטן — צושטאַנדן פון דער געטליכער אקטיוויטעט אין דער וועלט. און דערביי איז קיין חילוק ניט צווישן שכל און שכל, נשמה און נשמה. יעדער קאָן באַגרייפן די העכסטע אמת׳ן לויט זיינע כחות. און יעדן שטייט־פאַר אומשטערבליכקייט. וואָרים וואו איז דען די מאָס, לויט וועלכער מ׳זאָל קאָנען באַשטימען וויפיל וויסן א מענש האָט נויטיג כדי צו זיין אומשטערבליך?

פון דער זיכערסטער קוועלע האָט דער איד געשעפּט דאָס געניווע וויסן וואָס ער האָט צו טאָן, ווי זיך אויפצופירן, כדי גליקליך צו זיין, כדי אומשטערבליך צו זיין. און דאָס ווערט ערוואָרבן ניט דוקא דורך תעניתים און פייניגונגען, נאָר אויך דורך עסן און

טרינקען און ניט־איבערטריבענעם פארגעניגן. לעבט ער אזוי, פירט ער זיך אויף אזוי, איז אויך אין גלות זיין עקזיסטענץ געזיכערט. ווארים ווי דאס הארץ צווישן די אנדערע גלידער, אזוי איז דאס אידישע פאלק צווישן די איבריגע פעלקער. עס איז לייכטער מסוגל קראנק צו ווערן, אבער מיט זיין נאטירליכער קראפט שטויסט עס אפ פון זיך אלץ וואס אים איז געפערליך. ווי דאס הארץ פילט און ליידט די קראנקהייטן פון אלע אנדערע גלידער, אזוי ליידט אויך דאס אידישע פאלק פון די אנדערע פעלקער, אויב עס וויל זיך גלייכן מיט זיי...

אבער אויך דאס פילאזאפירן באפרידיגט אים ניט. און אויך אין קארדאווע ווערט אים ענג. קיין ארץ־ישראל בענקט ער. „מיין הארץ איז אין מזרח און איך בין אין סוף מערב“ — ווי־זשע קאן מיר דאס לעבן איינגיין? אן ערך זעכציג יאר אלט באשליסט ער אריבערצופארן קיין ארץ־ישראל. קרוב צו 1141 פירט ער אויס זיין באשלוס. ער פארלאזט זיין איינציגע טאכטער מיט איר קינד, פארלאזט זיינע פריינד און פארערער און לאזט זיך אין וועג ארייז. זיין רייזע דורך שפאניען איז אן אמת'ע קעניגליכע טראיומף־רייזע. די גרעסטע ווי די קלענסטע אידישע קהלות, די פארשטייער ווי דאס פאלק מאכן אים א גרויסן קבלת־פנים. און אויפ'ן שיף שוין צופלאקערט זיך ערשט רעכט זיין אומגעדולדיג בענקען צום לאנד פון די אידישע האפנונגען. זיינע ים־לידער זענען קלאסיש ביז אויפ'ן היינטיגן טאג. אין אידישער איבערזעצונג פארמאגן מיר, לײדער, זייער ווייניג פון זיי. א קורצער ביישפיל בלויז:

כ'האב פארגעסן אלע ליבסטע,
כ'האב פארלאזט מיין אייגן הויז;
כ'האב דעם ים זיך אפגעגעבן:
טראג מיך, ים, צום מוטער'ס שויס.

— — — — — — — — — — — —

אנגע'ברוגז'ט האט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט —

פלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער וויגט זיך שוין און ברומט.

און אָט לויפן שוין אַנטקעגן
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים
כוואַליעס-לייבן, כוואַליעס-שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום.

אָט האָט זיך אַ מאָל געעפנט,
אָט שטייט-אויף אַ הויכער באַרג —
פלאַטער, זעגל! בויג זיך, מאַסט-בוים!
דו, מיין האַרץ, בלייבסט פעסט און שטאַרק.

האָסט אַ גרויסן גאָט אין הימל,
ימים שפּאַלט ער מיט זיין האַנט;
אויף זיין פליגל, מיט זיין שטורעם
טראָגט ער דיך צום ליבן לאַנד.

— — — — — — — — — — — —

ווי שאָף צעשפּרייט, די קליינע כוואַליעס
שטיל וויגן זיך אין לייכטן דרימל.
עס ציטערן אין ים די שטערן —
ווער איז דאָ ים און ווער איז הימל?

צוויי ים'ען שלאָפן דאָ צוזאַמען
צונויפגעלייגט, ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אינמיטן שלאָפט ניט:
מיין האַרץ מיט זיינע נייע לידער.

(איבערז. ביאליק).

און אַזוי זינגענדיג און בענקענדיג איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל. און די לעגענדע דערציילט: שטעלנדיג אַ פוס אויף

דעם הייליגן באָדן, וועלכן ער האָט אזוי געגאַרט צו זען, איז ער אריינגעקומען אין אזא עקסטאַז, אז ער האָט צעריסן זיינע קליי־דער, אויף די קני איז ער געקראָכן איבער די שטיינער און געקלאָגט זיין אומשטערבליך קלאָג־ליד:

בענקסט אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער־ציון?

א סאַראַצענער איז גראָד פאַרבייגעפאָרן רייטנדיג און געזען ווי א איד גייט־אויס פון ליבע צו זיין הייליג לאַנד, און מיט די פיס פון זיין פערד האָט ער אים צעטראָטן. רבי יהודה הלוי איז געבליבן טויט אויפ׳ן אָרט.

און קיין מענש ווייסט ניט וואו זיין געביין איז אהינגעקומען ביז אויפ׳ן היינטינגן טאָג!